# גי דע מאָפּאַסאַן'ס

## געזאַמעלטע ווערק

איבערזעצט פון

## לעאָן קאָברין.

# IX.

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס“
175 איסט בראָדוויי, ניו יארק
1918

# אינהאלטס-פערצייכניס:

# דער האָרלאַ.

. . . . . . . . . . . .

8 מ אַ י — וואָס פאַר אַ שעהנער טאָג! דעם גאַנצען פריה־מאָרגען בין איך געלעגען אויסגעצויגען אויף די גראָז פאַר מיין הויז, אונטער דעם ריזיגען פלאַנטאַן־בוים, וואס מיט זיינע מעכ־טיגע צווייגען בעשאָטענט ער און פערשטעלט עס אין גאַנצען.

איך ליעב די דאָזיגע געגענד, איך פיהל זיך צוגעבונדען צו איהר, ווייל דאָס זיינען מיינע וואָרצלען, די טיעפע, צאַרטע וואָרצ־לען, וואָס האַלטען דעם מענשען צוגעבונדען צו דעם באָדען, וואו זיינע עלטערען זיינען געבאָרען און געשטאָרבען, צו זייערע טראַ־דיציאָנען, זיטען, צו זייער אַרט דענקען, זייערע בעזונדערע שפּיי־זען, צו דעם בעזונדערען לשון און בעטאָנונג פון די דאָרטיגע פויערים, צו דעם גערוך פון דער דאָרטיגער ערד, צו די דאָרטיגע דערפער און זאָגאַר צו דער דאָרטיגער לופט.

איך האָב ליעב דאָס הויז, וואו איך בין אויסגעוואקסען. פון מיינע פענסטער קאָן איך זעהן די סיינע, וואס פליסט פערביי מיין גאָרטען איבער'ן וועג, די גרויסע, ברייטע סיינע, וואָס לויפט צו רועך און האַוור, און איבער וועלכער שיפען טראָגען זיך.

דאָרט אונטען ליעגט רועך, די גרויסע שטאָדט מיט די בלויע דעכער, מיט די שפּיציגע, גאָטישע טהורמס. אַ סך טהורמס זיי־נען דאָרט, נישט צום איבערצעהלען, שמאָלע און ברייטע, און העכער פון זיי אַלע איז דער צינענער שפּיץ פון דער קאַטהעדראַל. אַ סך גלאָקען קלינגען דאָרט און ווען דער פריה־מאָרגען איז שעהן, הער איך דאָ ביי זיך זייערע מעטאַלענע שטימען, אמאָל שטאַרקער און אמאָל שוואַכער, נאָך דעם וועטער נאָך.

זוי שעהן עס איז געוועזן היינט אין דער פריה!

אַזעלכער עלף איז פערביי מיין גאָרטען פערבייגעלאָפען א לאַנגער צוג פון שיפען, געשלעפּט פון א דאַמפּף־שיף, ווי א פליעג די גרויס, וועלכער האָט זיך בעוועגט מיט די לעצטע קרעפטען און ארויסגעלאָזט א דיקען רויך.

דערנאָך זיינען פערבייגעפאָהרען צוויי ענגלישע שיפען מיט רויטע, פלאַטערנדיגע פאָהנען און א שטאָלצער בראַזיליאַנישער דריי־מאַסטער, א ליכטיגער, א ווייסער און א זויבערער. איך האָב געגריסט צו איהם, איך ווייס ניט פאַרוואָס, סיידען אפשר דער־פאַר, ווייל דאָס שיף איז מיר אזוי געפעלען געוואָרען.

12 מ אַ י — זייט א פּאָר טעג האָב איך אביסעל פיעבער. איך פיהל זיך אַזוי עלענד און טרויעריג.

פון וואַנען נעהמען זיך די דאָזיגע מערקווירדיגע איינדריקע, וואָס פערוואַנדלען אונזער גוטע שטימונג אין טרויער, אונזער האָפנונג אין פערצווייפלונג? מען קאָן מיינען, אז די לופט, די אונזיכטבארע לופט, איז פול מיט געהיימע קרעפטען, וועלכע מיר קענען ניט.

אָט שטעה איך אויף אין דער־פריה גאָר מונטער און פרעה־לאַך, אַזוי פרעהלאַך, אז איך וואָלט, דוכט זיך, נור געזונגען. וואָ־רום? איך נעהם דערנאָך א קורצען שפּאַציר ארום טייך, און פּלוצים קעהר איך זיך צוריק אהיים אין אַזאַ געדריקטער שטימונג, אַזוי ווי דאָרט ביי מיר אינ'ם הויז וואָלט עפּעס אַן אונגליק אויף מיר געוואַרט. וואָרום? זאָל עס מעגליך זיין, אז אַ קאַלטער לופט־הויך האָט עס אַזוי מיינע נערוועז צורודערט, בעת ער האָט מיין הויט געגלעט? צו האָבען אויף מיינע נערוועז אַזוי גע־ווירקט די וואָלקענס, זייער פאַרם, די פאַרבען פונ'ם הימעל, די קאָלירען פון אַלע זאכען ארום, די קאָלירען, וועלכע בייטען זיך נאָכאַנאַנד? ווער קאָן עס וויסען? אַלצדינג, וואָס איז ארום אונז, אַלצדינג, וואָס מיר זעהען אונבעוואוסטערהייט, וואָס מיר בעריהרען אונבעוואוסטערהייט, יעדע זאַך, וואָס טראָגט זיך פער־ביי אונז, מאַכט אויף אונז, אויף אונזערע חושים, און דורך זיי

אויף אונזערע גערדאנקען, אויף אונזערע געפיהלען, א פּלוצימדיגען, איבערראשענדיגען און אן אונערקלערליכען איינדרוק.

א טיעפע געהיימניס איז דאָס אונזיכטבארע. מיט אונזערע שוואכע חושים קענען מיר עס ניט פערנעהמען. און אונזערע אויגען קענען ניט זעהן ניט דאָס צו קליינע, ניט דאָס צו גרויסע, ניט דאָס צו נאָהענטע און ניט דאָס צו וויטע, ניט די בעוואָהנער פון די שטערן און ניט דאָס לעבען אין א וואסער־טראָפּען. אונזערע אויערען נארען אונז אָפּ, וועיל זיי גיבען אונז איבער דאָס ציטערן פון דער לופט אין שטארקע טענער. אונזערע חושים זיינען פעען, וואס בעווייזען וואונדער, פערוואנדלענדיג א ציטער פון א הויך אין א שטארקען גערויש, ארויסברענגענדיג אזוי פון דעם שטומען וועבען פון דער נאטור הארמאָנישע מוזיק. דאס אייגענע איז מיט אונזער חוש צו שמעקען, וועלכער איז שוואכער ווי ביי א הונד, און מיט אונזער געשמאק, וועלכער קאן קוים בעשטימען דעם אלטער אונטערשייד אין וויינען.

אָה, ווען מיר וואָלטען אנדערע אָרגאנען געהאט, וויפיעל אנדערע נייע, וואונדער זאכען מיר וואָלטען דעמאָלט ארום אונז דערזעהן!

16 מ א י — איך בין אויף אן אמת קראנק. לעצטען מאָנאט האָב איך זיך געפיהלט אזוי גוט און היינט בין איך קראנק. איך האָב פיעבער, א שרעקליך פיעבער, אדער בעסער, איך פיהל זיך שטארק נערוועז און דערפון ליידעט מיין נשמה ניט ווענינער ווי מיין גוף. איך קען זיך ניט בעפרייען פון א שווערען פּאָרגעפיהל, וואָס דריקט מיך נאָכאנאנד, אָהן אויפהער, א פארגעפיהל וועגען עפּעס א שרעקליכען אונגליק, וואס ערווארטעט מיך, אדער וועגען מיין טויט. עס איז קיין ספק, איך לייד פון אזא חלאת וואס האָט נאָך ניט קיין נאָמען און וועלכע ליעגט אין מיין פלייש און בלוט.

18 מ א י — איך האָב נור וואָס געזעהן מיין דאָקטאָר, וועיל איך קען מעהר ניט צומאכען מיט אן אויג. ער האָט געפונען, אז מיין פולס שלאָגט צו שנעל, די שווארץ־אפּעל פון די אויגען זיי־

נען אַביסעל גרעסער, ווי געוועהנליך, און די נערוועו זיי־
נען אויפגערעגט. קיין געפאהר, אָבער, איז ניטאָ. ער האָט מיר
געהייסען נעהמען טוש־בעדער און בראָם.

25 מאי — קיין ענדערונג איז ניטאָ. מיין צושטאַנד
איז אַ מערקווירדיגער: קומט אָן די נאַכט, בעפאלט מיך עפּעס
אַן אונרוהע, אַזוי ווי די נאַכט וואָלט אַ שרעקליכע געפאהר פאַר
מיר פערבאָרגען. שנעל שלינג איך ארונטער מיין עסען, דערנאָך
פּרוב איך לעזען, אָבער איך פערשטעה קיין וואָרט פון דעם, וואס
איך לעז, איך קען קוים די בוכשטאַבען אונטערשיידען. איך טהו
זיך אַ לאָז איבער'ן צימער, לויף הין און צוריק, לויף און לויף,
און דערביי דריקט מיך אַ מאָדנע אנגסט, די אנגסט שלאָפען צו
געהן, די אנגסט פאַר דעם בעט.

אַזייגער צעהן געה איך אריין אין מיין שלאָף־צימער. אַזוי
גיך ווי איך בין דאָרט, שליס איך און ריגעל צו די טיר. איך
האָב מורא. פאַר וועמען, פאַר וואס? ביז איצט האָב איך פאַר
קיין זאַך ניט מורא געהאַט, איצט אָבער, איצט... איך עפען
אויף די שראַנקען, קוק אונטער מיין בעט, קוק און זוך און הער
זיך צו — וואָס — ווען?... איז עס ניט מאָדנע, וואס אַ קליינע
אונאָרדנונג אין דעם בלוט, צי אין דעם מאָגען, צי אין דעם נער־
ווען־צענטרום, איין קליינער פעהלער אין דעם אונפאָלקאָמענעם
און צאַרטען גאַנג פון אונזער לעבענס־מאַשין, קאָן מאַכען פון
דעם לוסטיגען מענשען אַ טרויעריגען, פון דעם מוטהיגען — אַ
פייגלינג? דערנאָך לעג איך זיך אריין אין בעט און וואַרט אויף
דעם שלאָף, ווי אויף דעם הענקער. איך וואַרט אויף איהם און
שוידער. מיין הארץ קלאַפּט, מיינע קניע ציטערען, מיין גאַנ־
צער קערפּער שוידערט, כאָטש איך ליעג אונטער ווארימע קאָל־
דערס, ביז איך פאַל פּלוצים אריין אין דעם שלאָף, ווי איינער,
וואָס ווארפט זיך אריין אין וואסער, אום זיך צו דערטרינקען. דער
פריהערדיגער רוהיגער שלאָף קומט שוין מעהר ניט צו מיר. דער
היינטיגער שלאָף איז ניעדערטרעכטיג, ער בעהאַלט זיך פאַר מיר,
לויערט אויף מיר, ווי אַ רויבער. און פּלוצים טהוט ער מיך אַ כאַפּ

אָן ביים גאַניק, דריקט מיר די אויגען צו און איך בלייב ליגען, ווי א דער׳הרג׳עטער.

איך שלאָף לאַנג — צוויי אָדער דריי שטונדען — דערנאָך הייב איך אָן צו חלום׳ן, אָדער ריכטיגער — איך הויב זיך אָן צו פּיהלען, ווי אין א שווערען קאָשמאַר. איך פּיהל קלאָר, אז איך בין אין בעט און שלאָף, איך פּיהל עס, איך וויים עס און איך וויים אויך, אז עמיצער גנב׳עט זיך צו מיר, קוקט אויף מיר, בעטאַפּט מיך, קריכט אויף מיין בעט, זעצט זיך מיט די קניע מיר אויף דער ברוסט אַרויף, נעהמט אריין מיין האלז צווישען זיינעביידע הענד און דריקט מיט אַלע קרעפטען, אום מיך צו דערשטיקען. איך ווערה זיך, וויל זיך א ריהר טהאָן און קען ניט, וויל שרייען און קיין קול איז ניטאָ, ווענד אָן אַלע מיינע קרעפטען, אום ארונטערצוואווארפען פון זיך די מורא׳דיגע בעשעפעניש, וואס וויל מיך דערשטיקען, אָבער איך קען ניט, איך קען ניט.

און פּלוצים כאַפּ איך זיך אויף, צושראָקען, צוטומעלט, בעגאָסען פון שוויים. איך צינד אָן א ליכט, קיינער איז ניטאָ, איך בין אליין אין צימער.

נאָך דעם דאָזיגען קאָשמאַר, וואס בעפאַלט מיך יעדע נאכט, שלאָף איך צולעצט רוהיג ביז צום בעגינען.

2 י ו נ י — מיין צושטאַנד איז ערגער. וואס טהוט זיך עס מיט מיר? בראָם העלפט ניט, די טוש־בעדער העלפען אויך ניט. איך האָב געפּרובט געהן לאַנגע שטרעקעס איבער׳ן וואלד פון רומער, געוואָלט נאָך מעהר אויסמאַטערען מיין אויסגעמאַטערטען קערפּער, געהאָפט, אז די פרישע, לינדע, שמעקענדיגע לופט, וועלכע איז אָנגעזאַפּט מיט גראָז און בלעטער־דופט, וועט אריינגעבען נייעם לעבען אין מיין בלוט, פרישע ענערגיע אין מיין הארצען. און איינמאָל בין איך געגאַנגען אזוי איבער׳ן וואלד צווישען צוויי ראָנדען ריעזיגע ביימער, וואס האָבען מיט זייערע געדיכטע, שווארצע שפּיצען פערשטעלט פון מיר דעם הימעל.

פּלוצים האָב איך א שוידער געטהאָן, ניט פאר קעלט, נור פאר שרעק.

איך האָב גענומען געהן שנעלער, ווייל איך האָב מורא גע־האַט צו זיין אליין אינ'ם וואלד, מורא געהאַט אָהן אַ פאַרוואָס, אין דער ארומיגער טיעפער שטילקייט.

און מיט אַמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז עמיצער געהט מיר נאָך, איז הינטער מיר נאָהענט, נאָהענט, אַז אָט־אָט דער־פיהל איך זיין בעריהרונג.

איך האָב זיך שנעל אומגעדרעהט. קיינער ניט. איך בין אליין. הינטער מיר האָב איך נור געזעהן די גלייכע און ברייטע אַלעע צווישען די הויכע ביימער. שטיל איז דאָרט געווען, שרעק־ליך שטיל. און פאַר מיר, ווי ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט, האָט זיך געצויגען די אייגענע אַלעע און דאָרט איז אויך גע־ווען אזוי שרעקליך שטיל, אזוי מורא'דיג.

איך האָב צוגעמאכט די אויגען. פאַרוואָס? דערנאָך האָב איך זיך גענומען שנעל דרעהען אויף דעם אָבזאַץ, ווי אַ רעדעל. איך בין שיער געפאַלען און האָב געעפענט די אויגען, די ביי־מער האָבען געטאַנצט פאַר מיר, די ערד האָט זיך געוויעגט אונ־טער מיר, איך האָב זיך געמוזט זעצען. דערנאָך האָב איך זיך ניט געקענט דערמאָנען, פון וואַנען און ווי אזוי איך בין געקומען אַהער. ווי מאָדנע דאָס איז, ווי מאָדנע, ווי מערקווירדיג — איך האָב עס אָבער אין גאַנצען פערגעסען. איך האָב זיך גענומען רעכטס און בין ווידער אַרויסגעקומען אויף דעם וועג, וואָס האָט געפיהרט צום וואַלד.

3 י ו נ י. — איך האָב געהאַט אַ שרעקליכע נאַכט. איך וועל אַ פּאָר וואָכען רייזען; די רייזע וועט מיך זיכער ווידער שטע־לען אויף די פיס.

2 י ו ל י. — איך האָב זיך צוריקגעקעהרט פון דער רייזע, פיהל זיך גאַנץ גוט. אגב האָב איך זעהר אַ שעהנע רייזע געהאַט. איך האָב דעם מאָנט סענט־מיכעל געזעהן צום ערשטען מאָל.

וואָס פאַר אַ בילד, ווען מען קוקט אויף דעם פאַרנאַכט, בעת זונען־אונטערגאַנג! די שטאָדט ליעגט אויף אַ בערגעל. איך בין געשטאַנען אינ'ם עפענטליכען פּאַרק אויפ'ן עק שטאָדט. ניט ווי־

לענדיג האָב איך אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פון ענטציקונג. און אונ־ענדליך גרויסער בעי איז געלעגען צושפּרייט פאַר מיר, אַזוי ווייט ווי דאָס אויג האָט געקענט כאַפּן, צווישן צוויי בערג, וועלכע האָבען זיך פערלאָרען אין'ם נעבעל; און אין מיטען פון דעם דאָזיגען גרויסען, געלען בעי, אונטער אַ ריינעם, גאָלדענעם הימעל, איז אַרויסגעטראָטען אַ פינסטערער, זעלטענער בארג. די זון איז גע־האַט נור וואָס אונטערגעגאַנגען און אויף דעם הימעל, וואָס האָט נאָך געפלאַמט, האָט זיך אָבגעצייכענט דאָס בילד פון דעם דאָזיגען פאַנטאַסטישען פעלז, וועלכער טראָגט אויפ'ן סאַמען שפּיץ אַ פאַנ־טאַסטישען מאָנומענט.

באַלד ווי עס איז טאָג געוואָרען, בין איך אַוועק אַהין. דאָס וואַסער איז געווען ניעדריג, און איך האָב געזעהן דעם וואונדער־באַרען קלויסטער אַלץ דייטליכער און דייטליכער, וואָס נעהענטער איך בין צוגעקומען צום פעלז. עס האָט מיר גענומען אַ גוטע פּאָאָר שטונדען, ביז איך האָב דערגרייכט דעם פעלז, אויף וועלכען די קליינע שטאָדט שטעהט און דער גרויסער קלויסטער. אַרויפגעקלע־טערט די שמאָלע, משופּה'דיגע טרעפּ, בין איך אַריין אין דעם וואונדערליכען גאָטישען קלויסטער, דאָס שעהנסטע גאָטעס-הויז אויף דער ערד, גרויס ווי אַ שטאָדט, פול מיט ניעדריגע צימערן, וועלכע, עס האָט זיך אויסגעוויזען, זיינען בעגראָבען אונטער די געוועלבטע באַלקענס, אונטער די שווערע גאַלערעען, וואָס שפּאַרען זיך אָן אָן הויכע, שלאַנקע זיילען. איך בין אַריינגעטראָטען אין דאָס דאָזיגע גיגאַנטישע שטיק־ציערונג פון גראַניט, וואָס דופטעט אַזוי ווי דאָס פיינסטע שפּיצען־געוועב און איז בעדעקט מיט צינענע און שלאַנקע טהורמס, צו וועלכע עס פיהרען געדרעהטע טרעפּ. פון די טהורמס קוקען משונה'דיגע ברואים, טייוואָלים, פאַנטאַסטישע חיות, ריזיגע בלומען, קוקען אין די בלויקייט פון'ם טאָג און אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט.

ווען איך בין געשטאַנען גאַנץ אויבען, האָב איך זיך אָנגערופען צו דעם מאָנאַך, וואָס האָט מיך בעגלייט:

— עהרווירדיגער פאָטער, ווי גליקליך איהר מוזט זיך דאָ פיהלען!

ער האָט געענטפערט:

— אַך, ביי אונז איז זעהר ווינטיג!

און אַזוי האָבען מיר פערפיהרט אַ שמועס, וועהרענד דאָס וואסער פון'ם בעי האָט זיך געהויבען, געטראָגען זיך איבער'ן זאַמד און איהם ווי מיט אַ שטאָלענעם פּאַנציר בעדעקט.

און דערנאָך האָט דער מאָנאַך מיר דערצעהלט מעשיות, אַלע אַלטע מעשיות פון דער געגענד, לעגענדען און נור לעגענדען.

איינע פון זיי האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק. די איינגעבאָרענע, די איינוואָהנער פון'ם בארג דערצעהלען, אַז ביי־נאַכט קאָן מען הערען אַ גערעדעריי אויפ'ן זאַמד און מען הערט ווי צוויי ציעגען מעקען, איינע הויך, שטאַרק; די אַנדערע שוואַך, הייזעריג. אונגלויביגע בעהויפּטען, אַז דאָס איז נור דער געשריי פון די כוואַליעס, וועלכער הילכט דאָ ווי אַ מעקען און באַלד ווי אַ מענשליכער קול. אָבער די פישער, וואָס קומען שפּעט אהיים, שווערען זיך, אַז זיי האָבען אַליין געזעהן מיט זייערע אייגענע אויגען ווי אַן אַלטער פּאַסטוך, וואָס זיין קאָפּ האָט מען ניט געקענט ארויסזעהן, ווייל ער האָט איהם איבערדעקט מיט זיין מאַנטעל, — ווי ער, דער אַלטער פּאַסטוך, האָט געשלעפּט נאָך זיך איין ציעג מיט אַ פּנים פון אַ מאַנסביל און אַ צווייטע, מיט אַ פּנים פון אַ פרויענצימער, ביידע מיט לאַנגע, ווייסע האָאָר. זיי האָבען גערעדט און זיך געקריעגט אויף אַן אונבעקאַנטער שפּראַך און האָבען דערנאָך פּלוצים אויפגעהערט צו ריידען און גענומען מע'קען.

איך פרעג דעם מאָנאַך:

— גלויבט איהר אין דעם?

ער האָט אַרויסגעמורמעלט:

— איך וויים אַליין ניט.

רוף איך זיך אָן ווידער:

— ווען אויף דער ערד זיינען פאַראַן אַזוינע ברואים, היינט ווי קומט עס, וואָס מיר האָבען שוין לאַנג ניט געוואוסט וועגען זיי? פאַר וואָס האָט איהר זיי ניט געזעהן? פאַרוואָס האָב איך זיי ניט געזעהן?

ער האָט געענטפערט:

— זעהן מיר דען אַ הונדערט־טויזענדסטען טייל פון דעם, וואָס עס עקזיסטירט? נעהמט, למשל, דעם ווינד. דער ווינד איז די גרעסטע נאַטור־קראַפט. ער וואַרפט אום מענשען, שלייַדערט אום הייזער, רייסט אַרויס בוימער, צורודערט דעם ים, צו־מאַהלט פעלזען, קעהרט איבער די שטאַרקסטע שיפען; דער ווינד, וואָס טויטעט, פייפט, קרעכצט, ברילט — האָט איהר איהם שוין אַמאָל געזעהן און קענט איהר איהם דען אַמאָל זעהן? און דאָך איז ער דאָ, איהר קענט עס ניט לייקענען.

איך האָב געשוויגען פאַר דער דאָזיגער איינפאַכער ערקלעה־רונג. דער מאָנאַך איז געווען אַ פילאָזאָף און אפשר אַ נאַרר. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס איך זאָל מיר טראַכטען וועגען איהם און האָב געשוויגען. אָבער דאָס וואָס ער האָט געזאָגט, האָב איך אָפט אַליין געטראַכט.

3 יולי. — איך האָב שלעכט געשלאָפען. עס מוז זיין עפּעס אין דער לופט, ווייל מיין קוטשער ליידעט אויך פון פיבער, אַזוי ווי איך. ווען איך בין נעכטען געקומען אהיים האָב איך בע־מערקט ווי בלייך ער איז און האָב איהם געפרעגט:

— וואָס פעהלט אייך, זשאַן? איהר זייט ניט געזונד?

— יאָ, מיין הערר. איך קען מעהר ניט שלאָפען רוהיג. די נעכט מאַכען אַ תל פון מיינע טעג. זינט איהר זייט אַוועקגעפּאָה־רען, פיהל איך זיך גאָר אויס מענש. דאָס האָט מיך אָנגעכאַפּט און איך האָב ניט קיין רוה און גאָר. די אַנדערע דיענער זיינען אַלע געזונד, איך אָבער... איך האָב זעהר מורא, טאָמער כאַפּט עס מיך ווידער אָן!...

4 יולי. — איך בין ווידער קראַנק, ווי פריהער. די אַלטע געשיכטע האָט זיך צוריקגעקעהרט נאָך מיט מעהר פרישקייט. היינטיגע נאַכט האָב איך געפיהלט, ווי עמיצער האָט זיך אַרויפ־געוואָרפען אויף מיר, צוגעדריקט זיין מויל צו מיינעם און דאָס לע־בען פון צווישען מיינע ליפּען אַרויסגעזויגט. יאָ, ווי אַ פּיאַווקע האָט עס פון מיין ברוסט אַרויסגעזויגט דורך מיינע ליפּען. דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען אַ זאַטער. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אַ

צובראָכענער, אַ צושלאָגענער, אַז איך האָב זיך ניט געקענט אַ דיהר טהאָן. ווען עס זאָל אַזוי געהן נאָך אַ פּאָאַר טעג, פאָהר איך ווי־דער אַוועק.

5 י ו ל י. — האָב איך דעם פערשטאַנד פערלוירען? וואָס איז עס? די נאַכט האָב איך עטוואָס אַזוינס ענטדעקט, פון וואָס דער מח געהט ביי מיר כּאַדאָראָם.

שטעלט זיך פאָר: איך געה מיר אריין אין מיין שלאָף־צימער און שליס צו די טהיר, ווי יעדע נאַכט. דאַן האָט זיך מיר פער־וואָלט טרינקען, האָב איך אויסגעטרונקען אַ האַלבע גלאָז וואַסער. בעמערק איך מיט אַמאָל, אַז די פלאַש, פון וועלכער איך האָב דאָס וואַסער גענומען, איז פול ביז צו דעם העלזעל. הערט אַ מעשה: ערשט האָב איך פון איהר וואַסער גענומען און מיט אַמאָל איז זי ווידער פול!...

דערנאָך לעג איך זיך אַריין אין בעט און פאַל אריין אין מיין שרעקליכען שלאָף. איך ליעג אָפּ אַזוי אַרום אַ פּאָאַר שטונדען, ביז איך כאַפּ זיך אויף אין טויט־שרעק. שטעלט זיך פאָר, אַז עמיצער כאַפּט זיך אויף מיט אַ מעסער אין דער ברוסט, און גאַנ־צען פערבלוטיגט, און כאָרכעלט, און קען ניט אָטהעמען, און שטאַרבט, אליין ניט וויסענדיג, וואָס מיט איהם איז געשעהן — אָט האָט איהר מיין צושטאַנד.

צום סוף, אַז איך בין אַביסעל געקומען צו זיך, האָט זיך מיר ווידער פערוואָלט טרינקען. איך האָב אָנגעצונדען אַ ליכט און בין צוגעגאַנגען צום טיש, וואו די פלאַש וואַסער איז געשטאַנען. איך האָב זי גענומען, צוגעבויגט צום גלאָז, קיין טראָפּען וואַסער. זי איז געוועזן לעדיג, אין גאַנצען לעדיג. אפריהער האָב איך עס ניט פערשטאַנען, דערנאָך האָט מיך אָנגעכאַפּט אַזאַ מורא, דאָס איך האָב זיך געמוזט זעצען, אָדער ריכטיגער — איך האָב אַרונטער־געזונקען אויף אַ שטול, דאַן בין איך ווידער אויפגעשפּרונגען, ווי־דער אַ קוק געטהאָן אויף דער פלאַש און האָב זיך ווידער געזעצט, אויף טויט איבערגעשראָקען, פאַר די לעדיגע פלאַש. מיט אויסגע־גלאָצטע אויגען בין איך אַזוי געזעסען און געקוקט אויף איהר,

געקוקט און געוואָלט פערשטעהן, וואָס אַזוינס איז דאָ געשעהן. הענד און פיס האָבען ביי מיר געציטערט. אַלזאָ, עמיצער האָט דאָס וואַסער געטרונקען. ווער? איך? מסתמא איך, ווער דען?

הייסט עס, אַז איך בין אַ נאַכטוואַנדלער? הייסט עס, אַז איך לעב אַ דאָפּעל־לעבען, יענעם געהיימניספולע דאָפּעל־לעבען, וואָס ערוועקט אין אונז אַ חשד, אויב עס זיצען אין אונז ניט צוויי וועזענס אָדער אויב צייטענווייז, בעת מיר שלאָפען, לעבט ניט אין אונז אַן אַנדערעס וועזען, אַ פרעמדעס, אומבעקאַנטעס, וואָס פענ־טעט אונזער לייב און זעעלע און צווינגט אונז צו טהאָן זאַכען, פון וועלכע, אַז מיר ערוואַכען, האָבען מיר קיין אהנונג ניט.

אַה, ווער קאָן פערשטעהן מיין שרעק, ווער קאָן פערשטעהן די אויפרעגונג פון אַ מענשען, וועלכער ביים קלאָרען זינען, ביי אָפענע אויגען, ניט אין׳ם שלאָף, נור אויפ׳ן וואָהר, זעהט, אַז די צוגעמאַכטע פלאַש, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אויפ׳ן טיש מיט וואַסער, איז אויסגעלעדיגט געוואָרען, בעת ער האָט געשלאָפען! ביז גרויסען טאָג בין איך אַזוי געזעסען און מורא געהאַט צו געהן ווידער שלאָפען.

6 יולי. — איך פערליר מיין פערשטאַנד. דיזע נאַכט האָט עמיצער ווידער די פלאַש וואַסער אויסגעטרונקען, אָדער גי־בער האָב איך אַליין זי אויסגעטרונקען! אָבער בין איך עס? האָב איך עס אויסגעטרונקען? ווער דען? ווער? אָה, מיין גאָט, איך בין משוגע! ווער וועט מיך ראַטעווען!

10 יולי. — איך האָב מאָדנע זאַכען אויסגעפונען.

יאָ, איך בין, ווי עס ווייזט אויס, טאַקי משוגע... און דאָך...

דעם זעקסטען יולי, איידער איך בין צו בעט געגאַנגען, האָב איך אויפ׳ן טיש אַוועקגעשטעלט וויין, מילך, וואַסער, ברויט און יאַגאַדעס.

עמיצער האָט — איך האָב — דאָס גאַנצע וואַסער אויסגע־טרונקען און אַביסעל מילך; דער וויין איז געבליבען ניט אָנגע־ריהרט, אַזוי דאָס ברויט און די יאַגאַדעס.

אַם זיעבעטען יולי האָב איך דאָס אייגענע געטהאָן און ווידער

דעם וואַסער האָט מען אויסגעטרונקען אין גאַנצען, דעם ווײַן אַבי־סעלע, דעם ברויט און יאַגאַדעס האָט מען אין גאַנצען ניט אָנגעריהרט.

אַם 8טען יולי האָב איך וואַסער און ווײַן אין גאַנצען אויפ׳ן טיש ניט אַוועקגעשטעלט; צו די איבעריגע זאַכען האָט זיך קײנער ניט צוגעריהרט.

צום סוף האָב איך אַם 9טען יולי אויפ׳ן טיש ווידער אַוועק־געשטעלט נור וואַסער און ווײַן, האָב די פלעשער גוט אײַנגעוויקעלט אין ווײַסען לײַוועגד און זיי גוט פערפּראָבקעוועט. דערנאָך האָב איך מיר די ליפּען, באָארד, הענד מיט גריפעל פון בלײַשטיפט גוט אײַנגעריבען און זיך שלאָפען געלעגט.

דער בלײַערנער שלאָף איז מיך בעפאַלען און דערנאָך איז גע־קומען דאָס שרעקליכע ערוואַכען. דער גריפעל האָט קײן סימן אויפ׳ן בעט ניט איבערגעלאָזט, קײן צײכען ניט אויף דעם ווײַסען לײַלאַך און ניט אויף די קישען. איך האָב זיך אַ וואָרף געטהאָן צום טיש, דער לײַוועגד, אין וועלכען די פלעשער זײַנען אײַנגע־וויקעלט געווען, איז ניט אָנגעריהרט געווען. מיט ציטערענדיגע הענד האָב איך פונאַנדערגעבונדען דעם קניפּעל אַרום דעם לײַוועגד און די פלעשער פון איהם אַרויסגעוויקעלט. דאָס גאַנצע וואַסער איז געווען אויסגעטרונקען און די גאַנצע מילך. אָה, מײַן גאָט! גלײַך פאָהר איך נאָך פּאַריז.

12 יולי — פּאַריז — איך בין הפּנים ניט געווען בײַם זינען די לעצטע עטליכע טעג! איך בין הפנים געווען דער שפּיעל־באַל פון מײַן איבערריצטער אײַנבילדונגס קראַפט און אפשר בין איך טאַקי אַ סאָמנאָמבוליסט, אַ נאַכטוואַנדלער, אדער גאָר אײַ־גער אַזאַ, וואָס איז בעאײַנפלוסט פון יענע געהײמע קרעפטען, ווי היפּנאָטישע סוגזשעסטיאָן, צום בײַשפּיעל. אזוי צי אזוי, איך בין נאָהענט געווען צו משוגעת און פיער און צוואַנציג שטונדען אין פּאַריז האָבען מיך ווידער געזונד געמאַכט.

נעכטען, נאָכדעם ווי איך האָב בעזוכט אײניגע בעקאַנטע, וואָס דאָס האָט מיך צושטרײַט און אָבגעפרישט, בין איך אַוועק אין

טהעאַטער פּראַנסע און פערבראַכט אין אָבענד אין פערגעניגען. מען האָט דאָרט געשפּיעלט אַ פּיעסע פון דיומאַ־זוהן און די געזונדע, לעבעדיגע האַנדלונג פון דער דאָזיגער פּיעסע האָט מיך אין גאַנצען געזונד געמאַכט. די איינזאַמקייט איז אַן אונגליק פאַר אַ גריב־לער! מיר מוזען האָבען מענשען אַרום אונז, וואָס דענקען און ריידען. ווען מיר זיינען אַליין אַ לאַנגע צייט, בעפעלקערען מיר די איינזאַמקייט מיט געשטאַלטען פון אונזער פאַנטאַזיע.

פרעהליך, מיט אַ גרינג האַרצען האָב איך זיך צוריקגעקעהרט אין מיין האָטעל. אין דעם מענשען־געדרענג, אין דעם גאַסען־טומעל האָב איך געטראַכט וועגען זיך, וועגען מיין שרעק מיט אי־ראָניע, האָב אַליין זיך אויסגעלאַכט, פאַרוואָס איך האָב זיך גע־האַט איינגערעדט, אַז עמיצער ליעגט פערבעהאַלטען אין מיין צי־מער, אַז עמיצער טהוט דאָרט אַפּ מעשים. ווי שוואַך איז אונזער פערשטאַנד, ווי גיך ער ווערט צומישט און צוטומעלט ביי דער מינדסטער קליינינקייט, וועלכע מיר פערשטעהען ניט.

אנשטאַדט צו זאָגען: „מיר פערשטעהען עס ניט“ און ניט טראַכטען מעהר וועגען דעם, שטעלען מיר זיך פאַר דער רוח ווייס וואָס...

14 יולי — אַ יום טוב פון דער רעפּובליק. — איך האָב געשפּאַצירט איבער די גאַסען און די שיסערייען און פאָהנען האָבען מיך אַמוזירט ווי אַ קינד. אייגענטליך איז דאָך זעהר נאַריש צו מאַכען זיך לוסטיג צו אַ בעשטימטען טאָג אויף דעם בעפעהל פון דער רעגירונג. אָבער דאָס פאָלק איז אַ טשערעדע דומקעפּ, אַמאָל אונגלויבליך געדולדיג און אַמאָל צורייצט ווי ווילדע חיות. מען זאָגט איהם: „לאַך!“ און עס לאַכט. מען זאָגט איהם: „שלאָג, טויט דיין שכן!“ און עס געהט אַרויס זיך שלאָגען, טויטען. מען זאָגט איהם: „וועהל דעם קיסר“ — און עס וועהלט דעם קיסר און דערנאָך זאָגט מען איהם: „גיב אָב דיין שטימע פאַר די רעפּוב־ליק“ — און עס שטימט פאַר די רעפּובליק.

און יענע, וואָס פיהרען דאָס פאָלק, די פיהרער, זיינען אויך אַזוי דום, נור מיט דעם אונטערשיעד, וואָס דאָס פאָלק אַלס מאַסע

פאַלגט מענשען און די פיהרער פון׳ם פאָלק פאַלגען פרינציפּען, דאָס הייסט פעסט־געשטעלטע, פערשטיינערטע געדאנקען, בעת אין דער אמת׳ן איז קיין זאך אין אונזער וועלט ניט פעסטגעשטעלט, ליכט און קלאַנג זיינען אויך נור אן אילוזיאָן.

16 יולי — איך האָב נעכטען בייגעוואָהנט עטוואס אזוינס, וואס האָט מיך אין גאנצען צוטומעלט.

איך האָב געגעסען ביי מיין קוזינע, מאדאם זאבל, די פרוי פון׳ם קאָלאָנעל זאבל. דאָרט ביי איהר האָב איך געטראָפען צוויי יונגע פרויען. איינע פון זיי האָט חתונה געהאט מיט דאָקטאָר פּארען, וועלכער גיט זיך פיעל אָפּ מיט נערוועז־קראנקהייטען און מיט היפּנאָטישע עקספּערימענטען.

ער האָט אונז דערצעהלט וועגען די מערקווירדיגע רעזולטאַטען, וואס די געלערנטע און די דאָקטוירים אין נאנסי האָבען ארויסגעקראָגען דורך זייערע היפּנאָטישע עקספּערימענטען.

דאָס, וואס ער האָט דערצעהלט, איז מיר פאָרגעקומען אזוי מערקווירדיג, אזוי אונגלויבליך, דאָס איך האָב זיך אויסגעדריקט, אז איך גלויב עס ניט.

— מיר האַלטען — האָט ער געזאָגט — ביי ענטדעקען איינעם פון די וויכטיגסטע נאַטור־סודות, איך מיין פון די נאַטור־סודות אויף דער ערד, ווייל אויף די שטערן זיינען זיכער דאָ נאָך וויכטיגערע סודות. זינט דער מענש דענקט, זייט ער האָט זיך אויסגעלערנט אויסצודריקען זיינע געדאנקען אויף׳ן פּאַפּיר, פיהלט ער א געהיימניס ארום זיך, וועלכע ער מיט זיינע בעגרענצטע חושים קען ניט דערגעהן. מיט אלע קרעפטען פון זיין פערשטאַנד זוכט ער צו העלפען זיינע חושים די געהיימניס צו דערגעהן. כל זמן דער דאָזיגער פערשטאַנד איז געווען אין פּרימיטיווען צושטאַנד, האָבען די געהיימע ערשיינונגען אָנגענומען פאר איהם לעבערליכע שרעקליכע פאָרמען. פון דעם שטאַמט דער גלויבען פון׳ם פאָלק אין שדים און אין רוחות און פון דעם שטאַמט אויך די לעגענדע וועגען גאָט, דעם שעפּפער פון דער וועלט, וועלכע איז די לעכערליכסטע לעגענדע, וואס די צושראָקענע געהירן פון מענ־

שען האָבען אמאָל־װען אַרױסגעבראַכט. גערעכט איז װאָלטער, אַז ער זאָגט: „אויב גאָט האָט בעשאַפען דעם מענשען נאָך זיין עבענבילד, האָט דער מענש גאָט אויך אַזױ בעשאַפען“.

אָבער זייט אַ יאָהר הונדערט מיינען מענשען, אַז זיי זיינען אויף אַ נייעם װעג צו דערגעהן די סודות פון דער נאַטור. מעסמער און אייניגע אַנדערע האָבען דעם דאָזיגען נייעם װעג געװיזען און זייט עטליכע יאָהר זעהען מיר טאָג־טעגליך אַזױנע רעזולטאַטען, װאָס זיינען װירקליך איבערראַשענד.

מיין קוזינע האָט אױסגעדריקט איהר ניט גלױבען דורך אַ שמייכעל; דאַן האָט דאָקטאָר פּאַרען זיך אָנגערופען:

— װאָלט איהר אפשר, מאַדאַם, איינגעװיליגט איך זאָל אייך איינשלעפערען?

— פון מיינעטװעגען.

זי האָט זיך געזעצט אויף אַ שטול און ער האָט גענומען קוקען אויף איהר אַזױ שטאַר און אַזױ שאַרף. און גלייך האָב איך אָנ־געהויבען פיהלען אַזױ מאָדנע, דאָס האַרץ האָט אָנגעפאַנגען מיר צו קלאַפּען, אין האַלז שטיקען; איך האָב געזעהן, װי די אויגען־לעדלאַך ביי מאַדאַם זאַבל װערען שװער, װי איהר מױל פער־קרימט זיך און װי איהר ברוסט בעװעגט זיך אַרויף און אַראָב.

עס האָט ניט גענומען קיין צעהן מינוט, װי זי האָט געשלאָפען.

— שטעלט זיך אַװעק הינטער איהר — האָט דער דאָקטאָר זיך אָנגערופען צו מיר. איך האָב זיך אַװעקגעשטעלט הינטער איהר.

דער דאָקטאָר האָט איהר אַריינגעלעגט אַ װיזיט־קאַרטע אין האַנד און געזאָגט:

— דאָס איז אַ שפּיעגעל. װאָס זעהט איהר דאָרט?

זי האָט געענטפערט:

— איך זעה מיין קאָזין.

— װאָס טהוט ער?

— ער דרעהט זיך די װאָנצעס.

— און יעצט?

— יעצט נעהמט ער אַרױס אַ פאָטאָגראַפיע פון דער קעשענע.

— וועמעס פאָטאָגראַפיע?

— זיין אייגענע.

און טאַקי אַזוי איז עס געווען. די פאָטאָגראַפיע האָב איך ניט לאַנג בעקומען צוגעשיקט אין מיין האָטעל.

— און וואָס פאַר אַ פּאָזע שטעהט ער אויפ'ן בילד?

— מיט זיין הוט אין דער האַנד.

זי האָט עס אַלצדינג געזעהן אין דער דאָזיגער וויזיט־קאַרטע, אין דעם דאָזיגען שטיקעל ווייסען קאַרטעל־פּאַפּיר, ווי אין אַ שפּיע־געל.

די יונגע פרויען האָבען זיך דערשראָקען און געשריען:

— גענוג! גענוג!

אָבער דער דאָקטאָר האָט ווייטער געזאָגט צו איהר מיט אַ בעפעהלענדיגען טאָן:

— איהר זאָלט מאָרגען אין־דער־פריה אויפשטעהן אום אַכט אוהר און דערנאָך זאָלט איהר געהן צו אייער קאָזין אין האָטעל און בעטען ביי איהם, ער זאָל אייך לייהען פינף טויזענד פראַנק, וואָס אייער מאַן דאַרף האָבען פאַר זיין נעקסטער רייזע.

דערנאָך האָט ער זי אויפגעוועקט.

געקומען אין מיין האָטעל, האָב איך געטראַכט וועגען דער דאָ־זיגער מערקווירדיגער זיצונג און איך האָב געצווייפעלט, ניט חלילה, אַז מיין קוזינע האָט דאָ אונז גענאַרט, ניין, אין איהר, וועלכע איך האָב געקאָנט פון קינדהייט אָן, האָב איך ניט געצווייפעלט, אָבער, איך האָב געגלויבט, אַז דער דאָקטאָר האָט אונז געקאָנט נאַרען. אפשר האָט ער פערבעהאַלטען אין זיין האַנד אַ שפּיעגעלע, וועל־כע ער האָט געוויזען דער איינגעשלעפערטער פרוי צוזאַמען מיט זיין וויזיט־קאַרטע. די שוואַרץ־קינסטלער ווייזען דאָך אַ סך אַזוי־נע קונצען.

איך האָב זיך געלעגט שלאָפען און אויף מאָרגען אַזייגער האַלב ניין, וועקט מיך מיין דיענער:

— מאַדאַם זאַבל איז דאָ, וויל אייך גלייך זעהן.

איך האָב זיך שנעל אָנגעטהאָן און בין ארויס צו איהר.

זי האָט זיך געזעצט שטאַרק צומישט, מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגען און געזאָגט:

— ליעבער קאָזין, איך וויל פון אייך אַ גרויסע טובה.

— וואָס פאַר אַ טובה?

— עס איז מיר זעהר אונאַנגענעהם עס אייך צו זאָגען, אָבער איך מוז עס אייך זאָגען: איך מוז אונבעדינגט האָבען פינף טויזענד פראַנק.

— וואָס, דו?

— יאָ, איך, אָדער ריכטיגער מיין מאַן, וועלכער מוז האָבען דאָס געלד.

איך בין אַזוי צומישט געוואָרען, דאָס איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. איך האָב זיך געפרעגט: צו מאַכט זי ניט מיט דאָקטאָר פּאַרען שפּאַס פון מיר? אפשר האָבען זיי אָבגעמאַכט צו אַמוזירען זיך אַביסעל אויף מיין רעכנונג? אָבער אַז איך האָב זיך איינגעקוקט אין איהר, איז מיר קלאָר געוואָרען, אַז זי שפּאַסט שוין גאָר ניט. זי האָט אין גאַנצען געציטערט, אַזוי שווער איז איהר געוועזען צו בעטען דאָס געלד ביי מיר און איך האָב אויך בעמערקט, אַז טרערען שטיקען זי.

איך האָב געוואוסט, אַז זי איז רייך און איך האָב געזאָגט:

— וואָס, אייער מאַן פעהלט פינף טויזענד פראַנק? טהוט נור אַ טראַכט, אפשר דאַכט זיך עס אייך? ווייסט איהר גאַנץ בעשטימט, אַז אייער מאַן דאַרף האָבען דאָס געלד? האָט ער אייך וועגען דעם געשריעבען?

זי האָט אַ ווייל‏ע געשוויגען, אַזוי ווי זי וואָלט זיך אָנגע־שטרענגט צו דערמאָנען זיך, דערנאָך האָט זי געענטפערט:

— יאָ, יאָ, ער מוז האָבען דאָס געלד, איך ווייס עס בע־שטימט.

— האָט ער עס אייך אליין געשריעבען?

זי האָט ווידער אַ ווייל‏ע געשוויגען און נאָכגעדאַכט. איך האָב בעמערקט, ווי זי מוטשעט איהר מוח, ווי זי וויל זיך דער־מאָנען, זי האָט זיך אָבער ניט דערמאָנט, ניט געקענט זיך דער־

מאָנען, זי האָט אָבער געוואוסט איין זאַך, אז זי מוז פאר איהר מאַן קריגען פינף טויזענד פראַנק און צוליעב דעם האָט זי געוואגט צו זאָגען א ליגען:

— יאָ, ער האָט עס מיר אליין געשריעבען — האָט זי גע־זאָגט.

— ווען? פארוואס האָט איהר מיר נעכטען פון דעם גאָר נישט דערצעהלט?

— דעם בריעף האָב איך ערשט היינט אין דערפריה בעקו־מען.

— אפשר קענט איהר מיר איהם ווייזען?

— ניין, ניין, איך קען ניט, איך קען ניט, ער ענטהאלט נאָך אנדערע זאכען, אינטימע, וואס אן אנדערער דארף ניט לעזען, איך האָב דעם בריעף פערברענט!

— הייסט עס, אייער מאַן קריכט אריין אין חובות?

זי האָט ווידער א ווײַלע געשוויגען און דערנאָך געזאָגט:

— איך ווייס ניט.

איך האָב איהר ענערגיש ערקלעהרט:

— עס טהוט מיר לייד, ליעבע קוזינע, אבער גראד איצט קען איך אייך קיין פינף טויזענד פראַנק ניט לייהען.

זי האָט ארויסגעלאָזט א שמערצליכען געשריי:

— אך, איך בעט אייך, איך בעט אייך, קריגט עס פאר מיר!

זי איז געוועזען אויפגערעגט, האָט אויסגעשטעלט צו מיר די הענד אזוי פערצווייפעלט, און באלד האָט זי זיך צואווײַנט און געשטאַמעלט, געמוטשעט און בעהערשט פון דעם מעכטיגען בע־פעהל, וואס זי האָט נעכטען בעקומען:

— אך, איך בעט אייך, איך בעט אייך, ווען איהר וואָלט גע־וואוסט, ווי איך פיהל, ווי שווער עס איז מיר! איך מוז דאָס געלד האָבען היינט, היינט.

איך האָב רחמנות געקראָגען איבער איהר:

— איהר קריגט ביי מיר דאָס געלד שפעטער, איהר האָט מיין ווארט.

— אָה, איך דאנק אייך, איהר זייט אזוי גוט.

איך האָב זיך ווידער אָנגערופען:
— ווייסט איהר, וואָס נעכטען אבענד איז ביי אייך פאָר־געקומען?
— יאָ.
— ווייסט איהר אויך, אז דאָקטאָר פּארען האָט אייך איינגע־שלעפערט?
— יאָ, געוויס.
— אלזא, ער האָט עס אייך בעפוילען צו קומען צו מיר ליי־העען דאָס געלד. אין דעם דאָזיגען מאָמענט זייט איהר נאָך אונ־טער דעם איינפלוס פון זיין היפּנאָטישען בעפעהל.
זי האָט אַ ווייל נאָכגעדאכט און דערנאָך האָט זי געזאָגט:
— אָבער מיין מאן האָט דאָך מיך געשיקט נאָך דעם געלד.
אַ גאַנצע שטונדע האָב איך געפּרובט זי צו איבערציי־גען, עס האָט אָבער ניט געהאָלפען.
ווען זי איז ארויס, בין איך גלייך אוועקגעלאָפען צום דאָק־טאָר. ער האָט מיך מיט אַ שמייכעל אויסגעהערט.
— נו, יעצט גלויבט איהר שוין? — האָט ער זיך אָנגערופען.
— יאָ, יעצט מוז איך שוין.
— קומט, מיר וועלען געהן צו אייער קוזינע.
זי איז געלעגען אויף דער זאָפע, נערוועז און אויסגעמאַטערט. דער דאָקטאָר האָט געפיהלט איהר פולס, אָנגעקוקט זי אַ ווייל, דערנאָך האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האנד געגען איהרע אויגען און זיי האָבען זיך ביסלעכווייז צוגעמאַכט אונטער דער צווינגענ־דען איינפלוס פון זיין מאגנעטישער קראפט.
ווען ער האָט זי איינגעשלעפערט, האָט ער געזאָגט:
— אייער מאן דארף שוין ניט מעהר די פינף טויזענד פראנק. איהר זאָלט, אלזא, פערגעסען, אז איהר האָט געבעטען ביי אייער קאָזין לייהען דאָס געלד און ווען ער וועט מיט אייך פון דעם ריידען, זאָלט איהר איהם ניט פערשטעהן.
דערנאָך האָט ער זי אויפגעוועקט. איך האָב ארויסגענומען מיין טייסטער און געזאָגט:

— ליעבע קוזינע, דאָ האָט איהר דאָס, וואס איהר האָט ביי מיר היינט אין דער פריה געבעטען.

זי איז געוועזן אזוי פערוואונדערט, דאָס איך האָב געמוזט נאָך איינמאָל עס איהר איבערזאָגען. זי אָבער האָט געקוקט אויף מיר מיט גרויסע אויגען, ניט געוואוסט, וואס צו זאָגען, געליי־קענט שטיין און ביין און איז שיער ניט בייז געווארען אויף מיר.

. . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

איך בין נור וואס געקומען צוריק אין מיין האָטעל. איך האָב ניט געקענט עסען, אזוי האָט מיך די דאָזיגע געשיכטע צורו־דערט.

19 יולי — די מענשען, וועמען איך האָב די דאָזיגע גע־שיכטע דערצעהלט, האָבען מיך אויסגעלאכט. איך וויים אליין ניט, וואס איך זאָל דענקען. דער קלוגער מענש זאָגט: אפשר?

21 יולי — איך האָב געגעסען מיטאג אין בוזשיוואל און דעם אבענד האָב איך פערבראכט ביי די שיפער אויף א באל. איינמאָל פיר אלע מאָל, אלצדינג העננט אָב פון אָרט און צייט. אויפ׳ן אינזעל פון גרענאוויל קען מען ניט דענקען וועגען אוננאַ־טירליכעס, ווי איהר קענט ניט וועגען דעם דענקען, בעת איהר זייט אויבען אויף דעם מאָנט־סענט־מיכעל, צי אין אינדיען. מיר זיינען שרעקליך אָבהענגיג פון אונזער סביבה. נעקסטע וואָך פאָהר איך צוריק אהיים.

30 יולי — זייט נעכטען בין איך ווידער אין דער היים. אלעס געהט גוט.

2 אויגוסט — קיין נייעס ניטאָ. דאָס וועטער איז פראכטפול. דעם גאנצען טאָג בין איך געזעסען נעבען טייך און געזעהן, ווי דאס וואסער פון דער סיינע פליסט.

4 אויגוסט — צווישען מיינע דיענער האָט אויסגעבראָ־כען א מחלוקה. זיי האָבען זיך געכאפט, אז עמיצער צוברעכט ביינאכט די גלעזער אין די שראנקען. דער דיענער בעשולדיגט די קעכין, די קעכין דאָס הויז־מיידעל און זי ווידער, די אנדערע.

און ווער באמת איז דער שולדיגער? נור א חכם וואָלט עס גע־קענט זאגען.

6 אויגוסט — דאָס מאָל בין איך ניט משוגע. איך האָב געזעהן, איך האָב געזעהן, איך האָב געזעהן! איך קען שוין מעהר ניט צווייפלען אין דעם, איך האָב עס געזעהן. נאָך איצט טרויסעלט מיר הענד און פיס, נאָך איצט שוידערט מיך — איך האָב עס געזעהן.

אזייגער צוויי האָב איך געשפּאצירט צווישען מיינע ראָזען־קוסטען, אין העלען זונענשיין, און זיך צוגעקוקט צו די הערבסט־ראָזען. איך האָב זיך אָבגעשטעלט נעבען איינער, וואָס האָט גע־האַט אויף זיך דריי וואונדערבארע קנאָספּען. מיט אמאָל זעה איך, ווי איין בלום האָט זיך אויסגעבויגט נאָהענט צו מיר, אזוי ווי א פערבאָרגענע האנד וואָלט זי א בויג געטהאָן, און באלד איז זי ארונטערגעפאלען פון'ם ריטעל, אויף וועלכען זי איז געוואקסען, אזוי ווי יענע האנד וואָלט זי ארונטערגעפליקט. דערנאָך האָט זיך די דאָזיגע בלום אויפגעהויבען, האָט א דרעה געטהאָן זיך אין דער לופטען, אזוי ווי א האנד וואָלט זי צו דער נאָז געטראגען, דאן איז די בלום געבליבען הענגען אין דער דורכזיכטיגער לופטען, גאנץ אליין, אונבעוועגליך, א מורא'דיגער רויטער פלעק, דריי טריט פון מיר.

איך האָב זיך א וואָרף געטהאָן אויף דער בלום, אום זי צו־כאפּען. איך האָב גאָר נישט געפונען, זי איז פערשוואונדען. דאן בין איך שרעקליך בייז געווארען אויף זיך אליין. ווארום א פער־נינפטיגען, ערנסטען מענשען דארפען זיך אזוינע נארישקייטען ניט אויסווייזען.

אָבער האָט זיך מיר עס נור אויסגעוויזען? איך האָב זיך א קעהר געטהאָן צום ריטעל, אום איהם אויפצוהויבען און גלייך האָב איך איהם דערזעהן אינ'ם ראָזען־קוסט, פריש צובראָכען, ער איז געלעגען צווישען צוויי אנדערע ראָזען, וועלכע זיינען געהאנגען אויף זייערע צווייגלאָך.

דאן בין איך אוועק אהיים אויסער זיך, ווארום איצט איז מיר

געוועזן קלאָר, יאָ, קלאָר, אַזוי קלאָר, ווי נאַכט קומט נאָך טאָג, אַז עמיצער געפינט זיך נעבען מיר, וועלכער טרינקט דאָס וואַסער, די מילך, בעריהרט אַלע זאַכען, עמיצער, וועלכער לעבט אַזוי ווי איך, אונטער מיין דאַך.

7 אויגוסט — איך האָב רוהיג געשלאָפען. דאָס וואַסער פון מיין פלאַש האָט ער אויסגעטרונקען, אָבער מיין שלאָף האָט ער ניט געשטערט.

איצט פרעג איך זיך: בין איך פעררוקט? ווען איך בין פריהער געגאַנגען פאַזע טייך, האָב איך אַליין גענומען צווייפלען אין מיין פערשטאַנד. איך האָב שוין געזעהן אַזוינע משוגעים, וואָס זיינען אַזוי גאַנץ קלאָר און פערנינפטיג, וואָס ריידען איבער זאַכען מיט טיעפען פערשטאַנד, ביז זייערע געדאַנקען האָבען אַריבערגעטראָטען די שוועל פון זייער משוגעת, דאַן איז די געדאַנקען־קייט צוריסען און זיי זינקען אַרונטער אין דעם טיעפען שוואַרצען אָקעאַן, וואו כוואַליעס שטייגען און פאַלען, וואו אַ נעבעל ציהט זיך און שטורמען ברויזען, — אין דעם טיעפען, שוואַרצען אָקעאַן, וועלכען מען רופט „משוגעת“.

ווען איך זאָל זיך אַליין ניט קענען, ווען איך וואָלט אַליין מיין צושטאַנד ניט געקענט, ווען איך וואָלט זיך אַליין אַזוי קלאָר און רוהיג ניט בעאָבאַכטעט, וואָלט איך זיכער געמיינט, אַז איך בין משוגע, אויף אַן אמת משוגע. אין דער ווירקליכקייט אָבער בין איך אַ קלאָרער מענש, וואָס ליידעט נור פון האַלוציאַנאַציעס. אין מיינע געהירען מוז זיין עפּעס אַ פעהלער. און דער דאָזיגער פעהלער ווירקט אויף מיין גייסט, אויף מיין לאָגיק, אויף די אָרדנונג פון מיינע געדאַנקען.

אָט אַזוי האָב איך געטראַכט, בעת איך האָב געשפּאַצירט פאַזע טייך. די זון האָט געוואָרפען אַ העלען שיין אויף דאָס וואַסער. די נאַטור איז געוועזן שעהן און איהר אָנבליק האָט מיך מיט לעבענס־פרייד און לעבענס־לוסט אָנגעפילט. מיט פערגעניגען האָב איך געקוקט אויף דעם שנעלען פליהען פון די שוואַלבען און מיט פרייד האָב איך זיך צוגעהערט צו דעם רוישען פון די ביימלאַך און גראָז אַרום טייך.

און פונדעסטוועגן האָב איך אין דער אייגענער צייט גע־פיהלט, ווי עטוואס שווערעס, דריקענדיגעס, גוואַלדיגעס, גנב'עט זיך אין מיר, א געהיימע בייזע קראַפט, און פּאַראַליזירט מיך, מיין ווילען און מיינע געדאַנקען. איך האָב שוין ניט געקענט געהן ווייטער, איך האָב זיך געמוזט צוריקקעהרען אהיים. איך האָב דערפיהלט א פּיינליכע בעדירפניש צו געהן אהיים, אזוי ווי איך וואָלט דאָרט זעהר א נאָהענטען קראַנקען איבערגעלאָזט, וועגען וועמעס צושטאַנד איך בין מיט אמאָל געוואָרען אונרוהיג.

אלזא, איך האָב זיך צוריקגעקעהרט אהיים געגען מיין ווי־לען און דערביי בין איך געווען זיכער, אז איך וועל דאָרט טרעפען א שלעכטע בשורה, צו דורך א בריעף, צו דורך א טעלעגראַמע. אָבער איך האָב קיין זאַך דאָרט ניט געטראָפען, — אין דער היים איז אלצדינג געווען אין אָרדנונג, און דאָס האָט מיך נאָך מעהר פערוואונדערט, נאָך מעהר אונרוהיג געמאַכט.

8 אויגוסט — א מורא'דיגע נאַכט האָב איך נעכטען דורכגעלעבט. ער ווייזט זיך ניט מעהר, אָבער איך פיהל, אז ער איז ארום מיר, קוקט אויף מיר, בעאָבאַכטעט מיך, בעהערשט מיך און נאָך מורא'דיגער איז, וואס ער בעהאַלט זיך.

און דאָך האָב איך געשלאָפען.

**9 אויגוסט — עס האָט גאָר נישט געטראָפען. אָבער איך האָב מורא.**

**10 אויגוסט — ווידער גאָר נישט. וועט מאָרגען אויך גאָר נישט געשעהן?**

**11 אויגוסט — ווידער גאָר נישט. איך קען אָבער ניט בלייבען אין דער היים מיט דער דאָזיגער שטענדיגער מורא און מיט די דאָזיגע געדאַנקען אינ'ם מח. איך וועל זיך דורכגעהן.**

12 אויגוסט — צעהן אזייגער ביינאַכט. דעם גאַנצען טאָג האָב איך געוואָלט ארויסגעהן, פאָהרען, איך האָב אָבער ניט געקענט. איך האָב געוואָלט זיך ארויסרייסען פונ'ם הויז, פון דער מורא ארום מיר, בעפרייען זיך פון דעם, נעהמען א וואָגען און פאָהרען נאָך רוען, איך האָב אָבער ניט געקענט. פאַרוואס?

13 אויגוסט — ווען מען ווערט בעפאַלען פון געוויסע

קראַנקהייטען, פיהלט מען זיך, ווי דער גאַנצער קערפּער וואָלט צובראָכען געווען, דער ווילען פּאַראַליזירט, די מוסקולען שלאַף, די קנאָכען ווייך ווי פליש און דאָס פליש פליסיג ווי וואַסער. דעם דאָזיגען צושטאַנד פיהל איך אין מיין גייסט. איך האָב ניט קיין קראַפט מעהר, קיין מוטה, קיין זעלבסט־בעהערשונג, קיין ווילען. איך קען שוין מעהר ניט וועלען אליין, אַן אַנדערער וויל פאַר מיר און איך פאָלג אַן אַנדער ווילען.

14 אויגוסט — איך בין פערלאָרען. עמיצער האָט מיין זעלע ארייננעכאפּט און בעהערשט זי! עמיצער קאָנטראָ־לירט מיין יעדען טראָט, מיין יעדע בעוועגונג, אלע מיינע געדאַנ־קען, איך בין ניט מעהר „איך", איך בין נור אַ צושראָקענער צו־שויער, וואס קוקט מיט מורא אויף אַלצדינג, וואס ווערט געטהאָן פון מיר אויף דעם בעפעהל פון יענעם, וואס בעהערשט מיך.

איך וואָלט וועלען ארויסגעהן, איך קען ניט, יענער וויל עס ניט. איך בלייב זיצען אויף אַ שטול, זיץ און טרויסעל זיך, ווייל יע־נער וויל אזוי. איך וואָלט וועלען זיך אויפהייבען פונ׳ם שטול, ווייזען, אז איך בין נאָך אַ בעל הבית איבער זיך, איך קען ניט. איך בין צום שטול צוגעקלעפּט, צוגעוואקסען, איך קען מיט אַן אבר ניט אַ ריהר טהאָן.

דערנאָך, מיט אַמאָל, מוז איך, מוז איך ארויסגעהן אין גאָר־טען, אָנרייסען יאַגאַדעס און זיי עסען, און איך געה ארויס אין גאָרטען, רייס אָן יאַגאַדעס און עס זיי. אָה, מיין גאָט! מיין גאָט! מיין גאָט! אויב עס איז דאָ אַ גאָט, אויב אַ גאָט איז דאָ: גאָט, בעפריי מיך! ראַטעווע מיך! האָב מיטלייד מיט מיר! ראַ־טעווע מיך! אָה, וואס פאַר אַ ליידען, וואס פאַר אַ יסורים!... וואס פאַר אַ שרעק!

15 אויגוסט — אזוי האָט מיין קוזינע געמוזט בעהערשט זיין, ווען זי איז דעמאָלט געקומען צו מיר באָרגען די 5 טויזענד פראַנק. אַן אַנדער ווילען האָט זי בעהערשט, וועלכען זי האָט געמוזט פאָלגען, אַן אַנדער זעעלע. געהט דען די וועלט אונטער?

אָבער ווער בעהערשט מיך? ווער איז יענער אונזיכטבאַרער און געהיימער פון דער איבערנאַטירליכער ראַסע, וועלכע האָט זיך אריינגעריסען אין מיין זעעלע?

הייסט עס, גייסטער עקזיסטירען יאָ! היינט ווי קומט עס, וואָס זייט די וועלט שטעהט האָבען זיי זיך אַזוי קלאָר ניט גע־וויזען, ווי זיי ווייזען זיך מיר? איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געלע־זען עטוואָס, וואָס זאָל אפילו זיין עהנליך צו דעם, וואָס עס קומט פאָר ביי מיר אינ׳ם הויז. אָה, ווען איך וואָלט מיין הויז געקאָנט פערלאָזען, ווען איך וואָלט געקענט אנטלויפען, אנטלויפען אויף אלע מאָל פון מיין הויז, איך וואָלט זיך דאַן געראַטעוועט. אָבער איך קען ניט, איך קען ניט.

16 אויגוסט — היינט איז מיר געלונגען ארויסצורייסען זיך אויף אַ פאָר שעה פונ׳ם הויז. ווי אַ געפאַנגענער, וואָס געפינט פּלוצים די טיר פון געפענגניס אָפען, האָב איך זיך ארויס־געריסען. איך האָב דערפיהלט, אז איך בין פריי און אז יענער איז ניטאָ. איך האָב געהייסען איינשפּאַנען דעם וואָגען און בין אוועק־געפאָהרען נאָך רוען. אָה, ווי אנגענעהם עס איז, צו קאָנען זאָגען דעם קוטשער: „שפּאַן איין, מיר פאָהרען נאָך רוען!“

איך האָב איהם געהייסען זיך אָפּשטעלען נעבען דער ביבליאָ־טהעק און געבעטען דעם ביבליאָטהעקער, ער זאָל מיר געבען דאָק־טאָר הערמאַן הערעשטאַוס׳עס גרויסע אָפּהאַנדלונג איבער די אונ־בעקאַנטע איינוואָהנער פון דער וועלט אינ׳ם אַלטערטום און אין דער איצטיגער צייט.

ווען איך האָב דערנאָך זיך ווידער געזעצט אין וואָגען, האָב איך געוואָלט זאָגען: „צום באַהן!“ און אנשטאַדט דעם האָב איך אַ געשריי געטהאָן, יאָ, ניט געזאָגט, נור אַ געשריי געטהאָן הויך אויפ׳ן קול, אַזוי, דאָס די פערבייגעהער האָבען זיך אומגעקוקט אויף מיר: — אהיים! און דאַן האָב איך זיך ארונטערגעלאָזט אויף די קישען אינ׳ם וואָגען און געציטערט מיט׳ן גאַנצען קער־פּער. יענער האָט מיך ווידער געפונען, ווידער מיך געפּאַקט!

17 אויגוסט — אָה, וואָס פאַר אַ נאַכט! וואָס פאַר

אַ נאַכט! און דאָך דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב געדאַרפט זיין צופריעדען. ביז איינס פאַר טאָג האָב איך געלעזען. הערעשטאַוס, דאָקטאָר פון דער פילאָזאָפיע און טהעאָלאָגיע, האָט געשריבען די געשיכטע פון אַלע אונזיכטבאַרע וועזענס, וועלכע שוועבען ארום דעם מענשען אָדער וועגען וועלכע ער חלום׳ט. ער בעשרייבט זייער אורשפרונג, זייער געביעט, זייער מאַכט, אָבער קיינער פון זיי איז ניט עהנליך צו דעם וואס מאַטערט מיך. עס שיינט, אַז דער מענש, זייט ער האָט אָנגעהויבען צו דענקען, האָט געאַהנט און מורא געהאַט פאַר אַ נייעם וועזען, וואס איז שטאַרקער פון איהם, אַ וועזען, וועלכעס וועט זיין נאָכפאָלגער זיין אויף דער ערד. און אזוי ווי ער האָט איהם ניט געזעהן און ניט געוואוסט, וואס ער איז אזוינס, האָט ער, דער מענש, פאַר שרעק בעשאַפען זיך אַ גאַנצע ראַסע פון פערבאָרגענע גייסטער, טרוימען פון אַ צושראָקע־נער פאַנטאַזיע.

אָפּגעלעזען ביז איינס פאַרטאָג, בין איך צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענסטער און זיך אנידערגעזעצט, אום אָבצופרישען מיין קאָפּ און מיינע געדאַנקען אין דעם קיהלען הויך פון דער לופט.

ווי שעהן און ווי ווילד איז געווען די נאַכט! אמאָל וואָלט אזאַ נאַכט מיר אַ סך פערגעניגען פערשאַפט.

קיין לבנה איז אויפ׳ן הימעל ניט געוועזן. שטערן האָבען גע־פלימערט. ווער בעוואָהנט די דאָזיגע וועלטען? וועלכע געשטאַל־טען? וואס פאַר אַ מינים פון ברואים? וועלכע חיות, וועלכע פלאַנצען וואַקסען דאָרט? ווייסען יענע וואָס וואָהנען דאָרט אין די ווייטע וועלטען, מעהר ווי מיר? וואס ווייסען זיי מעהר ווי מיר? וואס זעהען זיי מעהר ווי מיר? וועט עמיצער פון זיי פריהער אדער שפּעטער דעם וועלט־רוים דורכשניידען און אויף אונזער ערד אראָב, אום זי צו ערָאָבערן, ווי אמאָל די נאָרמאַנען האָבען ים׳ען דורכגעשניטען, אום שוואַכערע פעלקער צו אונטער־יאָכען.

מיר זיינען אזוי שוואַך, אזוי וועהרלאָז, אזוי אונוויסענד, אזוי קליין, מיר מענשען, אויף דער קליינער ערד!

און טראַכטענדיג אַזוי, דעם קאָפּ געגען פּרישען ווינטעל פון דער נאכט אַרויסגעשטעלט, האָב איך איינגעדרימעלט. איך האָב געדרימעלט אַזוי אַן ערך, אַרום אַ פערציג מינוט. פּלוצים האָב איך געעפענט די אויגען אָהן דער מינדסטער בעוועגונג. עפּעס האָט מיך אויפגעוועקט. צוערשט האָב איך גאָר נישט געזעהן. דערנאָך האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז אַ זייטעל פון מיין בוך, וואס איז געבליבען ליגען אויפ'ן טיש אָפען, האָט זיך איבערגעקעהרט, פון זיך אליין זיך איבערגעקעהרט. קיין לופט־צוג האָט פונ'ם פענס־טער ניט געקענט בלאָזען. איך בין ערשטוינט געוואָרען און גע־וואַרט, וואס ווייטער וועט זיין. אין אַ פיער מינוטען אַרום — אהאַ! — האָב איך געזעהן, מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהן, ווי אַ צווייטע זייטעל האָט זיך אויפגעהויבען און זיך אוועקגעלייגט אויף דער נעקסטער, אַזוי ווי אַ האַנד וואָלט געבלעטערט. מיין שטול איז געווען לעדיג, האָט אויסגעוויזען צו זיין לעדיג, אָבער איך האָב זיך אָנגעשטויסען, אז יענער זיצט דאָרט אויף מיין פּלאַץ און לעזט. מיט איין שרעקליכען שפּרונג, אָט ווי אַ ווילדע חיה, האָב איך זיך אַ כאַפּ געטהאָן פונ'ם אָרט, אום יענעם, מיין פּייני־גער, צו כאַפּען, יענעם צו דערשטיקען, צו דערווערגען. אָבער איידער איך בין צום שטול צוגעלאָפען, האָט יענער זיך אָן דר'ערד אַ וואָרף געטהאָן, אַ טרויסעל געטהאָן דעם טיש, אומגעוואָרפען און פערלאָשען די לאָמפּ, איז דורכ'ן פענסטער אַרויסגעשפּרונגען ווי אַ פערברעכער, וואס זוכט זיך צו ראַטעווען אין אַ פינסטערער נאכט, און האָט איהם פערקלאַפּט. איך האָב אליין געזעהן, ווי ער האָט זיך מיטביידע הענד אָנגעכאַפּט אָן דעם קאַרניז פונ'ם פענסטער.

אַלזאָ, ער איז אַנטלאָפען. ער האָט זיך דערשראָקען, דער־שראָקען פאַר מיר.

ער וועט זיך שוין פון מיינע הענד ניט אַרויסדרעהען. היינט־מאָרגען — איך וועל איהם שוין כאַפּען! דאַן וועל איך איהם דער־שטיקען. פּאַסירט דען ניט אַמאָל, אז הינט בייסען און טויטען זייערע בעלי בתים?

18 אויגוסט — איך האָב דעם גאַנצען טאָג וועגען דעם

באַכגעדאַכט. יאַ, איך וועל איהם פאָלגען, איך וועל זיינע פער־לאַנגען ערפילען, איך וועל טהאָן אַלצדינג, וואס ער וועט מיר הייסען. ער איז שטאַרקער, איך מוז זיך איהם אונטערוואַרפען, אָבער די צייט וועט שוין קומען....

19 אויגוסט — איך וויים, איך וויים, איך וויים אַלעס. איך האָב נור וואס אין דער מאַנאַטליכער וויסענשאַפטליכער רע־וויו פאָלגענדעס געלעזען:

פון ריאָ דע־זשאַניירא לאָזט מען וויסען, אַז אין דעם דאָזיגען אויגענבליק גוואַלדעוועט אין דער פּראָווינץ סאַן פּאַאולאָ אַ משוגעת מגפה, וועלכע דערמאָנט אָן די משוגעת־מגפות אין מיטעל־אַלטער, וואָס פלעגען אויסברעכען צווישען די פעלקער אין אייראָפּאַ. די איינוואָהנער פערלאָזען צושראָקען זייערע הייזער, אַנטלויפען פון זייערע דערפער, וואַרפען אַוועק זייערע פעלדער, ווייל זיי ווייזט זיך אוים, אַז זיי ווערען פערפאָלגט פון ברואים, וועלכע מען קען ניט זעהן. די דאָזיגע ברואים ערנעהרען זיך פון מענשליכע לע־בענס און אויסער דעם טרינקען זיי וואַסער און מילך און קיין אַנדערע שפּייז ריהרען זיי ניט אָן.

פּראָפעסאָר דאָן פעדראָ הענריקעץ מיט נאָך אַנדערע דאָק־טוירים זיינען ארויסגעפאָהרען נאָך דער פּראָווינץ סאַן־פּאַאולאָ, אום אויסצופאָרשען אויף׳ן אָרט די אורזאַכען און די סימפּטאָמען פון דער דאָזיגער מגפה און צו רעקאָמענדירען דעם קיסר מאַס־רעגלען, ווי אַזוי די אָנגעגריפענע בעפעלקערונג צו קורירען פון דער דאָזיגער מגפה.

אָה, איצט דערמאָן איך זיך אָן דעם וואונדער־שעהנעם בראַ־זיליאַנישען דריי־מאַסטער, וועלכער איז אַם לעצטען 8טען מאַי איבער דער סעין מיינע פענסטער פאַרבייגעפאָהרען. דאָס דאָזיגע שיף איז מיר דעמאָלט אַזוי געפעלען געוואָרען. עס האָט זיך מיר דעמאָלט אויסגעוויזען אַזוי שעהן, אַזוי העל און אַזוי פריינדליך. יענער איז געוועזן אויף דער דאָזיגער שיף. איצט פערשטעה איך עס. יענער איז געקומען פון בראַזיליען, פון דאָרט שטאַמט ער. ער האָט מיך געזעהן, האָט מיין ווייס הויז

געזעהן און איז פון'ם שיף אין טייך אריינגעשפרונגען... אָה, מיין גאָט! מיין גאָט!

איצט וויים איך אַלעס. איצט איז מיר אַלעס קלאָר. די צייט, ווען דער מענש האָט געהערשט, איז אַוועק.

„ער" איז געקומען, „ער", די ערשטע שרעק פון די פרימיטיווע, נאאיווע פעלקער, „ער", וועמען די צושראָקענע פריעסטער האָבען פערייאָגט, וועמען די מכשפים האָבען גערופען אין די פינסטערע נעכט, נישט זעהענדיג איהם. „ער", וועמען די צושראָקענע פאַנטאַזיע פון די פרימיטיווע מענשען האָט אויסגעמאָהלען אין די פערשיעדענסטע פאָרמען פון טייוואָלים און „ניט גוטע". „ער", וועמען די מענשען פון די שפּעטערע דורות מיט די פיינערע חושים האָבען דייטליכער געפיהלט, האָבען איהם אָנגערופען, ווי מעסמער, למשל, מיט די נעמען מאַגנעטיזמוס, היפּנאָטיזמוס, סוגזשעסטיאָן און מיט נאָך אַזוינע הויך־קלינגענדיגע נעמען. איך האָב געזעהן, ווי זיי האָבען זיך געשפּיעלט מיט דער דאָזיגער מורא'דיגער קראַפט ווי קינדער. וועה צו אונז! וועה צו דעם מענשען! „ער" איז געקומען, „ער", ווי הייסט ער? „ער" — מיר ווייזט זיך אויס, אַז ער זאָגט מיר זיין נאָמען, נאָר איך הער ניט קלאָר — יאָ, יאָ, ער זאָגט מיר זיין נאָמען, איך קען אָבער איהם ניט נאָכזאָגען — דער.. דער האָרלאַ... יאָ, יאָ, דער האָרלאַ, ריכטיג! דער האָרלאַ, אַזוי הייסט ער. דער האָרלאַ איז דאָ!..

אָה, דער יאַסטרעב האָט די טויב פערצוקט, דער וואָלף דאָס שעפּעלע געפרעסען, דער לייב דעם בופלאָקס מיט די שפּיציגע הערנער. דער מענש ווידער האָט דעם לייב מיט פייל, שווערד, פולווער און בליי געטויטעט, אָבער דער האָרלאַ וועט אונז מענשען מאַכען דאָס אייגענע, וואָס מיר האָבען פון פערד און אָקסען געמאַכט: זיין זאַך, זיין דיענער, זיין שפּייז. וועה איז צו אונז!

און דאָך רעבעלירט מאַנכעסמאָל די חיה געגען דעם מענשען, וועלכער האָט זי געצוימט, און טויטעט איהם. איך וועל איהם אויך... אָבער איך מוז איהם אַפריהער קאָנען, בעריהרען איהם, זעהן איהם. פאַרוואָס קען איך איהם ניט זעהן?

אָה איצט דערמאָן איך זיך אָן די ווערטער פון דעם מאַנאַך פון מאָנט־סאַן־מיכעל: „זעהען מיר דען אַ הונדערט־טויזענדסטען טהייל פון דעם, וואָס עס עקזיסטירט? נעהמט, למשל, דעם ווינד. דער ווינד איז די גרעסטע נאַטור־קראַפט. ער וואַרפט אום מענשען, שליידערט אום הייזער, רייסט אַרויס בוימער, צורודערט דעם ים, צומאַהלט פעלזען, קעהרט איבער די שטאַרקסטע שיפען, דער ווינד, וואָס טויטעט, פייפט, קרעכצט, ברילט — האָט איהר איהם שוין אַמאָל געזעהן און קאָנט איהר איהם דען אַמאָל זעהן? און דאָך איז ער דאָ, איהר קענט עס ניט לייקענען".

און איך טראַכט מיר ווייטער. מיינע אויגען זיינען אַזוי שוואַך, דאָס זיי קענען ניט אפילו אונטערשיידען פעסטע זאַכען ווען זיי זיינען דורכזיכטיג ווי גלאָז. ווען אַ גרויסע שפּיעגעל־שויב אָהן קוועקזילבער פון הינטען זאָל שטעהן מיר אין וועג, וועל איך זיך אָן איהר אָנשטויסען, פונקט ווי אַ פייגעלע אָן די שויבען פון׳ם פענסטער, בעת עס טראַגט זיך פון דרויסען אין צימער. טויזענדער זאַכען נאַרען אָפּ דאָס אויג. הייבט איז דען אַ וואונדער, ווען די אויגען קענען ניט דערזעהן אַ נייעם קערפּער, וועלכער איז זעהר פיין?

אַ נייער קערפּער. אַ נייעס וועזען. פאַרוואָס ניט? עס האָט געמוזט קומען. פאַרוואָס זאָלען מיר זיין די לעצטע? מיר זעהען ניט די נייע וועזענס, מיר דערקענען זיי ניט, פשוט דער־פאַר, ווייל זייערע קערפּערס זיינע פאָלקאָמענער, פערענדיגטער פון אונזערע. אונזערע קערפּערס זיינען שוואַך. זיי נעהרען זיך ווי פּלאַנצען, ווי חיות, פון גראָז און פליישׁ. אונזער גוף איז אַ שלעכט־געמאַכטער מעכאַניזם, וואָס איז אונטערוואַרפען צו אַלע צרות און פּלאָגען, אַ לעבערליכע משוגע־שלעכט־געמאַכטער מעכאַניזם, אַ גראָ־בעס, צוברעכליכעס ווערק, וואָס איז ניט מעהר ווי אַ סקיצע צו דעם וועזען, וועלכער האָט ווירקליך שעהן און אינטעליגענט געקאָנט זיין.

עס זיינען דאָ אַזוי וועניג פערשיעדען־אַרטיגע ברואים אויף דער וועלט, פון דער אויסטער ביז צום מענשען. פאַרוואָס זאָל

ניט זיין נאָך איין בריאה? נאָך א מין? פאַרוואס זאָלען ניט זיין ביימער מיט ריעזען־בלומען, וואס זאָלען לייכטען און דופּ־טען איבער ווייטע שטרעקעם? פאַר וואס זאָלען קיין אנדערע עלע־מענטען ניט זיין, ווי נור פייער, לופט, ערד און וואסער? פאַר וואס נור פיער? פאַר וואס ניט פערציג, פיער הונדערט, פיער טוי־זענד! ווי אָרעם, עלענד, טרויעריג איז אויף אונזער ערד, ווי קאַרג אויסגעמאָסטען, ווי ארעם צוגעטראכט, ווי אומגעלומפּערט גע־מאכט! ווי חן'עוודיג איז דער עלעפאנט, צו דער היפּפּאָפּאטאַ־מוס, ווי עלעגאנט איז דער קעמעל!

אָבער דער שמעטערלינג, וועט איהר זאגען, איז דאָך ווי א בלום, וואס פליהט. איך אָבער חלום פון אזאַ שמעטערלינג, וואס זאָל זיין גרויס ווי הונדערט וועלטען, מיט פליגלען, וואס זייער פאָרמע, שעהנקייט, פאַרב און בעוועגונג, קען איך ניט ערקלערען, אָבער וואס איך זעה פאר זיך אזוי דייטליך. ער טראָגט זיך פון שטערן צו שטערן, דערקוויקט זיי מיט דעם דופטיגען רוישען פון זיינע פליגלען. און די פעלקער דאָרט אויבען קוקען איהם נאָך מיט בעגייסטערונג, בעת ער פליהט פערביי...

וואס טהוט זיך עם מיט מיר? ער איז עס, ער, דער האָרלאַ, וואָס פערפאָלגט מיך, ער הייסט מיר טראַכטען וועגען אזוינע נאַ־רישקייטען! ער איז אין מיר. ער האָט פערנומען דעם פּלאַץ פון מיין נשמה. איך וועל איהם טויטען.

19 אויגוסט — איך וועל איהם טויטען. איך האָב איהם געזעהן. נעכטען ביי נאכט האָב איך זיך געזעצט ביים טיש און געמאכט אזוי ווי איך בין כלומר'שט פערטהאָן אין שריי־בען. איך האָב גוט געוואוסט, אז ער וועט זיך ארומדרעהען ארום מיר נאָהענט. דאַן וועל איך איהם אפשר קאָנען פאַקען. דאַן אפשר וועט די פערצווייפלונג מיר כחות געבען. איך האָב הענד, קניע, אַ ברוסט, א שטערן, צייהן — איך וועל דאָס אַלעם געברוי־כען, אום איהם צו דערווערגען, צו דערשטיקען, צובייסען און צור־רייסען, אויף שטיקער איהם צורייסען.

און איך האָב איהם געהיט. מיט אלע מיינע איבעררייצטע נערווען.

איך האָב אָנגעצונדען ביידע לאָמפּען און אויפ'ן קאַמין האָב איך אוועקגעשטעלט אכט ברענענדיגע ליכט, אום איהם בעסער צו זעהן.

פאַר מיר שטעהט מיין בעט, איין אלט אייכען־בעט מיט זיילען. רעכטס איז דער קאַמין, לינקס די טיר, וואס איך האָב זאָרגפעלטיג צוגעשלאָסען, נאָכדעם ווי איך האָב א היבשע צייט זי געהאַלטען אָפען, אום איהם אריינצולאָזען. הינטער מיר שטעהט א הויכער שפּיעגעל־שראַנק, פאַר וועלכען איך האָב זיך יעדען טאָג געראַזירט, אָנגעטהאָן זיך און אין וועלכען איך האָב זיך יע־דעם מאָל בעטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, ווען איך בין איהם פאַר־בייגעגאַנגען.

איך האָב געמאַכט, אזוי ווי איך שרייב כלומר'שט, אום איהם צו נאַרען. ער האָט מיך אויך נאָכגעשפּיאָנירט. און פּלוצים האָב איך דערפיהלט, איך בין געווען זיכער אין דעם, אז ער האָט זיך איבערגעבויגען איבער מיין שולטער און לעזט, וואס איך האָב אָנגעשריעבען. ער האָט זאגאר מיין אויער אָנגעריהרט.

איך האָב זיך אויפגעהויבען, אויסגעשטרעקט ביידע הענד און האָב זיך אזוי שנעל א דרעה געטהאָן, דאס איך בין שיער ניט גע־פאַלען. נו, און?... אינ'ם צימער איז געווען אזוי ליכטיג ווי בייטאָג און איך האָב זיך ניט געזעהן אין מיין שפּיעגעל. דאָס גלאָז איז געווען לעער, קלאָר, טיעף, העל בעלייכטעט, אָבער מיין בילד איז דאָרט ניט געווען, און איך בין דאָך געשטאַנען פאַר איהם און האָב געזעהן די גרויסע, קלאָרע שפּיעגעל־שויב פון אוי־בען ביז אונטען, געזעהן עס מיט אויגען פול שרעק! איך האָב מורא געהאַט א טראָט צו טהאָן, מורא געהאַט זיך א ריהר צו טהאָן, איך האָב געפיהלט, אז „ער" איז דאָ געווען, אז „ער" איז געשטאַנען צווישען מיר און דעם שפּיעגעל און דערפאַר האָב איך דאָרט מיין בילד ניט געזעהען.

ווי איך האָב זיך דערשראָקען! און דערנאָך האָב איך זיך פּלוצים דערזעהן אין א נעבעל טיעף אינ'ם שפּיעגעל, אין א שלייער, ווי דורך וואסער, און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אזוי ווי דאס

וואסער וואָלט געפלאָסען פון לינקס נאָך רעכטס גאנץ לאנגזאם אזוי, דאָס מיין בילד איז מיט יעדער סעקונדע ארויסגעטראָטען אלץ שארפער, אלץ דייטליכער. עס איז געווען ווי נאָך א ליקוי חמה. דאָס, וואס האָט מיך פארשטעלט, האָט ניט געהאט קיין פעסטע פאָרמע, נור א מין דורכזיכטיגקייט, וואס איז געווארען אלץ העלער און ליכטיגער.

צום סוף בין איך אימשטאנד געווען זיך אין גאנצען צו דער־קענען, ווי יעדען טאָג, ווען איך קוק אויף זיך אינ'ם שפּיעגעל.

איך האָב איהם געזעהן ! און נאָך איצט פיהל איך דעם שרעק אין אלע מיינע גליעדער און עס שווינדערט מיך.

20 אויגוסט — ווי זאָל איך איהם טויטען, אז איך קען איהם ניט כאפּען ? דורך גיפט ? אָבער ער וועט דאָך זעהן, ווי איך טהו עס אריין אין דאָס וואסער — און אגב קען איהם אונזער גיפט שעדיגען ? ניין, ניין, ניין, מסתמא ניט. וואס דען ? וואס דען ?

21 אויגוסט — איך האָב געשיקט נאָך א שלאָסער און האָב ביי איהם בעשטעלט אייזערנע לאָדען פאר מיינע פענסטער, אָט אזוינע ווי מאנכע אין פּאריז האָבען, אום זיך צו בעשיצען געגען גנבים. ער וועט מיר נאָך מאכען אן אייזערנע טיר. . . .

. . . . . . . . . . . . .

10 סעפּטעמבער — רועו, האָטעל קאָנטינענטאל. עס איז געשעהן ! עס איז געשעהן ! אבער איז ער טויט ? איך בין אין גאנצען צוטומעלט פון דעם, וואס איך האָב געזעהן.

נעכטען, ווען דער שלאָסער האָט ארויפגעטהאָן די לאָדען און די אייזערנע טיר, האָב איך אלעס געלאָזט שטעהן אָפען ביז נאָך האלבער נאכט, כאָטש עס איז געווען אביסעל קאלטליך.

פלוצים האָב איך דערפיהלט, אז „ער" איז דאָ און איך בין געווארען מלא שמחה. איך האָב זיך לאנגזאם אויפגעהויבען, בין אוועק נאָך רעכטס, דערנאָך צוריק נאָך לינקס, ער זאָל ניט וויסען, וואס איך וויל טהאָן. דערנאָך האָב איך אויסגעטהאָן די שטיוועל און אָנגעטהאָן די פּאנטאָפעל. דערנאָך האָב איך צוגעמאכט די

אײזערנע לאָדען און בין גאַנץ רוהיג צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי צװײ מאָל פערשלאָסען. דערנאָך בין איך צוגעגאַנגען װידער צום פענסטער, פערשלאָסען די לאָדען און ארונטערגעלאָזט דעם שליסעל אין קעשענע.

און פּלוצים האָב איך בעמערקט, אז „ער" איז געװאָרען אונ־רוהיג, האָט זיך גענומען בעװעגען ארום מיר. ער האָט זיך דער־שראָקען און פערלאַנגט פון מיר, איך זאָל איהם עפענען. איך האָב איהם שיער־שיער ניט געפאָלגט, אָבער דאָך האָב איך איהם דאָס מאָל ניט געפאָלגט, נור איך בין הינטערװײלעכץ צוגעגאַנגען צו דער טיר, אביסעלע זי געעפענט, נור אויף אזוי װײט, דאָס איך אליין זאָל קענען זיך דורכקװעטשען דורך איהר און אזוי װי איך בין זעהר הויך און מײן קאָפּ דערלאַנגט די פּריטילקע, האָב איך בע־שטימט געװאוסט, אז ער װעט שוין ניט קענען זיך ארויסדרעהען דורך דער טיר. דערנאָך האָב איך איהם אליין אין צימער פער־שלאָסען, גאַנץ אליין. װאָס פאַר א פרייד! איך האָב איהם ארײנ־געכאַפּט! דערנאָך בין איך ארונטערגעלאָפען אונטען, האָב א כאַפּ געטהאָן די צװײ לאָמפּען, װאָס זײנען געשטאַנען אינ'ם סאלאָן אונטער מײן שלאָף־צימער, האָב אויסגעגאָסען דעם קעראָסין אויפ'ן טעפּיך, אויף די מעבעל, אויף אלצדינג און אונטערגעצונדען. דער־נאָך בין איך ארויסגעלאָפען און פערשלאָסען פון דרויסען די ארײנ־גאַנגס־טיר.

איך בין ארײנגעלאָפען אין גאָרטען און האָב זיך פערשטעקט צװישען די קוסטען. אָה, װי לאַנג עס האָט געדויערט, װי לאַנג! ארום איז געװען שטיל, דונקעל, שטום. קײן הויך פון א װינטעלע, קײן שטערנדעל אויפ'ן הימעל. שװערע װאָלקענס האָבען געדריקט מיר אויף דער נשמה, װי שװערע בערג.

איך האָב געקוקט אויף מײן הויז און געװאַרט. אָה, װי לאַנג עס האָט געדויערט. איך האָב שוין געמײנט, אז דאָס פײער איז דאָרט אויסגעגאַנגען אָדער אז „ער" האָט עס אויסגעלאָשען, „ער". פּלוצים האָט אונטען, אונטער דעם דרוק פון דער היץ, א פענסטער געפּלאַצט, און א גרויסער רויט און געלער, לאַנגער דינער פלאַם האָט

ארויסגעזעצט און גענומען לעקען און קושען די ווייסע וואנד אזש ביז'ן דאך ארויף. דער שיין איז געפאלען אויף די בוימער, אויף די צווייגען, אויף די בלעטער און זיי האָבן געציטערט פאר שרעק. די פייגעלעך האָבן זיך אויפגעכאפט, א הונד האָט ער־געץ גענומען בילען. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז עס ווערט טאָג. דערנאָך האָבן נאָך צוויי פענסטער געפלאצט און איך האָב געזעהן, ווי דער גאנצער אונטערשטער עטאזש איז איין שטיק פייער. אָבער פלוצים האָט אין דער שטומער נאכט אָפגעהילכט א געשריי, א מורא'דיגער, שארפער, הערץ־רייסענדער געשריי, דער געשריי פון א פרוי, און צוויי פענסטער אונטער'ן דאך האָבן זיך געעפענט. איך האָב גאָר פערגעסען אָן מיינע דיענסטען. איך האָב געזעהן זייערע צוקרימטע פנים'ער און האָב געזעהן, ווי זיי ווינקען.

א שרעק האָט מיך מיט אמאָל אָנגעכאפט. איך האָב זיך א לאָז געטהאָן צום דאָרף מיט א געשריי:

— ראַטעוועט! ראַטעוועט! פייער! פייער!

איך האָב בעגעגענט מענשען, וואס זיינען שוין געלאָפען צו מיין הויז, און איך האָב זיך צוריקגעקעהרט מיט זיי.

איצט האָב איך שוין מעהר קיין הויז ניט געפונען. נור איין גרויסער שייטער־הויפען איז פערבליבען, א מורא'דיגער שייטער־הויפען, וועלכער האָט די גאנצע געגענד בעלייכטעט. א שייטער־הויפען, אויף וועלכען מענשען זיינען פערברענט געווארען און „ער" אויך, „ער", מיין געפאנגענער, דאָס נייע וועזען, דער נייער הערר, דער האָרלאַ.

פלוצים איז איינגעפאלען צווישען די וועגד דער גאנצער דאך און א פייערדיגער זייל האָט צום הימעל אויסגעשאָסען. איך האָב געזעהן דורך אלע פענסטער די גלוט דאָרט אינוועניג און איך האָב מיט שמחה געטראכט, אז ער איז דאָרט פערכאפט געווארען פון דעם פייער, אז ער איז שוין טויט.

טויט? אפשר? זיין גוף? אבער אפשר איז זיין גוף ניט אזא, וואס קאָן צושטערט ווערען פון פייער, ווי אונזערער?

ווען ער איז ניט טויט? אפשר האָט נור די צייט אליין מאכט איבער איהם? ער וואָלט ניט געהאַט דעם דאָזיגען דורכ־זיכטיגען, גייסטערהאפטען לייב, ווען ער זאָל אויך דארפען מורא האָבען, ווי מיר, פאר שמערצען, וואונדען, קראנקהייט און צושטע־רונג פאר דער צייט.

צושטערונג פאר דער צייט? פון דעם שטאַמט דער גאנצער שרעק פון דעם מענשען! נאָך דעם מענשען קומט דער האָרלאָ; נאָך דעם, וועלכער קאָן שטארבען יעדען טאָג, יעדע שטונדע, יעדע מינוט, דורך יעדעס אונגליק, איז געקומען דער, וועלכער קאָן שטאר־בען נור אין א בעשטימטען טאָג, אין א בעשטימטער שטונדע, ווען זיין צייט איז אוועק.

ניין, ניין, ער איז ניט טויט, איך בין זיכער אין דעם. אויב אזוי, אויב אזוי — וועל איך מוזען טויטען — זיך אליין, זיך אליין!...



# אַן אבענד





ער „קלעבער" האַט זיך אָבגעשטעלט, און מיט בעגייסטערטע אויגען האָב איך בעטראַכט דעם וואונדערבארען גאָלף פון באוזשיע, וועלכער האָט זיך ענטפּלעקט פאר אונז. געדיכטע וועלדער האָבען בעדעקט די הויכע בערג; אין דער ווייטער ווייטקייט האָט דער געלער זאמד ביים ים אויסגעזעהן ווי א זוים פון גאָלדענעם שטויב, און די זון האָט געשטראהלט און געגאָסען איהרע פייערדיגע שטראַהלען אויף די ווייסע הייזער פון דער קליינער שטאָדט.

די לופט איז געוועזן הייס, אפריקא'ס הייסער אָטעם האָט מיר אנטקעגען געוועהט און דערמאָנט אָן דער וויסטעניש; יענעם גרויסען געהיימניספולען וועלט טהייל, אין וועמעס אינערליכען לעבען קיין מענש פון נאָרד קען ניט אריינדרינגען. זייט דריי מאָנאטען, אז איך האָב ארומגעבלאָנדזשעט ביים ראַנד פון דער דאָזיגער דונקעלער אונבעקאַנטער וועלט, ביי די ברעגען פון דיעזען אונגעוועהנליכען ערדטהייל, דער היימאַט פונ'ם שטראַוס, דעם קעמעל, דער גאַזעלע, דעם ים פערד, דער גאָרילאַ, דעם עלפאַנט, און דעם נעגער. איך האָב געזעהן די אראַבער פארבייפליהענדיג, ווי א פאַהן, וועלכע פלאַטערט, וועהט, פליהט פערביי און ווערט פערשוואונדען. איך האָב געשלאָפען אונטער זייערע ברוינע געצעלטען, אין די טרעמפּישע הייזלאַך פון די דאָזיגע ווייסע פויגעל, וועלכע האַלטען אין איין ארומשלעפּען זיך איבער דער וויסטע. איך בין געוועזן פער'שכור'ט פון דער ליכטיגקייט, פון די איינדריקע, וואס די אונענדליכע ווייטקייט האָט אויף מיר געמאַכט.

איצט נאָך דער לעצטער רייזע האָב איך געמוזט אוועק, צו־ריק קיין פראנקרייך, קיין פּאריז, אין דער שטאָדט פון אומזיסטע פלויהערייען, פון אלטעגליכע בעטראכטונגען, פון אונאויפהערליכען דריקען די הענד. איך האָב געמוזט זיך זעגענען מיט אלע די ליעב געקראגענע זאכען, וועלכע זיינען געווען פאר מיר אזוי ניי, וועלכע איך האָב נור וואס דערקענט און וועלכע וועלען מיר דאָך שוין פעהלען.

א מאסע שיפלעך האָבען ארומגערינגעלט דעם דאמפּפער; איך בין אריינגעשפּרונגען אין איינער, וועלכע א קליינער נעגער האָט גערודערט, און באלד בין איך געשטאנען אויפ'ן ברעג נע־בען דעם אלטען סאראצענער טויער, וועמעס גרויע רואינע ביים אריינגאנג אין שטאָדט זעהט אוים ווי א אָנדייטונג פון אמאָליגער גרויסקייט.

בעת איך בין געשטאנען נעבען מיין רייזע־טאש ביים האפען און האָב אריבערגעקוקט צו דער מעכטיגער שיף, וועלכע איז נע־לענען פעראנקערט, נאָך אין גאנצען פול מיט פערוואונדערונג פאר אָט דיעזען מערקווירדיגען האפען, פאר אָט דעם דאָזיגען פעלזיגען גרונד פון הויכע בערג, בעשפּריצט פון בלויע כוואליעס פון דער בוכטע, וועלכע איז שעהנער ווי דער גלאָק פון נעאפּאָל, כמעט אזוי שעהן ווי אדזשאקקיא און פּארמא און קאָרסיקאָ — האָט א האנד זיך שווער אויף מיין שולטער ארויפגעלייגט.

איך האָב זיך אומגעדרעהט, און דערזעהען א הויכען מאן מיט א לאנגער באָרד, א שטרויענעם הוט אויפ'ן קאָפּ, אין א ווייסען פלאנעלענעם אנצוג. ער איז געשטאנען פאר מיר און מיך שארף אנגעקוקט מיט זיינע בלויע אויגען.

— זיינען מיר ניט אלטע שוהל־חברים? — האָט ער געזאָגט.

— עס קען זיין. ווי הייסט איהר?

— טרעמאולין.

— צום טייפעל! דו ביזט דאָך אין שוהלע געזעסען מיט מיר אויף איין באנק.

— זעהסט, אלטער, איך האָב דיך אויפ'ן ערשטען קוק גלייך ווידער דערקענט.

און קושענדיג זיך, האט זיין לאנגע בארד מיר די באקען גע־קיצעלט.

ער האט אויסגעזעהען צו זיין אזוי צופרידען, אזוי גליקליך אזוי פרעהליך דערמיט וואס ער האט מיך בעגעגענט, אז ער האט אין מיר אויך פלוצים אויפגעוועקט די אמאליגע פריינדשאפט און איך האב קרעפטיג געדריקט די האנד פון'ם אלטען חבר, אויך צופרידען איהם נאך אמאל צו זעהן.

טרעמאולין איז פיער יאהר נאכאנאנד געווען מיין נאהענט־סטער פריינד, דער ליעבסטער פון מיינע שוהל־חברים, וועלכע מיר פערגעסען אזוי שנעל, נאכדעם ווי מיר פערלאזען די שוהלע. דער־מאלט איז ער געווען מאגער און דין, מיט א שמאלער ברוסט און גרויסע לאנגע פיס. זיין דיקער, רונדער, שווערער קאפ האט אויסגעזעהן צו גרויס פאר דעם דארען אויסגעצויגענעם קערפער.

ער איז געווען זעהר קלוג, האט אלעם לייכט פערשטאנען און אין זיך ארייגעזאפט מיט נאטירליכע פעהיגקייטען אלע לי־טעראַרישע שטודיען. אין קלאס איז ער אימער געווען דער ערש־טער.

אין שוהלע איז מען געווען איבערגעצייגט, אז ער וועט אמאל ווערען א בעריהמטער מאן, א דיכטער געווים, ווייל ער האט פער־פאסט גראמען און האט געהאט א גאנצע מאסע סענטימענטאלע אידעען. זיין פאטער, אן אפטייקער אין פאנטהעאן קווארטאל, האט געהאט א נאמען פון ניט גאר קיין רייכען מאן.

גלייך נאכדעם ווי איך האב געענדיגט די שולע, האב איך איהם אין גאנצען פערלארען פון די אויגען.

— וואס טהוסטו דא? — האב איך געפרעגט.

ער האט געענטפערט שמייכלענדיג:

— איך בין א פלאנצער.

— געה, געה!... דו פלאנצסט?

— יא, און איך שנייד אויך.

— וואס עפעס אזעלכעס?

— ווייןטרויבען, פון וועלכע איך מאך וויין.

— און ווי געהט עס דיר?

— זעהר גוט.
— עס פרייט מיך זעהר, מיין אלטער.
— האסטו געוואלט געהן אין האטעל?
— געוויס.
— ווייסטו וואס, קום וואהנען צו מיר.
— אבער...
— דאס איז דאך זעלבסטפערשטענדליך.

און ער האט געזאגט צום נעגער־אינגעל, וועלכער האט נאכ־געקוקט יעדערע פון אונזערע בעוועגונגען:

— צו מיר, אלי.

אלי האט געענטפערט:

— גוט, מיין העהר.

דאן איז ער אנטלאפען מיט מיין רייזע־טאש אויף די אקסלען און זיינע שווארצע פיס האבען אויפגעהויבען א שטויב.

טרעמאולין האט מיך גענומען אונטער'ן ארעם און מיך אוועק־געפיהרט. צוערשט האט ער מיך געפרעגט וועגען מיין רייזע, האט געוואלט וויסען מיינע איינדריקע און דערזעהן מיין בעגייס־טערונג, האט ער פאר מיר נאך מעהר זיין הארץ געעפענט.

זיין וואהנונג איז געווען אן אלטע מורישע הויז מיט אן אינעווייניגסטען הויף, אהן פענסטער פון דער גאס צו, ארומגע־רינגעלט מיט א טעראסע, וועלכע האט געהאט א פרייען אויסבליק אויף די ארומיגע הייזער, דעם האפען, די וועלדער און דעם ים.

איך האב אויסגערופען:

— אך, דאס ליעב איך! דא לאכט מיר דער גאנצער אריענט אין הארצען אריין. גאט, ווי גליקליך דו דארפסט זיין, וואס דו קענסט־דא לעבען! די נעכט מוזען דא זיין וואונדער־שעהן אויף דיין טעראסע! שלאפסטו דא?

— יא, זומער שלאף איך דא. היינט ביי נאכט געהען מיר ארויף. האסטו ליעב פיש צו כאפען?

— יא.

— ביי דער נאכט, פאר דעם שיין פון פאקעלן?

— אך, דאס איז מיין טרוים.

— נו, דאן געהען מיר נאכ'ן עסען כאפען פיש. און שפעטער וועלען מיר אויף מיין דאך נאך טרינקען א גלעזעל סארבעט.

נאכדעם, ווי איך האב זיך אויסגעבאדען, האט ער מיר גע־וויזען די רייצענדע קאבילישע שטאדט, וועמעס ווייסע הייזער האבען זיך ווי א וואסער־פאלל צום ים געצויגען. און דאן, ווען עס איז נאכט געווארען, זיינען מיר אהיים געקומען און נאך א וואונדערבארען דיננער זיינען מיר צום ברעג אוועק.

מען האט מעהר גאר נישט געזעהען אויסער די בעלויכטענע גאסען, דאס ליכט פון די שטערען, יענע גרויסע, לייכטענדע, בליסטשענדיגע שטערן פון'ם אפריקאנישען הימעל.

אין האפען האט געווארט א שיפעל, און אזוי שנעל ווי מיר זיינען געזעסען אינעווייניג, האט א מאן, וועמעס פנים איך האב ניט געקענט דערקענען, גענומען רודערן. מיין פריינד האט דערווייל געבראכט אין ארדנונג די קוילען־פאננען, וועלכע ער האט שפעטער געזאלט אנצינדען. ער האט צו מיר געזאגט:

— גיעב אכטונג, איך וועל פיהרען די הארפונע. עס וועט זיין וואס צו זעהן.

—איך ווינש דיר גליק.

מיר זיינען אבגעפאהרען א ווייל׳ע און דאן זיינען מיר צוגע־קומען צו א קליינער בוכטע פון אלע זייטען מיט הויכע פעלזען ארומגערינגעלט, וועמעס שפיגעל־בילד האט אויסגעזעהען, ווי טור־רעמס אונטער'ן וואסער געבויט. און איך האב פלוצים בעמערקט, ווי דער ים לייכט. די רודערס, וועלכע האבען לאנגזאם און רעגעל־מעסיג דאס וואסער צוקלאפט, האבען מיט יעדער קלאפ זייערען ארויסגערופען עפעס א מאדנעם לעבעדיגען, אייגענארטיגען גלאנץ, וועלכער האט זיך א ווייל׳ע געצויגען הינטער אונז, און דאן זיך אויסגעלאשען. איך האב זיך אריבערגעבויגען איבער דעם שיפעל און נאכגעקוקט יענעם שטראם פון בלאסען ליכט, וועלכען די רו־דערס האבען צושניטען, יענעם אונערקלעהרליכען גלאנץ פון ים, יענעם קאלטע פייער, וועלכען יעדע כוואליע מאכט גרעסער און וועלכע שטארבט אין גאנצען אב, אזוי שנעל ווי דאס וואסער ווערט רוהיג און גלאט. אין דער דונקעלהייט האבען מיר אלע

דריי זיך געטראָגען אין דעם שיפעל איבער דעם דאָזיגען פייער־דיגען וועג.

וואוהין?

איך האָב מיין שכן ניט געקענט זעהן. איך האָב בלויז געזעהן די בליסטשענדיגע כוואַליעס און די וואסער־פונקען, וואָס האָבען פון די רודערס געקאַפּעט. עס איז געווען וואַרעם; די ארומיגע פינסטערניש האָט געשיינט צו זיין אָנגעהייצט פון עפּעס א גרויסען אויוועז אין דער לופטען. און מיר איז געוואָרען עפּעס מאָדנע אויף'ן הארצען פון דער דאָזיגער געהיימניספולער רייזע מיט די ביידע מענער אין דעם שטילען שיפעל.

פון דערווייטענס האָבען געהאַוקעט הינט, יענע מאָגערע אַראַבישע הינט מיט רויטע האָר, מיט א שפּיציגען פיסק און בליסטשענדיגע אויגען. זיי האָבען געהאַוקעט ווי יעדע נאכט אין דיעזען ווייטען לאַנד און זייער האַוקען האָט זיך געהערט פונ'ם ברעג ים ביז טיעף אין דער וויסטעניש אריין, וואו די נאָמאַדישע שטאַמען וואָהנען; פוקסען, שאַקאַלען, היענעס האָבען אָבגעענט־פערט, און ניט גאַנץ ווייט אוועק האָט זיך געהערט דער געבריל פון אַן איינזאַמען לייב.

פּלוצים האָט זיך דער רודערער אָבגעשטעלט. וואו זיינען מיר געווען? געבען מיר האָט זיך דערהערט א שטילער גערויש: א שוועבעלע איז אָנגעצונדען געוואָרען און איך האָב דערזעהן א האַנד, נור איין האַנד, וועלכע האָט צוגעטראָגען דאָס קליין פלאָם־עלע צו אַן אייזערנעם קאָרב, וואָס איז געהאַנגען אויפ'ן שפּיץ פון שיף, אָנגעפילט מיט האָלץ ווי א שווימענדער שייטערהויפען.

ערשטוינט האָב איך עס אָנגעקוקט, ווי דער דאָזיגער אָנבליק וואָלט פאַר מיר געווען ניי און אויפרעגענד, און מיט גרויס אינטע־רעס האָב איך נאָכגעפאָלגט דעם קליינעם פלאָם, ווי ער האָט אויפ'ן ראַנד פון דעם שייטערהויפען אָנגעצונדען עטליכע דינע שטעק־לאַך און זיי האָבען גלייך גענומען קנאַקען.

און פּלוצים האָט אין דער טויט שטילער נאכט, אין דער שווע־רער הייסער נאכט, אויפגעפלאַקערט א העלער, קלאָהרער פייער און אין דער ארומיגער פינסטערניש, וועלכע האָט אונז אזוי שווער גע־

דריקט, בעלויכטען דאָס שיפעל און די צוויי מענער: אן אלטען, מאָגערען מאַטראָז, א ווייסען און צורונצעלטען, מיט א טיכעל דעם קאָפּ ארומגעבונדען און טרעמאולין, וועמעס בלאָנדע באָרד האָט געלויכטען.

— פאָרוועדטס! — האָט ער געזאָגט. דער צווייטער האָט ווידער גענומען רודערן און דאָס שיפעל איז אוועק ווייטער. טרעמאולין האָט נאָכאַנאַנד צוגעוואָרפען האָלץ אין פייער אריין, וועלכער האָט אויפגעלויכטען אין רויטע פלאַמען.

איך האָב זיך ווידער אריבערגעבויגען איבער'ן שיפעל און דערזעהן דעם גרונד פון ים. א פּאָר פוס אונטער'ן שיפעל האָט ער זיך געפונען, און ווען מיר זיינען לאַנגזאַם פאַרבייגעפאָהרען האָט זיך פאַר אונז געעפענט דאָס לעבען אונטער'ן וואַסער. דאָס פייער האָט געוואָרפען זיין העלען שיין ביז צו די פעלזען און מיר זיינען געפאָהרען איבער וועלדער און זעלטענע דונקעל רויטע, ראָזע, גרינע, געלע פלאַנצען. צווישען זיי און אונז איז געלעגען א דורכזיכטיגער פליסיגער שפּיגעל קוים וואָס מען האָט איהם געזעהן און האָט זיי צוגעגעבען א פאַנטאַסטישען אויסזעהן, האָט זיי בעגאָסען מיט א בעזונדערן מין צויבער, וועלכען מען זעהט אמאָל נור אין חלום. מיר האָבען זיך גאָר פערגעסען אָן דער ווירקליכקייט, עס האָט אונז אויסגעוויזען, אז מיר שוועבען ערגעץ אין א שעהנעם חלום.

מאַנכעס מאָל זיינען די דאָזיגע פלאַנצען ארויסגעוואַקסען ביז איבער'ן וואַסער, ווי צושאָטענע האָר, וועלכע האָבען זיך קוים בעוועגט אהין און אהער, בעריהרט פון אונזער שיפעל.

און יעדע ווייל'ע האָט פון וואַסער א שפּרונג געטהאָן א זילבערנער פיש און איז גלייך ווידער פערשוואונדען. אנדערע ווידער זיינען געהאַנגען נאָך אין שלאָף צווישען די פלאַנצען אונטען און האָבען געבליסטשעט ווי זילבער. אָפּט איז א קרעבס פאַרבייגעלאָפען און איז פערשוואונדען אין א לאָך, אדער א בלויליכע פלאַנצונג, מסתמא. א ים בלום האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אין דעם ווייסען שוים, וואָס אונזער שיפעל האָט הינטער זיך געלאָזען. דערנאָך איז דער גרונד פלוצים פערשוואונדען, אזוי ווי ער וואָלט פון

א מורא'דיגער טיעפקייט פערשלונגען געווארען. א דיקער נע־בעל האט זיך מיט אמאל איבער אלעם צושפרייט. איצט האט מען נור קוים קוים געקענט אונטערשיידען אונבעשטימטע מעכטי־גע פעלזען און דונקעלע ים גראז, וואס איז פון דעם שטארקען פייער אויף אונזער שיפעל בעלויכטען געווארען.

טרעמאולין איז געשטאנען אויפ'ן שיפעל אויסגעבויגט און האט זיך איינגעקוקט אויף די פעלזען, אויף די פלאנצען, אין די הענד האט ער געהאלטען אנגעגרייט אזא מין שטאנג מיט א שאר־פען אייזערנעם שפיץ, וואס האט אויסגעזעהן, ווי א גרויסער גא־פעל מיט דריי שפיצען.

פלוצים האט ער א ווארף געטהאן דעם דאזיגען שטאנג אין וואסער אריין מיט אזא פלינקייט און זיכערקייט, דאס ער האט א גרויסען פיש, וואס איז פערבייגעלאפען, געטראפען. איך האב נור טרעמאולין'ס בעוועגונג געזעהן, באלד אבער האב איך געהערט, ווי ער האט פאר פרייד געקוואלען, און ווען ער האט זיין שטאנג אין דעם העלען שיין פונ'ם פייער אויפגעהויבען, האט זיך א וואסער חיה אויף די אייזערנע שפיצען געצאפעלט. דאס איז גע־ווען א ים שלאנג. מיין פריינד האט זי בעטראכט און האט מיר אויף איהר אנגעוויזען, האלטענדיג זיך אנטקעגען פייער, דערנאך האט ער זי א ווארף געטהאן אויפ'ן דעק פון שיף. די ים שלאנג מיט א צולעכערטען לייב, האט זיך ארומגעווארפען אין שיף, געדרעהט זיך צווישען מיינע פיס, האט געזוכט א לאך צו אנטלוי־פען און איז פערקראכען אויף דעם אנדערען עק שיף, וואו עס איז געשטאנען א לוזשע וואסער, אריינגעקייקעלט זיך אהין כמעט א טויטע.

איצט האט טרעמאולין מיט מערקווירדיגער געשיקטקייט, שנעל ווי דער בליץ, מיט אונגעוועהנליכער זיכערקייט געפאנגען די זעלטענע איינוואהנער פונ'ם ים. אונטער דעם שיין פון פייער האב איך נאכאנאנד געזעהן דאס צאפלען זיך אין דער לעצטער אגאניע פון טויט, זילבערנע וואלף־פישען, דונקעלע מוראנען מיט בלוט־רויטע פינטעלעך, שלאנגען קעפ מיט אויפגעשטעלטע שטע־כעדיגע האר, טינט־פיש, מאדנע וואסער חיות, וואס האבען פון

זיך ארויסגעשפּריצט אַ טינט און האָבען דאָס שיף און דעם ים ארום איהם אויף עטליכע מינוט שווארץ געמאכט.

אין דער אייגענער צייט האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איך הער כסדר געשרייען פון פויגעל. איך האָב זיך איינגעקוקט, גע־זוכט מיט די אויגען צו דערגעהן פון וואנען עס טראָגען זיך די דאָזיגע שניידענדע געשרייען, וואס האָבען געקלונגען דאָ פון נאָ־הענט, דאָס פון ווייט, דאָ קורץ אָבגעהאקט און דאָ לאַנג אויסגע־צויגען. שטימען אָהן א צאָהל, נאָכאנאנד אונאונטערבראכען, אזוי ווי אַ גאנצע מחנה פויגעל וואָלטען איבער אונז געשוועבט פונ׳ם פייער צוגעצויגען. מאנכעס מאָל אָבער האָט זיך מיר אויסגע־וויזען, אז די דאָזיגע פויגעל שטימען הערען זיך ניט פון אוי־בען, נור טראגען זיך פון אונטען, פון וואסער ארויס.

איך האָב געפרעגט:

— וואָס פייפט עס אזוי?

— דאָס שיפען אזוי די קוילען, וואָס פאלען אין וואסער אריין.

און אין דער אמת׳ן, דאָס איז געווען דער שייטערהויפען, וואס האָט א גאנצען רעגען פון פייערדיגע פונקען אויפ׳ן ים געשאָטען. גליהענד, נאָך ברענענדיגע זיינען זיי ארונטערגעפאלען און פער־לאָשען געווארען מיט א שטילען אדער דורכדרינגענדען שיפען. עס איז מערקווירדיג געווען דאָס צו הערען, אמאָל האָט עס געקלונ־גען, ווי אַ שטיל סוויסטשען און אמאָל ווי אַ קורצער געשריי פון אַ וואנדער פויגעל. זיי האָבען געקלונגען ווי די שטימען פון לע־בעדיגע בעשעפענישען, אזוי מאָדנע און אזוי געהיימניספול.

פלוצים האָט טרעמאולין אויסגערופען:

— אזא בעסטיע!

ער האָט אַ וואָרף געטהאָן זיין שטאנג, די הארפונע, ווי ער האָט עס גערופען, און ווען ער האָט זי ארויסגעצויגען, האָב איך דערזעהן עפּעס ווי אַ גרויסען, רויטליכען קאמפּלייש, וועלכער האָט זיך איינגעדרעהט אין די צייהן פונ׳ם שטאנג און זיך צוגעקלעפּט צום שטעקען. עס האָט זיך געצאפּעלט, געדרעהט אהין און אהער, אויסגעצויגען זיינע לאַנגע, ווייכע שטארקע לאפּקעס און געקלאפּט

מיט זיי אָן דעם שטאַנג. דאָס איז געווען אַ טינט־פיש מיט אַכט לאַפּקעס.

ער האָט צו מיר אויסגעשטרעקט זיין פאַנג און איך האָב געקענט אונטערשיידען ביידע גרויסע אויגען פון דער חיה, וועלכע האָבען מיך אָנגעגלאָצט. ארויסשטארצענדיגע אויגען, וועלכע האָבען מורא׳דיג געקוקט פון טיעפע, ווי זעק לעבער. די חיה האָט געמיינט, אַז זי איז פריי און זי האָט לאַנגזאַם אויסגעצויגען איהרע לאַפּקעס און גענומען מיט זיי טאַפּען מיר אַנטקעגען. די שפּיצען זיינען געווען פּיין און דין ווי אַ פאָדעם און אַזוי גיך ווי איינע פון זיי האָט זיך איינגעזויגען אין דעם ראַנד פון שיף, האָט זיך גלייך בעוויזען אַ צווייטע, וועלכע האָט זיך גענומען ציהען און אוועק נאָך דער ערשטער. מען האָט געפיהלט אין דעם דאָזיגען ווייכען, מוסקעלדיגען קערפּער אַן אונווידערשטעהליכע קראַפט. טרעמאולין האָט געעפענט זיין מעסער און איהם אריינגעשטאָכען דער חיה צווישען ביידע אויגען.

מען האָט דערהערט אַ זיפץ, ווי אַ הויך פון דער לופט און דער פּאָליפּ, די וואַסער חיה, האָט זיך אויפגעהערט צו בעוועגען.

און דאָך איז ער נאָך ניט געווען טויט, דען דער דאָזיגער נערוועזער קערפּער האָט אין זיך אַ סך לעבען. אָבער זיין קראַפט איז געווען צושטערט, די לופט־פּייפ צופּלאַצט, ער האָט ניט געקענט מעהר קיין בלוט טרינקען און די קרעבסען אויסזויגען.

עפּעס אַזוי ווי וועלענדיג זיך שפּיעלען מיט דער שטאַרבענדער חיה, האָט טרעמאולין אַרונטערגענומען איהרע קראַפּטלאָזע לאַפּקעס פון ראַנד שיף און פּלוצים איז אויף איהם אָנגעפאַלען אַ ווילדער כעס:

— וואַרט אָקאָרשט, איך וועל דיר באַלד דיינע לאַפּקעס אָנוואַרימען!

ער האָט ווידער אַרויפגענומען די חיה אויף דעם שפּיציגען שטאַנג אַרויף, האָט עס אַ הויב געטהאָן אין דער הויך און צוגעטראָגען די פיינע לאַפּקעס פון דער ים חיה צו דעם רויט גליהענדען אייזען פונ׳ם פייערבעקען.

זיי האָבען זיך צוזאַמענגעדרעהט, געראַנגעלט אַהין און אַהער

אין דעם גליהענדען פייער ביז זיי האבען געפּלאצט. די יסורים פון דער מורא'דיגער חיה זיינען געווען שרעקליך, איך האב עס ניט געקענט צוזעהן.

— טהו דאס ניט! — האב איך א געשריי געטהאן.

ער האט געענטפערט גאנץ רוהיג:

— גערעכט אויף איהם!

דאן האט ער איהם א ווארף געטהאן אין שיף אריין, דעם געפּלאצטען, צו'הרג'עטען פאליפ, וועלכער האט זיך געלאזט קריכען צווישען מיינע פיס ביז צו דער לוזשע וואסער אויפ'ן דעק, וואו ער האט זיך צוזאמענגעדרעהט צווישען דעם הויפען טויטע פיש, אום דארט צו שטארבען.

אונזער פיש פאנג האט געדויערט נאך לאנג, צום סוף איז אויסגעגאנגען דאס האלץ.

ווען עס איז שוין ניט געבליעבען מעהר מיט וואס דעם פייער צו דערהאלטען, האט טרעמאולין אריינגעווארפען דעם גאנצען פלאם אין וואסער אריין. און די נאכט, וועלכע איז ארום אונז פון די לייכטענדע פלאמען פערטריעבען געווארען, האט זיך מיט אמאל אויף אונז אראבגעלאזען און אונז ווידער אין גאנצען אין איהר פינסטערניש איינגעוויקעלט.

דער אלטער האט גענומען רודערן לאנגזאם מיט רעגעלמעסיגע בעוועגונגען. וואו איז געווען דער האפען, וואו דאס לאנד? וואו דער אריינגאנג צום ברעג, וואו דער אפענער ים? איך האב דערפון קיין אהנונג ניט געהאט. דער פאליפ האט זיך נאך געצאפּעלט ארום מיינע פיס; מיר האט זיך געדאכט, אז מיר טהוען וועה די נעגעל, עפּעס אזוי ווי מען וואלט מיר אויף די שפּיץ פינגער צוברענט.

פלוצים האב איך דערזעהן ליכט; מיר האבען זיך אומגעקעהרט צוריק אין האפען.

— ביזטו מיעד? — האט געפרעגט מיין פריינד.

— ניין.

— קום, מיר וועלען ביי מיר אויפ'ן דאך נאך א ווײלע פלוידערן.

— מיט פערגעניגען.

אין דער מינוט, ווען מיר זיינען אויף דער טעראסע ארויס, האָב איך דערזעהן, ווי די לבנה געהט אויף צווישען די בערג. א ווארעם ווינטעלע האָט געבלאָזען און מיטגעבראכט מיט זיך לייכטע ריחות, עפּעס ווי ער וואָלט אויף זיין וועג צווישען זוניגע לענדער דעם דופט פון די גאָרטענס אין זיך איינגעזויגען.

ארום אונז האָבען זיך געצויגען ווייסע הייזער מיט פיער־קאַנטיגע דעכער ביז צום ים ארונטער. אויף די דאָזיגע אַלע דעכער האָבען זיך געזעהען, ליגענדיג אָדער שטעהענדיג, מענש־ליכע געשטאַלטען, וועלכע האָבען געשלאָפען אדער געטרוימט אונ־טער די ליכטיגע שטערן; גאַנצע פאַמיליעס, אין לאַנגע פלאַ־נעלנע כאַלאַטען איינגעוויקעלט, האָבען זיך געקוויקט אין דער מילדער ביינאַכטיגער לופט נאָך דער היץ פון טאָג.

דאָ האָט זיך מיר פלוצים געדאכט, אז איך דרינג אריין אין דער נשמה פונ׳ם אָריענט, דער נשמה וואָס איז אזוי פול מיט פּאָעזיע און לעגענדען, אז איך בעגרייף די דאָזיגע איינפאַכע מענ־שען מיט זייערע געדאנקען, וועלכע זיינען אזוי רייך אין בילדער. און בילדער פון דער ביבעל, פון די מעשה׳לעך פון טויזענד און איין נאכט האָבען אָנגעפילט מיין גאַנצע הארץ. און עס האָט זיך מיר געדאכט, אז איך הער די נביאים, ווי זיי זאָגען פאראוים וואונדער, נסים און אויף די טעראסען פון די פּאַלאַצען האָב איך געזעהן פרינצעסינס אין זיידענע הויזלאָך אָנגעטהאָן, בעת אויף זילבערנע בעקענס האָבען זיך געדרויכערט שמעקענדיגע בשמים, וועמעס רויך איז ווי א גייסט אין דער לופט פערשוואונדען.

איך האָב געזאָגט צו טרעמאולין׳ען:

— דו דארפסט זיין גליקלאָך, וואס דו וואָהנסט דאָ!

ער האָט געענטפערט:

— דער צופאַל האָט מיך אהער געבראכט.

— דער צופאַל?

— יאָ, דער צופאַל און אונגליק.

— ביזטו געוועז אונגליקלאָך?

— זעהר אונגליקלאך.

אין זיין בורנוס איינגעוויקעלט איז ער געשטאַנען פאר מיר. און דערהערט דעם טאָן פון זיין שטימע האָט מיך ביים הארצען פערקוועטשט אזוי טרויעריג און שמערצליך איז זיין אויסדרוק געווען.

נאָך א קורצען שטילשווייגען האָט ער געזאָגט:

— איך קען דיר מיין אונגליק דערצעהלען, אפשר וועט מיר גרינגער ווערען אויפ'ן הארצען, ווען איך וועל דערפון רעדען.

— דערצעהל!

— ווילסטו הערען?

— יא.

— אלזאָ, הער אויס. דו ווייסט דאָך ווי איך בין געווען אין דער שולע: א מין סאָרט דיכטער, וועלכער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אין אן אפטהעק. איך האָב געטרוימט צו שרייבען ביכער און האָב עס אויך פּרובירט טהאָן נאָך דעם עקזאמען, אבער עס איז ניט געגאנגען. איך האָב ארויסגעגעבען א באנד געדיכטע, דאן א ראָמאן:ביידע האָבען זיך ניט פערקויפט. דאן האָב איך אָנגעשריעבען א טהעאטער שטיק, וועלכע איז קיינמאָל ניט אויפגעפיהרט געווארען.

און דאָ האָב איך זיך פערליעבט. איך וויל דיר ניט לאַנגווייליגען מיט מיין ליידענשאַפט. נעבען מיין פּאָטער'ס אפּטהעק האָט געוואָהנט א שניידער, וועלכער האָט געהאַט א טאָכטער. זי האָב איך געליעבט. זי איז געווען קלוג, האָט אבגעגעבען עקזאמען אלס לעהרערין, האָט געהאַט א לעבעדיגע נאַטור, אימער געווען פרעהלאך, מונטער, וואָס האָט זעהר געפּאסט צו איהר נאַנצער פּערזאָן. מען האָט געקענט מיינען, אז זי איז אלט א יאָהר פופצעהן, הגם זי איז געווען עלטער פון צוויי און צוואַנציג. זי איז געווען קליין און האָט געהאַט ציגע און שטריכען, ווי א צאַרטע קליינע ליאַלקע. איהר נאָז, איהר מויל, איהרע בלויע אויגען, איהרע בלאָנדע האָר, איהר שמייכעל, געשטאַלט, האנד, אלעס איז געווען געמאַכט אזוי, ווי עס זאָל דארפען שטעהן הינטער א גלעזערנער שאַפע, אבער ניט פאר דעם הארטען לעבען.

און דאָך איז זי געווען לעבעדיג, בעוועגליך און טהעטיג אָהן א שיער. איך האָב זיך אין איהר זעהר שטארק פערליעבט. איך דערמאָן זיך נאָך ביז היינט אָן צוויי אָדער דריי שפּאַציערגאַנגען אין לוקסענבורגער גאָרטען נעבען ברונעם פון דער מעדיצשי, וועלכע זיינען געווים געווען די שעהנסטע שטונדען פון מיין לעבען. ניט אמת, דיר איז געווים בעקענט דער משוגע'נער, פערליעבטער צושטאנד, וועלכער ברענגט אונז דערצו, אז מיר זאָלען פון קיין אנדער זאַך ניט טראַכטען, אויסער דעם געגענשטאנד פון אונזער פערגעטערונג. מען ווערט אזוי בעהערשט פון אזא פרוי, אז אויסער איהר איז פאר אונז גאָר נישט אויף דער גאנצער וועלט נישטאָ.

באַלד זיינען מיר געוואָרען חתן כלה. איך האָב איהר ערקלעהרט מיינע פּלענער פאר דער צוקונפט, אָבער זי האָט פון זיי ניט פיעל געהאַלטען. זי האָט מיך ניט געהאַלטען ניט פאר קיין ליריקער, ניט פאר קיין ראָמאַנען שרייבער און נאָך ווייניגער פאר א דראַמאַטורג, זי האָט געדענקט, אז א קראָם, ווען עס זאָל געהן גוט וואָלט געווען דאָס בעסטע.

איך האָב אַלזאָ אויפגעגעבען צו שרייבען ביכער און האָב זיך בעגוגענט דערמיט זיי צו פערקויפען. איך האָב אין מאַרסעל איבערגענומען „דעם אַלגעמיינעם בוך האַנדעל“, וועמעס אייגענטימער איז געשטאָרבען.

דריי יאָהר נאָכאַנאַנד איז אונז געגאַנגען זעהר גוט, מיר האָבען פון אונזער געשעפט געמאַכט א מין ליטעראַרישען סאַלאָן, וואו אַלע מענשען פון שטאָדט, וועלכע האָבען זיך געאינטערעסירט מיט ליטעראַטור, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, אום צו פּלוידערען.

מען איז געגאַנגען צו אונז ווי אין א קלוב. מען האָט גערעדט איבער ביכער, דיכטער און איבערהויפּט איבער פּאָליטיק. מיין פרוי, וועלכע האָט געפיהרט דאָס געשעפט, האָט זיך פערשאַפט א נאָמען אין שטאָדט. — בעת מען האָט אזוי געפּלוידערט אונטען, האָב איך אויבען אויפ'ן ערשטען שטאָק געאַרבייט אין מיין צימער, וועלכער איז געווען פערבונדען מיט דער

קראָם דורך אַ געדרעהטע טרעפּ. איך האָב געהערט שטימען, גע־לעכטער, אונטערהאַלטונג און מאַנכעס מאָל האָב איך אויפגעהערט שרייבען, כדי זיך צוצוהערען. איך האָב שטילערהייד זיך גע־נומען צו אַ נייעם ראָמאַן, וועלכען איך האָב אָבער קיין מאָל ניט געענדיגט.

אונזערע שטענדיגע געסט זיינען געווען, הערר מאַנטינאַ, אַ לענדלאָרד, אַ הויכער שעהנער יונג, די ריכטיגע זידלענדישע, מענ־ליכע שעהנהייט, מיט שוואַרצע האָר און אַרויספּאָדערנדיגע אוי־גען; הערר באַרבעט, אַ מאַגיסטראַט בעאַמטער, דאַן צוויי סוחרים, פּאוסיל און לאַבאַררעגוע, און צום סוף דער גענעראַל מאַרקיז דע־פּלעשע, דער פיהרער פון דער ראָיאַליסטישער פּאַרטיי. ער איז געווען דער וויכטיגסטער מענש אין דער גאַנצער פּראָווינץ, אַן אַלטער מאַן פון אַ יאָהר זעקס און זעכציג.

די געשעפטען זיינען געגאַנגען גוט, איך בין געווען גליק־לאַך, זעהר גליקלאַך.

איין מאָל אַ געוויסען טאָג אַזייגער דריי, ווען איך בין גע־גאַנגען עפּעס בעזאָרגען פאַר'ן געשעפט, בין איך אַריין אין דער רוע סיינט־פּעררעאָל. און פּלוצים האָב איך פון אַ טיר דערזעהן אַרויסגעהענדיג אַ פרוי, וועלכע איז געווען אַזוי עהנליך צו מיין ווייב, אַז איך וואָלט זיכער געמיינט, אַז דאָס איז זי, ווען איך זאָל זי ניט האָבען געלאָזט מיט אַ שטונדע צוריק אין געשעפט ניט גאָר קיין געזונדע. מיט שנעלע טריט, זיך ניט אומקוקענדיג, איז זי פאַר מיר פאַרבייגעגאַנגען און ערשטוינט און אַביסעלע בע־אונרוהיגט האָב איך איהר נאָכגעפאָלגט, אפשר אַליין ניט וויסענ־דיג און ניט וועלענדיג.

איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין: דאָס איז ניט זי. ניין. עס איז אונמעגליך, זי האָט דאָך קאָפּ שמערצען. און וואָס האָט זי דען צו טהאָן דאָ, אין דיעזען הויז?

איך האָב אָבער געוואָלט זיין גאַנץ זיכער און בין געגאַנגען וואָס שנעלער, אום איהר אָנצויאָגען.

איך וויים ניט, צי האָט זי מיך דערשמעקט, זיך אָנגעשטויר־סען, אָן די טריט דערקענט — איך וויים ניט. זי האָט זיך קורץ

א דרעה אום געטהאָן — דאָס איז געוועזן זי. ווען זי האָט מיך דערזעהן, איז זי געוואָרען רויט, געבליעבען שטעהן און געזאָגט מיט א שמייכעל:

— אך, דו ביזט עס?

מיר האָט א שניט געטהאָן ביים הארצען.

— יא, דו ביזט דאָך אויסגעגאנגען, ניט קוקענדיג אויף דיין קאָפּ וועהטאָג?

— עס איז מיר געוואָרען בעסער. איך האָב עפּעס בעזאָרגט.

— וואָס אזוינס?

— איך בין געוועזן ביי לאַקיוסאַד, רוע קאססינעללי, אום צו בעשטעלען בליישטיפטען.

זי האָט מיר געקוקט גלייך אין די אויגען, איז מעהר ניט געווען רויט, גיכער אפשר עטוואָס בלייך. פון איהרע קלאָהרע, העלע אויגען — אך די דאָזיגע פרויען־אויגען! — האָט געשיינט דער אמת ארויסצורעדען. אבער איך האָב געהאַט אַן אונבעשטימטען, שמערצליכען געפיהל, אז זי לייגט. איך בין געוועזן צו־טומעלטער, צומישטער, אין אן אונאנגענעהמערער שטימונג ווי זי. איך האָב ניט געוואגט זי אין עפּעס צו פערדעכטיגען, אָבער איך בין געוועזן זיכער, אז זי לייגט.

איך האָב נור געזאָגט:

— דו האָסט גוט געטהאָן, וואָס דו ביזט אביסעל ארויסגע־גאנגען, ווען דיינע קאָפּ שמערצען זיינען בעסער געוואָרען.

— יא, פיעל בעסער.

— געהסטו אהיים?

— יא, געוויס.

איך האָב זי פערלאַזען און בין אליין אוועק ווייטער. וואָס געהט דאָ פאָר? ווען איך בין געשטאַנען אנטקעגען איהר, האָב איך געהאַט א געפיהל, אז זי איז פאַלש. און איצט האָב איך אין דעם ווידער געמוזט צווייפלען און ווען איך בין אהיים געקומען צום עסען, האָב איך זיך געמאַכט פאָרווירפע, פאר וואָס איך האָב זי כאָטש אויף איין מינוט געקענט פערדעכטיגען.

ביזטו אַמאָל איבערזיכטיג געוועזן? — אויב יאָ אָדער ניין איז גאַנץ גלייך. דער ערשטער טראָפּען פון איבערזיכט איז אין מיין הארצען געפאַלען — דאָס זיינען פייערדיגע טראָפּענס. איך האָב קיין שלום ניט געצווינגען, איך האָב אויף איהר גאָר נישט געגלויבט; איך האָב געוואוסט נור איין זאך: זי האָט געליגט. שטעל זיך פאָר, יעדען אבענד, ווען מיר זיינען געבליעבען אליין, נאָכדעם ווי די קונדען און די קלערקס זיינען אוועק, סיי אין א שעהנעם וועטער, ווען מיר האָבען ביים האפען שפּאצירט, סיי מיר זיינען געבליעבען זיצען אין מיין צימער, ווען אין דרויסען איז שלעכט געוועזן, האָב איך אָהן ריקזיכט פאר איהר מיין הארץ געעפענט און איהר אַלעס דערצעהלט: ווייל איך האָב זי גע־ליעבט. זי איז געוועזן א טהייל פון מיין לעבען, דער וויכטיגסטער טהייל, מיין גאנצע פרייד. אין איהרע קליינע הענטלעך האָט זי געהאַלטען געפאנגען מיין אָרעמע, פערטרויענספולע, טרייע נשמה.

אין די ערשטע טעג, אין יענע ערשטע טעג פון צווייפעל און אומעדיגקייט, איידער דער פערדאַכט האָט אָנגענומען א בעשטימ־טע געשטאַלט און איז שטארקער געווארען, האָב איך זיך גע־פיהלט אזוי נידערגעשלאָגען, מיך האָט אזוי געשווינדעט, ווי איך וואָלט געווען פאר עפּעס א שווערער קראנקהייט.

פאר וואס האָט זי געזאָגט ליגען? וואס האָט זי געהאט צו טהאָן אין יענעם הויז? איך בין אוועק אהין און פּרובירט דאָס אויסגעפינען. איך האָב זיך אָבער גאָר נישט דערוואוסט. דער קווארטיראנט אויפ'ן ערשטען שטאָק, א טאַפּעצירער, האָט מיר אויסגערעכענט אַלע זיינע שכנים, אָבער איך בין דערפון ניט קלינגער געווארען. אויפ'ן צווייטען שטאָק האָט געוואָהנט א הע־באַם, אין דריטען א שניידערקע און א נעגעל פּוצערין; אונטער'ן בוידים צוויי קוטשערס מיט זייערע פאמיליעס.

פאר וואס האָט זי געזאָגט ליגען? זי האָט דאָך מיר לייכט געקענט זאָגען, אז זי איז געוועזן ביי דער שניידערקע אָדער ביי דער פרוי, וואס פּוצט די נעגעל. מיך האָט געמאַטערט א פער־לאַנג די לייטע אויסצופרעגען. איך האָב עס ניט געטהאָן אויס

מורא, אז זי זאָל זיך דערפון ניט דערוויסען און זאָל זיך דאַן אָנשטויסען אויף מיין פערדאַכט.

זי איז אַלזאָ געגאַנגען אהער אין הויז און האָט עס פון מיר בעהאַלטען. דאָ שטעקט עפּעס אונטער דעם. וואס? מאַנכעס מאָל האָב איך מיר אויסגעטראַכט גאַנץ שעהנע גרינדע, עפּעס א גוטע טהאַט, וועלכע זי האָט געוואָלט בעהאַלטען, אפשר עפּעס א נדבה, א שטיצע, פון וועלכער זי האָט ניט געוואָלט רעדען, און איך האָב זיך געמאַכט פאַרווירפע פאַר מיינע בייזע געדאַנקען. האָט ניט יעדער פון אונז דאָס רעכט צו האָבען זיינע אונשולדיגע, קליינע געהיימניסע? דאַרף א מאַן, ווען ער הייראַט מיט א יונג מיידעל, פערלאַנגען אז זי זאָל איהם רעכענשאַפט אָפּגעבען פון יעדער זאַך וואס זי טהוט, פון יעדען געדאַנק, וואס זי טראַכט? מיינט דען „הייראַטען" דאָס אָבזאָגען זיך פון יעדער אונאַבהענגיגקייט, יעדער פרייהייט? האָט זי דען ניט געקענט געהן צו דער שניידערקע, ניט דערציילענדיג מיר וועגען דעם, אדער צו איינער פון דער קוטשער פאַמיליע מיט דער אבזיכט עפּעס גוטעס צו טהאָן? אפשר איז געוועזן איהר בעזוך אין דיעזען הויז אזא, אז הגם אין איהם איז נישט געווען קיין שום בייזעס, וואָלט איך איהם פיליכט קריטיקירט? זי האָט מיך געקענט ביז צו די געהיימסטע ווינקעלאך פון מיין הארצען און האָט אפשר מורא געהאַט, אויב ניט פאַר קיין פאָרוואורף, איז אפשר פאַר אַן אָבלאַכענדיגען שמייכעל. איהרע הענד זיינען געווען זעהר שעהנע. און צום סוף איז מיר געקומען אויף די געדאַנקען, אז זי געהט שטילערהייט צו דער נעגעל־פוצערין און לאָזט זיך פון איהר בעהאַנדלען. זי האָט עס מיר ניט געזאָגט, אום איך זאָל ניט דענקען, אז זי פערשוועגדעט צופיעל געלד. זי איז געווען אָרענטליך, שפּאַרזאַם. אפשר האָט זי מורא געהאַט צו פערליערען אין מיינע אויגען דערמיט, וואס זי, אום צו געפעלען ווערען, גיט אויס אַזוי פיעל געלד. די פרויען זיינען דאָך פון נאַטור אויס אַזוי שאַרפזיניג און אַזוי שלוי.

אָבער די דאָזיגע אַלע געדאַנקען מיינע האָבען מיך ניט בערוהיגט. איך בין געווען אייפערזיכטיג. דער פערדאַכט האָט

אין מיר ניט גערוהט, האָט מיך געפרעסען, מיך צוריסען. עס איז נאָך ניט געווען קיין בעשטימטער פערדאכט, נור דערווייל בלויז אן אלגעמיינער. איך האָב מורא געהאט אין איהם אריינצוטראכ־טען זיך. וואָרים הינטער דעם דאָזיגען פערדאכט איז פערבאָרגען געווען א שרעקליכער געדאנק: א ליעבהאָבער!... האָט זי א געהאט א ליעבהאָבער?... דאָס איז געווען אונגלויבליך, אונמעגליך, און דאָך...

נאָכאנאנד האָב איך געזעהן מאנטינא׳ס געזיכט פאר מיר, דעם הויכען, שעהנעם קערל מיט די גלאנציגע האָר, דעם שמייכעל אויף זיינע ליפּען האָב איך געזעהן און איך האָב מיר גע־טראכט: דער איז עס!...

די גאנצע געשיכטע פון זייער ליעבע האָב איך מיר אויס־געטראכט. זיי האָבען וועגען א בוך גערעדט, וועגען א ליעבעס־פּאסירונג דיסקוטירט, עפּעס געפונען, וואס האָט מיט זיי אן עהנליכקייט געהאט און די דאָזיגע עהנליכקייט איז א ווירקליכ־קייט געוואָרען.

און איך האָב זי גענומען היטען, נאָכשפּירען איהר און דער־ביי אזוי שרעקליך, אזוי מורא׳דיג געליטען. איך האָב זיך גע־קויפט שיך מיט גומינע אָבזאצען, אום זי זאָל מיינע טריט ניט הערען. און נאָכאנאנד האָב איך זיך איצט גע׳גנב׳עט ארויף און אראָב די קליינע, געדרעהטע טרעפּ, געוואָלט זי אלץ איבעררא־שען. אָפט האָב איך זאָגאר געפּרוּזעט פון די טרעפּ אויף די הענד, מיט׳ן קאָפּ אראָב, אום צו זעהן, וואָס זיי טהוען. באַלד אָבער, בעמערקענדיג אז דער קוטשער איז דערביי, בין איך גע־קראָכען צוריק הינטערווייַלעכץ, געקראָכען מיט גרויס מיה און מאַטערניס.

איך האָב מעהר ניט געלעבט, איך האָב געליטען. איך האָב פון קיין זאַך מעהר ניט געקענט טראכטען, ניט געקענט מעהר ארבייטען, ניט געקימערט זיך מעהר וועגען מיין געשעפט. בין איך נור פונ׳ם הויז ארויס און א הונדערט שריט אויף דער גאַס געמאכט, אזוי גלייך איז מיר איינגעפאלען: ער איז דאָרט! און איך האָב זיך צוריקגעקעהרט אהיים. ער איז דאָרט ניט געווען.

אָבער ווי־נור איך בין ווידער ארויס, אזוי גלייך האָט זיך מיר ווי־דער אויסגעוויזען, אז ער איז געקומען, און איך האָב זיך ווידער צוריקגעקעהרט.

אזוי דער גאַנצער טאָג.

ביי נאַכט איז נאָך געוועזען ערגער. איך האָב זי געפיהלט נעבען זיך אינ׳ם בעט. זי איז געלעגען און האָט געשלאָפען, אדער האָט זיך געמאכט אז זי שלאָפט. האָט זי געשלאָפען? ניין, מסתמא ניט. זי האָט מיך, הייסט עס, איצט אויך אָנגענארט.

אונבעוועגליך בין איך געבליבען ליגען אויפ׳ן רוקען. די וואַרימקייט פון איהר קערפּער האָט מיר ענג געמאכט, דעם אָטהעם מיר געשטיקט, מיך געמאַטערט. א מורא׳דיגער חשק האָט מיך געפּייניגט, א חשק, וואָס איך האָב מיט אַלע כחות געמוזט אין זיך דערשטיקען, אויפצושטעהן, א ליכט צו נעהמען און א האמער און מיט איין קלאַפּ דעם קאָפּ איהר צו שפּאַלטען, דעם מח איהר צו עפּענען, כדי צו קענען זעהן, וואָס דאָרט טהוט זיך. איך האָב געוואוסט, אז איך וואָלט דאָרט סיי־ווי מעהר ניט געזעהן ווי נור א געמיש פון געהירן און בלוט, סיי־ווי וואָלט איך גאָר נישט דער־גאַנגען — אונמעגליך. און די דאָזיגע אויגען! ווען זי האָט מיך מיט זיי בלויז אָנגעקוקט, האָט מיך אָנגעכאפּט א משוגענע רציחה. זיי האָבען געקוקט אזוי קלאָר, טרייהארציג און — פאַלש, פאַלש, פאַלש, און בשום אופן האָט מען ניט געקענט דערגעהן, וואָס זיי פערבעהאַלטען, פערבאָרגען. א סך מאָל האָב איך א חשק געהאט, נאָדלען אהין אריינצושטעכען, די דאָזיגע שפּיגעל פון פאַלשקייט און בעטרוג אויסצושטעכען.

אַך! איך קאָן די אינקוויזיציאָן גוט פערשטעהן! איך אַליין וואָלט בענוצט פאַר איהר די אינסטרומענטען פון דער אינקווי־זיציאָן... איהרע קניע וואָלט איך אין אייזערנע רינגען פערשרויפט, איהרע פיס, איהרע אָרעמס... רייד!... זיי זיך מודה!... דו ווילסט ניט?... ווארט־זשע!... לאַנגזאַם וואָלט איך איהר אויף דעם האַלז א שנור ארויפגעטהאָן. — רייד!... זיי זיך מודה!... דו ווילסט ניט?... און איך וואָלט געצויגען דעם שנור, געצויגען און גע־צויגען, ביז זי וואָלט די צונג ארויסגעשטעקט, ביז איך וואָלט דעם

לעצטען פונק פונ׳ם לעבען פון איהר ארויסגעשטיקט... אָדער איך וואָלט איהר די פינגער אויף א פייער געברענט און געבראָטען. און מיט וואָס פאר א פערגעניגען איך וואָלט עס געטהאָן!... רייד... רייד דאָך!... דו ווילסט ניט?... איך וואָלט זי אויף הייסע קויה־לען געשטעלט, געברענט זי און געבראָטען אזוי לאנג, ביז זי וואָלט זיך מוזען מודה זיין!...

טרעמאולין איז געשטאנען, די פויסטען צונויפגעדריקט, און האָט געשריען. ארום אונז אויף די שכנישע דעכער האָבען זיך געשטאַלטען אויפגעהויבען, פונ׳ם שלאָף אויפגעוועקט, און האָבען זיך איינגעהערט.

און איך, בעוועגט און פערכאַפּט פון זיין ערצעהלונג, האָב פאר מיר געזעהן אין דער נאכט, אזוי ווי איך וואָלט זי באמת געקענט, די דאָזיגע קליינע, בלאָנדע, לעבהאפטע פרוי. איך האָב געזעהן, ווי זי האָט איהרע ביכער פערקויפט און מיט די מענער גערעדט. און אין איהר צאַרטען פופען־קאָפּ האָב איך פרעכע גע־דאנקען געזעהן, משוגענע אידעען, טרוימען פון יונגע פּארפיומיר־טע קראָם־מיידלאַך, וועלכע פערליעבען זיך אין יעדען העלד פון די שונדראָמאַנען. פונקט אזוי ווי ער, האָב איך זי פערדעכטיגט, געהאסט זי און איך וואָלט איהר אויך די פינגער געברענט, אום זי זאָל זיך מודה זיין.

ער האָט דערצעהלט ווייטער אין א מעהר רוהיגען טאָן:

— איך ווייס ניט, ווארום אייגענטליך איך דערצעהל עס דיר. איך האָב מיט קיינעם וועגען דעם ביז היינט ניט גערעדט. יאָ, אָבער זייט צוויי יאָהר האָב איך קיינעם ניט געזעהן, איך האָב מיט קיין מענשען, קיין מענשען ניט גערעדט. און דאָס האָט גע־ברענט אויף מיין הארצען, געברענט, און געקאָכט און זיך געריי־סען ארויס, ארויס...

אלזאָ, דאָס איז ניט געוועזן אזוי ווי איך האָב מיר געדאכט. דאָס איז געוועזן פיעל ערגער, א סך ערגער, ווי איך האָב געגלויבט, ערגער פון ערגער. הער. איך האָב געברויכט דאָס מיטעל, וואָס מען בענוצט געוועהנליך אין אזוינע פעלע, איך האָב איהר גע־זאָגט, אז איך פאָהר כלומר׳שט אוועק. יעדעס מאָל, ווען איך

בין אוועקגעפאָהרען, האָט מיין פרוי איהר מיטאָג געגעסען אין א געוויסען רעסטאָראַן. בקיצור, איך האָב אונטערגעקויפט א קעלנער, אום זי צו איבערראַשען.

די טיר פון איהר צימער האָט ער געזאָלט פאַר מיר עפענען. און אין א בעשטימטער צייט האָב איך געדאַרפט אָנקומען. שוין מיט א טאָג פריהער האָט זיך פאַר מיר די גאַנצע סצענע פאַרגע־שטעלט, אַקוראַט ווי זי וואָלט זיך שוין געהאַט אָפּגעשפּיעלט. מיר האָט זיך פאַרגעשטעלט: איך קום אריין. א קליין טישעל מיט גלעזער, פלעשער, טעלער בעדעקט, שטעהט צווישען איהר און מאַנטינאַ'ן. זיי דערזעהען מיך, דערשרעקען זיי זיך און בלייבען זיצען, ווי פּאַראַליזירט. איך זאָג ניט קיין וואָרט, לאָז אַרונ־טער מיין שטאָק, וואָס איז מיט בליי אָנגעפּילט, איבער דעם מאַן'ס קאָפּ. פון דעם ערשטען קלאַפּ ברעכט ער צוזאַמען טויט, מיט דעם קאָפּ אויפ'ן טישטוך. דערנאָך ווענד איך זיך צו איהר און לאָז איהר א ווייל קומען צו זיך, זי זאָל זעהן, איידער זי שטאַרבט, איידער זי בעט ביי מיר רחמנות, וואָס דאָ האָט פּאַסירט. אָה, איך בין אויף אַלצדינג געווען ענטשלאָסען, צופריעדען מיט זיך אליין און ווי פער'שכור'ט. דער געדאַנק וועגען איהר פערצווויי־פעלטען בליק, וואָס זי וועט אויף מיר וואַרפען, ווען איך וועל מיין שטאָק איבער איהר קאָפּ אויפהייבען, וועגען דעם געשריי, וואָס וועט זיך אַרויסרייסען פון איהר ברוסט, וועגען איהר טויט־שרעק, איז געווען א פאַרגעשמאַק פון מיין ראַכע. און זי וואָלט איך גלייך מיט איין קלאַפּ ניט דער'הרג'עט. זי וואָלט איך גע־לאָזט א ווייל זיך נאָך מוטשען. ניט אמת, דו האַלטסט מיך פאַר א שרעקליכען מענשען? דו ווייסט אָבער ניט, וויפיעל איך האָב געליטען. דער איין געדאַנק, אז א פרוי, דיין אייגענע פרוי, אדער דיין געליעבטע, וועלכע דו האָסט אמת ליעב, גיט זיך אָפּ אַנ־אנדערען, פּונקט אזוי ווי דיר, בעריהרט זיינע ליפּען פּונקט אזוי ווי דיינע, — אָה, דאָס מאַכט ווילד, קאָן משוגע מאַכען! אָה, דער, וואָס האָט פערזוכט דעם דאָזיגען טעם, האָט געפּיהלט די יסורים פון גהינום. מען איז צו אַלצדינג דאַן פעהיג. איך וואונ־דער זיך נור, וואָס ניט פיעל אָפטער ווערען מענשען געטויטעט.

ווארים די אלע, וואס זיינען אזוי בעטראגען געווארען, האבען א חשק געהאט צו טויטען, האבען אין זייער צימער אדער אויף דער גאס, געהעצט פון זייער ראכע־געפיהל, זיך אין זייער פאנ־טאזיע פארגעשטעלט, ווי זיי דערווערגען, דערשטיקען, דערשי־סען...

קורץ, איך בין געקומען אין רעסטאראן. איך האב געפרעגט: — זיינען זיי דא? דער אונטערגעקויפטער קעלנער האט גע־ענטפערט: — יא! ער האט מיך ארויפגעפיהרט אויף א שטאק העכער, אנגעוויזען מיר אויף א טיר און געזאגט: — דא! איך האב שטייפער איינגענומען מיין שטאק אין דער האנד. איך בין אריין.

איך האב געטראפען ריכטיג: זיי זיינען געלעגען איינער ביי דעם אנדערן אין די ארעמס. אבער עס איז ניט געווען מאנטינא, עס איז געווען דער גענעראל דע־פלעטש, דער זעקס און זעכציג יאהריגער גענעראל...

איך בין געווען אזוי זיכער, דאס איך וועל דעם אנדערען טרעפען, אז איך בין געבליבען שטעהן ווי געלעהמט, ווען איך האב דעם אלטען גענעראל דערזעהן.

און דאן... דאן... נאך ביז היינט ווייס איך ניט, וואס מיט מיר איז דעמאלט געווען. ניין, איך ווייס עס ניט. וואלט עס געווען יענער, וואלט איך זיכער א מארד בעגאנגען. אבער פאר דעם דאזיגען אלטען קערל מיט דעם דיקען בויך און הענגענדיגע באקען האב איך נור אן עקעל דערפיהלט. זי, וועלכע האט אויס־געזעהן ווי א פופצעהן יאהריג מיידעלע, האט זיך אפגעגעבען דעם דאזיגען דיקען, אלטען, כמעט קראנקען מאן, ווייל ער איז א מאר־קיז געווען, א גענעראל, א פריינד און א פערטרויטער פון ארונ־טערגעווארפענע קעניגע.

ניין, איך ווייס ניט, וואס איך האב דאן געפיהלט און וואס איך האב געטראכט. דעם דאזיגען אלטען קערל האב איך ניט געקענט שלאגען. וואס פאר א שאנדע! ניין, איך האב קיין חשק ניט געהאט, מיין פרוי צו טויטען, נור אלע פרויען, וואס

זיינען צו אַזוינס פעהיג. איך בין שוין ניט געווען מעהר אייפערזיכטיג, איך בין געווען ווי פון אַ דונער דערשלאָגען.

מען מעג זאָגען אויף די מענער וואס מען וויל, אָבער אַזוי עקעלהאַפט זיינען זיי ניט. אַ מאַן, וואס זאָל פעהיג זיין אויף אַזאַ ערניעדערונג, איז אַ זעלטענהייט. אַ מאַן, וואס זאָל זיין דער ליעבהאָבער פון אַן אַלטער פרוי, וואָלט מען מעהר פעראַכטעט ווי אַ גנב. מיר זיינען ריין, מיין פריינד. אָבער זיי, זיי, די פרויען, וואָס זייערע הערצער זיינען שמוציג, זיי געהערען אַלעמען, אַלעמען, יונגע אָדער אַלטע, אויס די פערשיעדענסטע ניעדריגסטע אורזאַכען, ווייל עס איז זייער בערוף, זייער געשעפט, ווייל זיי זיינען געבאָרענע פראָסטיטוטקעס. דאָס זיינען די אייביגע, אונבעוואוסטע, טעמפּע בעשעפענישען, וועלכע באָטען אָן זייער קערפּער אָהן עקעל, וואָרים ער איז סחורה פאַר ליעבע; וועלכע פערקויפען איהם אָדער שענקען איהם אַוועק צו דעם גרייז־גרויען לעבע־מאַן מיט דעם גאָלד אין דער קעשענע, צי צו דעם אונציכטיגען, אַלטען מאַן צוליעב זיין יחסן'שען טיטול...

ער האָט גערעדט ווי אַ נביא פון די אַלטע צייטען מיט אַ הויכער שטימע, און זיינע ווערטער האָבען אָפּגעהילכט אונטער דעם אייביג־אויסגעשטערענטען הימעל, פול צאָרן און פערצווייפלונג. ער האָט גערעדט וועגען די פערהערליכטע שאַנדע פון אַלע מעטרעסען פון די אַלטע טיטולירטע הערשער וואָס האָבען געלעבט אין אַלע, אַלע צייטען.

און ווי דורך אַ כשוף, פון זיינע ווערטער אַרויסגערופען, האָב איך דערזעהן אין דער דאָזיגער מזרח־נאַכט אַרויסטרעטען די אַלע מיידלעך פון די אַלטע, אַלטע צייטען, די שעהנע מיידלאַך מיט די שמוציגע נשמות, וועלכע האָבען, ווי די חיות, נאָכגעגעבען די ליעבעס־פערלאַנגען פון אָפּגעלעבטע גרייזען. זיי אַלע זיינען אַרום אונז ערשינען, אַלע די דיענערינען פון די פּאַטריאַרכען, וועלכע זיינען אַזוי געלויבט אין דער ביבעל: הגר, רות, די טאָכטער פון לוט, די ברוינע אביגיל, וועלכע האָט מיט איהרע לאַסקעס דעם שטאַרבענדען דוד ווידער בעלעבט, און אַלע אַנדערע יונגע, דיקע, ווייסע פּאַטריציערינען, פרויען און טעכטער פון רוימישע

אריסטאָקראַטען, אדער פּלעבעיערינען, פרויען און טעכטער פונ'ם רוימישען המון, אונפּעראַנטוואָרטליכע, געצוואונגענע, פערפיהר־טע אדער בעצאָהלטע שקלאַפען־קערפּערס...

איך האָב געפרעגט:

— וואָס האָסטו געטהאָן?

ער האָט געענטפערט:

— איך בין אוועקגעפאָהרען און אזוי בין איך אהער גע־קומען.

מיר זיינען נאָך אַ לאַנגע צייט געזעסען איינער נעבען אַנ־דערן, געטרוימט און געשוויגען.

* *

*

דער דאָזיגער אבענד איז פערבליבען איינגעקריצט אין מיין זכרון. אלעס וואס איך האָב געזעהן, געהערט, געפיהלט און אויף וואָס איך האָב זיך אָנגעשטויסען, דער פיש־פאַנג, אפשר אויך דער פּאָליפּ, די דאָזיגע ערצעהלונג, בעת ארום אונז אויף די שכנ'ישע דעכער זיינען געלעגען ווייסע געשטאַלטען, אלעס אין איינעם האָט צוזאמענגעשטעלט אַ שטאַרקען, בעוועגטען בילד. מאַנכע בעגע־געניש, מאַנכער אונערקלעהרליכער צוזאמענהאַנג פון זאכען, הגם אין זיי איז נישטאָ קיין שום אויסערגעוועהנליכעס, ענטהאַלטען אין זיך מעהר לעבענס־וואַרהייט און דעקען אויף פאַר אונז מעהר די פערבאָרגענע ווינקעלעך פונ'ם לעבען, ווי גאַנצע טעג פון רוהיגען טראַכטען און בעאָבאַכטען.



# דער אלטער



מילדע יעסענדיגע זון האט געשיינט איבער דעם גרויסען הויף, איבער די זומפען און גריבער. דארט וואו די קיה האבען אויפגעפרעסען דאס גראז איז די ערד נאך געווען נאס פון רעגען. דער פוס איז אהין אריינגעקראכען, ווי אין א זומפ, און געשליאפעט ביי יעדען טריט. פון די פילע עפעל ביימער זיינען מאס רויטע עפעל אויף דאס דונקעלע גראז ארוי־טערגעפאלען.

אויפ'ן מיסט פאר'ן שטאל זיינען ארומגעגאנגען פערשיעדענ־פארביגע היהנער, האבען געקוואקטשעט, געקראצט און געשארט ארום זיך, בעת ביידע הענער האבען נאכאנאנד געקרעהט און גע־זוכט ווערימלאך פאר זייערע היהנער, וועלכע זיי האבען גערופען צו זיך מיט עפעס מאדנע טענער.

די טירעל פון די הילצערנע שטאכעטען, מיט וועלכע דער הויף איז ארומגעצאמט געווארען, האט זיך געעפענט, און א מאן איז אריין. ער איז אלט געווען א יאהר פערציג, אבער אויסגע־זעהן האט ער ווי פון זעכציג. ער איז געגאנגען מיט לאנגע טריט, טרעטענדיג שווער אין זיינע הילצערנע, מיט שטרוי אנגעשטאפ־טע שיך. זיינע צו־לאנגע הענד האבען אראבגעהאנגען פון ביידע זייטען קערפער ווי שטעקענס.

ווען ער איז צוגעקומען נעהנטער, האט א געלער הונד, וועל־כער איז געלעגען צו פוסען פון א ריעזיגען בארן בוים, גענומען דרעהען מיט'ן עק און בילען פאר פרייד.

דער מאן האט א געשריי געטהאן:

— שטיל, פינאט!

דער הונד איז אנשוויגען געווארען. א פויערטע איז פון הויז

ארוים. איהר ברייטער, פלאכער, ביינערדיגער לייב האט זיך אָב־געצייכענט אונטער דער וואָלענער קלייד, וועלכע איז געלעגען ענג ארום טאליע. א גרויער, קורצער ראָק האט איהר געגרייכט ביז איבער די קניע, זי האט געטראָגען בלויע זאָקען און אויף שווערע שיך, פול מיט שטרוי.

א וויסע, געל געוואָרענע הייבעל האט פארדעקט איהרע שי־טערע האָר, וועלכע זיינען געווען צוגעקלעפּט צום קאָפּ און אויף איהר ברייטען, העסליכען, ברוינעם פנים איז געלעגען יענער ווילדער, נידערגעשלאָגענער אויסדרוק, וועלכען מען זעהט אָפט ביי די פרויען.

דער מאן האט געפרעגט:

— וואס מאכט ער

די פרוי האט געענטפערט:

— דער הערר פריסטער דענקט, אז מאטמהאי קאָנטשעט זיך, די נאכט וועט ער ניט איבערלעבען!

זיי זיינען אריין אין הויז. נאָך דעם ווי זיי זיינען דורכ־געגאנגען די קיך, זיינען זיי אריין אין א ניעדעריגען, שווארצען צי־מער מיט א קליין פענסטער'ל, וועלכער איז פארהאנגען געווען מיט א נאָרמאנישען שטאָפּענעם פאָרהאנג.

גרויסע באלקענס, וועלכע די צייט האט צובויגען, פארשווארצט און פאררויכערט, האבען אונטערגעהאלטען דעם פאלאפ און זיך געצויגען איבער'ן גאנצען צימער.

דער ניט־גלייכער פאָל פון קיך איז געווען שמוציג און אין דער טיעפקייט פונ'ם צימער האט זיך אָבגעצייכענט א בעט ווי א העלער פלעק.

א רעגעלמעסיגער, טעמפּער גערויש, א שווערער, פייפענדיגער אָטהעם, א כאָרכלען און סקריפּען האט זיך געטראָגען פון יענעם ווינקעל ארוים, וואו א גרייז איז געלעגען און האט גע'גוסס'ט; דאס איז געווען דער פויערטע'ס פאָטער.

דער מאן און די פרוי זיינען צוגעגאנגען צו איהם און אנ־געקוקט דעם גוסס'ן מיט זייערע טעמפּע, רוהיגע אויגען. דער איידעם האט זיך אָנגערופען:

— עס זעהט אויס, אַז ער איז שוין באַלד פאַרטיג. די נאַכט וועט ער ניט איבערלעבען!

די פויערטע האָט געמאַכט:

—ער כאָרכעלט שוין אַזוי פון מיטאָג צייט אָן!

דאַן איז זי אַנטשוויגען געוואָרען. דער פאָטער איז געלעגען מיט צוגעמאַכטע אויגען, זיין פּנים איז געווען אַלט, איינגעפאַלען, אַזוי אויסגעטריקענט, ווי עס וואָלט געווען פון האָלץ אויסגעשניצט. דורך זיין האַלב אָפענעם מויל האָט זיך מיט א כאָרכלען דער אָטהעם דורכגעריסען און ביי יעדען אָטהעם־צוג האָט זיך דאָס גראָבע לייוואַנד אויף זיין ברוסט געהויבען. נאָך א לאַנגען שוויי־גען האָט דער איידעם זיך אָנגערופען:

— מיר וועלען האָבען א שעהנעם עסק; גראַד איצט, ווען אויפ׳ן פעלד איז דאָ אַזוי פיעל אַרבייט!

זיין פרוי איז געוואָרען אונרוהיג ביים געדאַנק, אַז דער טויט פון איהר פאָטער וועט ביי זיי אַוועקנעהמען אַזוי פיעל צייט; זי האָט א ווײַלע געטראַכט און דאַן האָט זי געזאָגט:

— סיי־ווי וועט ער דאָך שוין זיין טויט, קענען מיר איהם שבת בעגראָבען. מאָרגען קענסטו נאָך גענוג אַרבייטען.

דער פויער האָט נאָכגעטראַכט און געענטפערט:

— ניין, עס געהט נישט, מאָרגען מוז איך אַלעמען איינלאַדען צו דער לויה, עס וועט נעהמען אודאי פינף אָדער זעקס שטונדען ביז איך וועל זיי אַלעמען פון טרואַוויל ביז מאַנעטאָט זעהן און פאַרבעטען צו אונז.

צוויי, דריי מינוטען האָט די פרוי נאָכגעטראַכט און דאַן האָט זי געזאָגט:

— ס׳איז נאָך נישטאָ קיין דריי א זייגער, דו קענסט היינט נאָך גלייך אָנהויבען געהן און אויף דער זייט פון טרואַוויל אַלע־מען זאָגען. דו קענסט רוהיג זאָגען, אַז ער איז שוין געשטאָרבען, ביז מאָרגען אין דער פריה וועט ער שוין ניט דערציהען.

דער מאַן האָט א ווײַלע געשוויגען, איבערלייגט די זאַך גאַנץ גענוי און צום סוף האָט ער ערקלעהרט:

— גוט, איך׳ל געהן!

ער איז אַרויסגעגאַנגען, באַלד איז ער ווידער צוריק אַריין און געזאָגט נאָך אַ קורצען ישוב הדעת.

— דו האָסט ניט וואָס צו טהאָן, טאַ נעהם די עפּעל און שעל זיי אָפּ צום קאָכען און פיער טוץ פון דעם פּראָסטערען סאָרט קענסטו צורעכט מאכען פאר דער טויטען־סעודה, און וועסט גלייך אָנצינדען דעם באַק־אויווען.

ער איז ארויס פון צימער, איז אריין אין קיך, האָט געעפענט די שפּייז שאַפע, ארויסגענומען אַ זעקס פונטיגען לעבעל ברויט, אָב־געשניטען אַ שטיק דערפון און צוזאַמענגעקליבען מיט דער האַנד די ברעקלאַך, וואָס זיינען געפאַלען אויפ׳ן טיש, האָט זיי אריינ־געשאָטען אין מויל אריין, אַז זיי זאָלען ניט געהן אין ניוועץ. דאַן האָט ער מיט אַ שפּיץ מעסער גענומען אַ שטיק געזאַלצענע פּוטער פון אַ ברוינעם ערדענעם טאָפּ, האָט עס אָנגעשמירט אויף דאָס ברויט און גענומען לאַנגזאַם עסען, אַזוי לאַנגזאַם, ווי ער האָט אַלעס געטהאָן.

ער איז אַוועק צוריק דורכ׳ן הויף, האָט בערוהיגט דעם הונד, וועלכער האָט ווידער גענומען בילען, און איז אַוועק מיט׳ן וועג צו טרואוויל.

* * *

געבליעבען אליין, האָט זיך די פרוי גלייך גענומען צו דער אַרבייט. האָט אויפגעדעקט דעם מעהל קאַסטען, צורעכט געמאַכט דעם טייג, איהם לאַנג געקנעטען, געדרעהט און געדרעהט אין אַלע זייטען, צושטיקעלט איהם, געפּרעסט און ווידער צוזאַמענגעקנאַטען. דערנאָך האָט זי געמאַכט איין גרויסע, קיילעכדיגע שטיק טייג און עס אַוועקגעלייגט אויף אַ ברעג טיש. דאַן איז זי אַוועק רייסען עפּעל און כדי ניט צו צוברעכען די צווייגען מיט דעם לאַנגען שטע־קען, איז זי אַליין אויפ׳ן בוים ארויפגעקלעטערט און האָט גענומען זעהר פאָרזיכטיג קלייבען די עפּעל. זי האָט געריסען בלויז די גאַנץ רייפע, זיי געריסען און אין פאַרטוך געוואָרפען.

אויפ׳ן וועג האָט אַ שטימע אויסגערופען:

— הע, מאדאם שיקאָט!

זי האָט זיך ארומגעקוקט. עס איז געווען איהר שכן, דער דאָרפ׳ס פאַרשטעהער אַסימום פאוועט, וועלכער איז געפאָהרען

אויפ'ן פעלד צו דער ארבייט. ער איז געזעסען אויף זיין מיסט־וואגען מיט די פיס אראבגעהאנגען. זי האט זיך אומגעדרעהט צו איהם און געזאגט:

— וואס פערלאנגט איהר, הערר פארשטעהער?

— וואס מאכט עפעס דער אלטער?

זי האט אויסגערופען:

— מיט איהם איז כמעט אין גאנצען אויס. שבת ארום זיעבען אזייגער וועט זיין די טויטען־סעודה, דען די פעלד־ארבייט קען ניט ווארטען.

דער שכן האט געענטפערט:

— זאל זיין מיט גליק!

זי האט געענטפערט אויף זיין העפליכקייט:

— א דאנק, אויך אייך דאס זעלבע!

דאן האט זי ווייטער געריסען די עפעל. אזוי שנעל ווי זי איז ווידער אריין אין הויז, האט זי א קוק געטהאן, וואס דער פאטער מאכט, דענקענדיג, אז ער איז שוין אודאי געשטארבען. אבער נאך אויפ'ן שוועל האט זי דערהערט זיין הויכען, פייפענדיגען אטהעם. עס איז געווען איבעריג צו צוגעהן צום בעט און כדי ניט צו פארליערען קיין צייט האט זי זיך גלייך גענומען צורעכט מאכען דאס עסען.

איינעם נאכ'ן אנדערען האט זי איינגעוויקעלט די עפעל אין א דינעם בלעטעל טייג און האט זיי אוועקגעלייגט נאך דער רייהע נאך אויפ'ן טיש. ווען זי האט אזוי צורעכט געמאכט אכט און פערציג שטיק און זיי אויסגעליינט צו טוץ אין א רייהע, האט זי זיך גענומען קאכען איהר וועטשערע.

זי האט ארויפגעשטעלט א טאפ אויפ'ן פייער, אויף צו קאכען קארטאפעל, דען זי האט זיך בארעכענט, אז עס איז א שאד צו מאכען גלייך דעם באק־אויוועץ; זי האט דאך נאך מארגען א גאנצען טאג פאר זיך און זי וועט נאך צייט האבען אלעס פארצוברייטען.

איהר מאן איז צוריק געקומען אזייגער פינף און אזוי גיך ווי ער האט דעם שוועל אריבערגעטראטען, האט ער געפרעגט:

— איז ער טויט?

זי האָט געענטפערט:

— נאָך ניט, ער כאָרכעלט נאָך!

זיי זיינען צוגעגאַנגען צום בעט; אין דעם צושטאַנד פון׳ם אַלטען האָט זיך גאָרנישט געענדערט. זיין שווערער, רעגעלמעסי־גער, ווי א פערפענדיקעל געהענדיגער אָטהעם איז ניט שנעלער און ניט לאַנגזאַמער געוואָרען.

דער איידעם האָט איהם אָנגעקוקט א ווײַלע, דאַן האָט ער געזאָגט:

— ער וועט אויסגעהן אַזוי, אַז מען וועט עס גאָרנישט בע־מערקען, שטיל ווי א ליכט!

זיי זיינען ווידער אריין אין קיך און שווייגענדיג גענומען עסען וועטשערע. אויסגעזופּט די זופּ, האָבען זיי נאָך געגעסען א שטיק פּוטער־קיכעל, דאַן האָבען זיי צוואַשען די טעלער און זיך אומ־געקעהרט צוריק צום גוסס׳ן אין צימער אריין.

די פרוי האָט צוגעטראָגען א קליין, קאָפּטשענדיג לעמפּעל צום פּאָטער׳ס פּנים; ווען ער זאָל ניט אטהעמען, וואָלט מען איהם גע־קענט אָנגעהמען פאַר א טויטען.

די פּויערים זיינען געשלאָפען אין א בעט אויפ׳ן צווייטען עק פון צימער. ניט רעדענדיג א וואָרט האָבען זיי אויסגעלאָשען דעם לאָמפּ, זיך געלייגט אין בעט, צוגעמאַכט די אויגען און באַלד האָט זיך א דאָפּעלטער כראָפּען אויסגעמישט מיט דעם שטענדיגען כאָרכלען פון׳ם גוסס׳ן.

אין דעם דערבייאיגען שפּייכלער זיינען ארומגעלאָפען שצורעם און מייז.

* * *

ווי נור עס איז טאָג געוואָרען, האָט זיך דער מאַן אויפגעכאַפּט. דער שווער האָט נאָך אַלץ געלעבט.

ער האָט א שטורכע געטהאָן די ווייב, אונרוהיג דערפון וואָס דער אַלטער לעבט אַזוי לאַנג.

— זאָג נור דו, פּהעמיע, ער וויל זיך גאָר ניט אָבטראָגען, וואָס דענקסטו דערפון?

ער האָט געוואוסט, אַז זי האָט אימער עפּעס אַ גוטע עצה. זי האָט געענטפערט:

— נו, מילא, וואָס קען מען טהאָן, אָבער דעם טאָג וועט ער ניט דערציהען, דאָס איז זיכער! מיר דאַרפען ניט מורא האָבען. ווען דער פערשטאַנד זאָל גאַרנישט האָבען דאַנגעגען, דאַן קען מען איהם נאָך מאָרגען בעגראָבען. מיט דעם אַלטען רענאַרד האָט מען אויך אַזוי געטהאָן.

דאָס האָט איהם בערוהיגט און ער איז אַוועק אויפ'ן פעלד.

זיין פרוי האָט אַריינגעשטעלט פרעגלען די עפּעל, דאַן האָט זי געטהאָן אַלע איבעריגע אַרבייט אויפ'ן הויף.

אַרום מיטאָג צייט איז דער אַלטער נאָך אַלץ ניט געווען גע־שטאָרבען!

די טאָג אַרבייטער, וועלכע מען האָט געדונגען צו אַרבייטען אין פעלד זיינען גרופּענוויז געקומען אָנקוקען דעם אַלטען, וועל־כער האָט נאָך אַלץ ניט געוואָלט פאַרלאָזען די וועלט. יעדער האָט עפּעס געהאַט צו זאָגען, דערנאָך זיינען זיי אַוועק צוריק אין פעלד.

ווען מען איז אַזייגער זעקס פאַרנאַכט צוריק אהיים געקומען, האָט דער אַלטער נאָך אַלץ געאָטהעמט.

איצט האָט זיך דער איידעם אויף אַן אמת דערשראָקען:

— פּהעמיע, וואָס ווערסטו עפּעס איצטער זאָגען?

זי האָט ניט געוואוסט, וואָס מען הויבט אָן צו טהאָן. זיי זיינען ביידע אַוועק צום פאָרשטעהער. ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך מאַכען ניט זעהענדיג און וועט טראָצדעם ערלויבען צו מאַכען די לויה. דער דאָקטאָר, צו וועלכען זיי זיינען דערנאָך אַוועק, האָט אויך גאָרנישט געהאַט דאַגעגען און מאַן און ווייב האָ־בען זיך אומגעקעהרט אהיים בערוהיגטע.

זיי האָבען זיך געלייגט אין בעט און זיינען איינגעשלאָפען, ווי מיט אַ טאָג צוריק, און זייער שטאַרקער אטהעם האָט זיך ווידער אויסגעמישט מיט דעם שוואַכען אטהעם פון דעם אַלטען.

ווען זיי זיינען אויפגעשטאַנען, איז ער נאָך אַלץ ניט געווען טויט!

* * *

איצט זיינען זיי געוואָרען שטאַרק פערצווייפעלט. זיי זיינען געבליבען שטעהן צו פוסען פון בעט און האָבען געקוקט אויף דעם אַלטען מיט בליקען פול כעס און פאָרוואורף, עפעס אַזוי ווי ער וואָלט מיט זיי קאָטאָוועס געטריבען, זיך פון זיי אויסגעלאַכט. זיי בעטראַגען, זיך פשוט מיט זיי געררייצט. איבערהויפּט זיינען זיי געווען אויף איהם בייז, וואָס ער מאַכט זיי צו פאַרלירען אַזוי פיעל צייט.

דער איידעם האָט געפרעגט:

— נו, וואָס ווילען מיר איצט טהאָן?

זי האָט זיך ניט געקענט קיין עצה געבען און געענטפערט:

— אַן אונגליק און גאָר!

די איינגעלאַדענע געסט, וועלכע האָבען געדאַרפט באַלד אָנקומען, האָט מען דאָך איצט ניט געקענט ווידער אויסלאַדען. און דאָס פּאָאַר פּאָלק האָט זיך בעשלאָסען צו וואַרטען און ערקלעהרען די געסט זייער אונגליק.

צעהן מינוטען פאַר צעהן זיינען אָנגעקומען די ערשטע, די פרויען אין שוואַרצען אָנגעטהאָן מיט לאַנגע שלייערס און טרויעריגע מינעס; די מענער אין זייערע טוכענע יאַקען האָבען זיך געהאַלטען פרייער. זיי זיינען געגאַנגען פּאָרווייז און האָבען גערעדט פון געשעפטען.

דער פויער און זיין פרוי האָבען זיי אויפגענומען צוטומעלט און שטאַרק פאַרצווייפעלט, און ווען זיי האָבען דערזעהן די ערשטע געסט, האָבען זיי זיך ביידע מיט אַ מאָל פלוצים צו־וויינט. זיי האָבען דערצעהלט, וואָס דאָ האָט פּאַסירט, זייער גרויסע פערלעגענהייט, האָבען אָנגעבאָטען שטולען און זיך ענטשולדיגט. זיי האָבען ערקלעהרט, אַז יעדער איינער אויף זייער אָרט וואָלט געהאַנדעלט פונקט אַזוי ווי זיי, האָבען גערעדט אָהן אַ סוף און קיינעם ניט צוגעלאָזען אויסצורעדען אַ וואָרט.

זיי זיינען געגאַנגען פון איינעם צום אַנדערען און אַלץ געטענה'ט:

— קיינעם וואָלט גאָר אַזוינס ניט איינגעפאַלען; ער האָט אַ לעבענסקראַפט, אַז קיינער וואָלט עס גאָרנישט געגלויבט!

די געסט זיינען געוואָרען ערשטוינט און אביסעל צומישט, ווי מענשען ביי וועמען מען נעהמט צו פון אונטער דער נאָז א שמחה אויף וועלכער זיי האָבען זיך געריכט, און זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. זיי זיינען געבליבען זיצען אָרער שטעהן אין צי־מער, א פּאָר האָבען גלייך געוואָלט אוועקגעהן צוריק, אָבער דער פּויער האָט אָבגעהאַלטען:

— איילט זיך ניט, א שטיקעל ברויט וועלען מיר נאָך קריגען צו עסען און די וואַרעניקעס, וואָס מיר האָבען אָנגעגרייט, קענען דאָך אויך ניט בלייבען ליגען!

ביי דער דאָזיגער אויסזיכט זיינען די פּנים׳ער גלייך ליכטי־גער געוואָרען און מען האָט גענומען שטיל רעדען. ביסלעכווייז האָט זיך דער הויף אָנגעפילט מיט מענשען; די וועלכע זיינען פריהער געקומען, האָבען דערצעהלט די שפּעטערדיגע די געשיכטע וועגען דעם אַלטען, מען האָט גערעדט, געלאַכט, דער געדאַנק וועגען די וואַרעניקעס האָט אַלעמען אָנגעפילט מיט פרייד.

די פרויען זיינען אריינגעקומען א קוק צו טהאָן אויפ׳ן גוסס׳ן, זיי האָבען זיך איבערגע׳צלם׳ט ביים בעט, געשטאַמעלט א געבעט און זיינען ווידער ארויסגעגאַנגען. די מענער האָבען זיך ווייניגער געאינטערעסירט מיט דעם אַלטען; זיי האָבען בלויז געוואָרפען א בליק דורך דעם אָפענעם פענסטער. פרוי שיקאָט האָט דערצעהלט וועגען דעם אַלטען׳ס קאַמפּף מיט׳ן טויט:

— צוויי טעג ליגט ער שוין אָט אזוי, ניט מעהר און ניט ווייניגער. באָרכעלט און סאָפּעט ניט שטאַרקער און ניט שוואַכער, אָט אזוי ווי א פּאָמפּע, וואָס האָט קיין וואַסער ניט.

* * *

ווען אַלע האָבען שוין געהאַט געזעהן דעם גוסס׳ען, האָט מען א טראַכט געטהאָן וועגען עסען און אזוי ווי עס זיינען געווען צו־פיעל מענשען און זיי וואָלטען אַלע ניט געקענט אריין אין קיך, האָט מען ארויסגעטראָגען א טיש פאַר דער טהיר. די פיער טוץ גאָלדענע, אַפּעטיטליכע עפּעל האָבען אַלעמענס בליקען צו זיך צו־געצויגען.

זיי זיינען געלעגען אויף צוויי גרויסע שיסלען, יעדערער האָט

אויסגעצויגען די האַנד, כדי שנעל צו כאַפּען איינעם, אין דער מורא, אַז עס וועט אפשר ניט סטייען פאַר אַלעמען; אָבער עס זיינען נאָך איבערגעבליבען פיער שטיק.

דער פויער האָט געזאָגט, קייענדיג מיט א פולען מויל:

— אך, ווען דער פאָטער וואָלט אונז דאָ געזעהען עסענדיג, ער וואָלט ניט געקענט מעהר איינליגען, ער האָט די וואַרעניקעס ליעב געהאַט ווי דאָס לעבען.

אַן אַלטער פויער האָט בעמערקט:

— נו, ער וועט זיי שוין מעהר ניט עסען, אויף אַלעם קומט א צייט!

די דאָזיגע בעמערקונג, אַנשטאָט די געסט אומעטיג צו מאַכען, האָט זיי אין געגענטהייל זעהר לוסטיג געמאַכט. זיי האָבען זיך געפּרעהט, וואָס עס איז זייער צייט צו עסען די געשמאַקע וואַרע־ניקלאַך.

פרוי שיקאָט איז געווען אויסער זיך פון די אומזיסטע הוצאות. זי האָט געהאַלטען אין איין לויפען צו דער וויין פעסעל און האָט נאָכאַנאַנד אָנגעפילט די גלעזער.

יעצט האָבען אַלע געלאַכט, מען האָט גערעדט אַלץ העכער און העכער און באַלד האָבען אַלע געשריען ווי ביי אַלע מאָהל־צייטען.

פּלוצים האָט זיך ביים פענסטער בעוויזען אַן אַלטע פויערטע, וועלכע איז געבליבען מיט'ן גוסס'ען אוים מורא פאַר איהר אייגע־נעם באַלדיגען סוף, און האָט אויסגערופען הויך און מיט א קוויטש:

— ער איז געשטאָרבען! ער איז געשטאָרבען!

אַלע זיינען אַנשוויגען געוואָרען. די פרויען האָבען זיך שנעל אויפגעהויבען, כדי אויף איהם א קוק צו טהאָן. און ער איז טאַקע אין דער אמת'ען געווען טויט. דאָס כאָרכלען האָט אויפגעהערט.

די מענער האָבען זיך אָנגעקוקט און אַרונטערגעלאָזט די אויגען; עס איז זיי געוואָרען עפּעס קאַלאַמוטנע אויפ'ן האַרצען, זיי האָבען נאָך דאָס עסען ניט אוספּעיעט אַרונטערשלינגען. דער אַלטער האָט אויסגעקליבען א שלעכטע צייט, ער האָט געמעגט נאָך א ווײַלע וואַרטען.

די שיקאַטס האָבען איצט שוין מעהר ניט געוויינט, אבי עס האָט גענומען א סוף, איצט זיינען זיי געוועזן רוהיג און האָבען געזאָגט:

— איהר זעהט, מיר האָבען גלייך געוואוסט, אז עס וועט שוין ניט לאַנג געדויערען. ווען ער וואָלט זיך נור לעצטע נאַכט אביסעל צוגעאיילט, וואָלטען מיר פארשפּאָרט די אַלע אונאַנגענעהמליכקייטען.

אָבער דעם עולם האָט דאָס ווענִיג געקימערט, אבי עס האָט גענומען א סוף; מאָנטאָג וועט ער בעגראָבען ווערען און ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט וועט מען ווידער עסען וואַרעניקעס.

די געסט זיינען אַוועק פרעהליכע, האָבען געפּלוידערט צווישען זיך, גערעדט איבער דעם צופאַל, גליקליכע און צופריעדענע, וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט און זיי האָבען געקראָגען וואָס צו עסען.

און ווען מאַן און ווייב זיינען געבליבען אליין, האָט זי געזאָגט, מיט א פנים פארקרימט פון ערגערניש און צער:

— איצט מוזען מיר איבער א ניים מאַכען פיער טוץ וואַרעניקעס; גאָט ווייסט, אז ער האָט זיך די נאַכט געקענט אביסעל צואיילען!

און דער מאַן האָט געענטפערט:

— מילא, וואָס קען מען זיך העלפען, אַלע טאָג איז ניט יום טוב!



# אַן אַלמנה


ס איז געווען אין דער גײעג־צייט אין׳ם שלאָס פון באָנעוויל. דער הערבסט איז געווען אַ טרויעריגער און אַ רעגענדיגער. די פערוועלקטע בלעטער האָבען ניט געשורשעט אונטער די פיס, נאָר זיי זיינען גע־לעגען און געפוילט פון שטענדיגען רעגען.

דער כמעט נאַקעטער וואַלד איז געווען פייכט ווי אַ צימער אין באָד. ווען מען איז צוגעקומען צו די גרויסע, פון רעגען צואווייקטע בוימער, האָט אַ שלאָג געטהאָן אַנטקעגען אַ שימעל־גערוך, אַ פייכטקייט און אַ נאַסקייט.

די יעגער וועלכע האָבען זיך נאָכאַנאַנד געפונען אין דער דאָזי־גער נאַסקייט צוזאַמען מיט זייערע הינט און די יונגע יעגערינען, האָבען זיך יעדען אָבענד אומגעקעהרט צוריק מיעד אין קערפּער און אין גייסט.

נאָך׳ן דינער האָט מען אין גרויסען זאַאל געשפּיעלט אין לאָטאָ, אָבער קיינער האָט זיך דערביי ניט אַמוזירט. דער ווינד האָט געבושעוועט, געקלאַפּט אין די לאָדען און געריסען דעם דאָך.

דאָן האָט מען פּראָבירט דערצעהלען מעשות, אָבער קיינעם איז נישט איינגעפאַלען עטוואָס אינטערעסאַנטעס. די יעגער האָ־בען דערצעהלט יאַגד־געשיכטען און די פרויען האָבען זיך צובראָכען די קעפּ אויסצוטראַכטען עטוואָס פאַנטאַסטישעס; אָבער אומזיסט, זייער פאַנטאַזיע איז געווען צו אָרעם.

מען האָט שוין געוואָלט אויפגעבען דאָס אַמוזירען זיך דורך מעשה׳לאַך, ווען אַ יונגע פרוי האָט אויף איהר טאַנטע׳ס פינגער בעמערקט אַ קליינעם האָארענעם רינג, וועלכע זי האָט שוין פריהער אויך געזעהען, אָבער האָט איהם ניט געשענקט קיין אויפמערק־זאַמקייט.

און זי האָט געפרעגט, דרעהענדיג דעם רינג לייכט אויף׳ן פינגער:

— זאָג מיר אָקאָרשט, טאַנטע, וואָס איז דאָס פאַר א רינג, עס זעהט עפּעס אויס ווי קינדער האָאר?

די טאַנטע, אַן אַלטע מיידעל, איז געוואָרען רויט, דאַן בלייך און געענטפערט מיט א ציטערענדער שטימע:

— דאָס איז אַזוי טרויעריג, אַזוי טרויעריג, אַז איך וואָלט וועגען דעם ניט וועלען רעדען. דאָס אונגליק פון מיין גאַנצען לעבען קומט דערפון. דעמאָלט בין איך נאָך געווען גאָר יונג און די עראינערונג איז פאַר מיר אַזוי טרויעריג, אַז ווען נאָר איך טראַכט דערפון, מוז איך וויינען.

איצט ערשט האָט מען זיך אויף אַן אמת פעראינטערעסירט מיט איהר געשיכטע און אַלע האָבען עס געוואָלט הערען, אָבער די טאַנטע האָט ניט געוואָלט דערצעהלען. צום סוף האָט מען זי אַזוי לאַנג געבעטען, אַז זי האָט נאָכגעגעבען:

— איך האָב אייך אָפט דערצעהלט פון דער פאַמיליע דע סאַנטעז, וועלכע איז איצט שוין אין גאַנצען אויסגעשטאָרבען — האָט זי אָנגעהויבען — איך האָב געקענט די לעצטע דריי מיט־גליעדער פון דער דאָזיגער פאַמיליע. אַלע דריי, מענער, זיינען געשטאָרבען אויף דעם זעלביגען אופן. דאָס זיינען די האָאר פון דעם לעצטען. ער איז געווען אַלט דרייצעהן יאָהר, ווען ער האָט זיך גענומען דאָס לעבען... צוליעב מיר. דאָס קומט אייך אויס עפּעס מאָדנע, ניט אמת?

אַך, זיי זיינען געווען מערקווירדיגע מענשען, די דאָזיגע סאַנ־טעז׳עס, מען קען זאָגען משוגעים, אָבער זייערע משוגעת׳ן זיינען דאָך געווען רייצענד: זיי זיינען געווען משוגע פון ליעבע. אַלע מיטגליעדער פון זייער פאַמיליע האָבען געהאַט געוואַלדיגע ליידענ־שאַפטען, שטאַרקע געפיהלען, וועלכע האָבען זיי געטריבען צו משוגה׳דיגע זאַכען, צו פאַנאַטישער איבערגעבענקייט, זאָגאָר צו פערברעכענס. דאָס איז געלעגען אין זייער נאַטור, פונקט ווי אין מאַנכע נאַטורען ליגט דער שטאַרקער גלויבען. צווישען די קרובים איז געווען א ווערטעל: „פערליעבט ווי א סאַנטעז“. עס איז

געגנוג געווען אויף זיי א קוק צו טהאן, אום צו וויסען מיט וועמען מען האט אן עסק. זיי האבען אלע געהאט לאנגע, געקרויזטע האאר, וואס איז אראבגעהאנגען עטוואס קרום איבער׳ן שטערן, שעהנע בערד, גרויסע אויגען, וועמעס בליקען זיינען אריינגעדרונגען טיעף אין אייער נשמה און האבען אייך צומישט און צוטומעלט, איהר האט אליין ניט געוואוסט פארוואס.

דער זיידע פון דעם, וועמעס איינציגער אנדענקען איז דיעזער רינג, האט דורכגעמאכט א סך אוואנטיורען. דועלען און אנטלויפען מיט פרויען זיינען געווען זאכען, וואס האבען געשפיעלט א גרויסע האלע אין זיין לעבען. און דא, ווען ער איז שוין אלט געווען פינף און זעכציג יאהר, האט ער זיך פערליעבט אין דער טאכטער פון זיין פאכטער. איך האב זיי ביידען געקענט. זי איז געווען בלאנד און בלייך, איז געווען זעהר א שעהנע, האט גערעדט לאנגזאם מיט א ווייכער שטימע און געהאט א זאנפטען, זיסען בליק ווי א מאדאננא. דער אלטער מאן האט זי געגומען צו זיך און באלד איז ער פון איהר אזוי פער׳כשופ׳ט געווארען, אז ער האט אהן איהר א מינוט ניט געקענט זיין. זיין טאכטער און זיין שנור, וועלכע האבען אויך געוואהנט אין שלאס, האט עס גארנישט גע־וואונדערט, ווייל אין דער האזיגער פאמיליע האט די ליעבע פער־נומען דעם ערשטען פלאץ. ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען עפעס א ליידענשאפט, האט זיי קיין זאך מעהר ניט געוואונדערט. און ווען מען האט אין זייער געגענוואַרט גערעדט פון שטערונגען, וואס א פערליעבט פאאר׳ל האט געפונען אויף זייער וועג, אדער פון צושיידען געליעבטע, אדער גאר פון דער נקמה נאך א פערראַט, דאן האבען זיי ביידע געזאגט מיט דעם זעלבען טאן: „אך וויפיעל ער (אדער זי) האט געמוזט ליידען איידער עס איז געקומען דערצו". מעהר גארנישט. אלע ליעבעס דראמען האבען זיי טיעף גערידהרט און קיינע פון זיי, אפילו ווען זיי האבען זיך געענדיגט מיט די גרעסטע פערברעכענס, האט זיי ניט אויפגעבראכט.

דארף זיך טרעפען, אז איין מאל, הערבסט צייט, ווערט א געוויסער הערר דע־גראדעלל איינגעלאדען אויף געיעג און ער אנט־לויפט מיט דער יונגער מיידעל.

הערר סאנטעץ איז געבליבען גאנץ רוהיג, ווי עס וואָלט גאָר נישט פּאסירט. אָבער אין אַ געוויסען טאָג האָט מען איהם געפונען אין הינטישען צימער אַן אויפגעהאנגענעם צווישען זיינע הינד.

זיין זוהן איז געשטאָרבען אויף דעם זעלבען אופן אין אַ האָ־טעל אין פּאריז, נאָכדעם ווי אַן אָפּערא־זינגערין האָט איהם בע־טראָגען. דאָס איז געשעהן בעת ער האָט געמאכט אַ רייזע אין 1841.

ער האָט געלאָזען אַ קינד פון צוועלף יאָהר און אַן אַלמנה, מיין מוטער'ס אַ שוועסטער. זי מיט דעם אינגעל האָבען אריינגע־צויגען צו מיין פאָטער אין אונזער הויף בערטיללאָן. איך בין דעמאָלט אַלט געווען זיעבצעהן יאָהר.

איהר קענט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען ווי רייף און ענטוויקעלט דער דאָזיגער יונגער סאנטעץ איז געווען. עס האָט אויסגעזעהן ווי אַלע ליעבעס־פעהיגקייטען און די גאנצע צוהיטצקיים פון זיין פאמיליע האָט זיך פעראייניגט אין איהם, דעם לעצטען פון זיי. ער האָט שטענדיג געטרוימט און שטונדען לאַנג איז ער איינער אַליין ארומגעלאָפען שפּאצירען אין די אַלעען, וואָס האָבען גע־פיהרט פון שלאָס אין וואַלד אריין. פון מיין פענסטער ארויס האָב איך איהם שטענדיג געזעהן, דעם סענטימענטאַלען אינגעל, ווי ער איז מיט ערנסטע טריט, מיט אַן ארונטערגעלאָזענעם קאָפּ, די הענד אויפ'ן רוקען פארלייגט, געגאַנגען הין און צוריק. פון צייט צו צייט איז ער געבליבען שטעהן, האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט געזעהן, געפיהלט און פערשטאַנען זאכען, וויים, וויים איבער זיין עלטער.

אָפט נאָכ'ן עסען, אין אַ ליכטיגען אבענד, פלעגט ער זאָגען צו מיר:

— קום, קוזינע, לאָמיר געהן טרוימען.

און מיר זיינען געגאַנגען צוזאַמען אין פּארק. און פּלוצים האָט ער זיך דאַן אָבגעשטעלט אויף אַ ליכטיגען פלעק, אויף וועל־כען עס איז געלעגען יענער ווייסער זילבערנער שאָטען, וואָס די לבנה שפּרייט אוים איבער די ליכטיגע פלעצער אין וואַלד און האָט גערעדט צו מיר, דריקענדיג מיין האַנד:

— בעטראַכט עס, בעטראַכט עס נאָר גוט! אָבער דו פֿער־שטעהסט מיך ניט, איך פֿיהל עס. ווען דו וואָלסט מיך פֿערשטאַ־נען, דאַן וואָלטען מיר געוועזן גליקליך. דערצו מוז מען אָבער ליעבען.

איך האָב געלאַכט און געקושט דעם אינגעל, וועלכער איז גע־ווען שטערבליך פֿערליעבט אין מיר.

אָפֿט האָט ער נאָך'ן עסען זיך אויך ארויפגעכאַפּט צו מיין מוטער אויפ'ן שויס און געבעטען:

— טאַנטע, איך בעט דיך, דערצעהל אונז ליעבעס געשיכטען.

און מיין מוטער האָט איהם פּאר שפּאַס וועגען דערצעהלט אַלע לעגענדען פֿון זיין פֿאַמיליע, אַלע ליידענשאַפֿטליכע אוואַנטיורען פֿון זיין פֿאָטער. טויזענדער און טויזענדער לעגענדען זיינען וועגען זיי ארומגעגאַנגען, פֿאַלשע ווי אמת'ע. די דאָזיגע אַלע מענער האָט דער נאָמען, וואָס זייער פֿאַמיליע האָט געהאַט, פֿריהער אָדער שפּעטער רואינירט און אונגליקליך געמאַכט. זיי האָבען זיך דאָס אריינגענומען אין קאָפּ און עס איז ביי זיי געוואָרען עפּעס אַ מין עהרע אָנצוהאַלטען דעם דאָזיגען נאָמען פֿון זייער הויז.

דער אינגעל פֿלעגט ווערען בעגייסטערט פֿון די דאָזיגע צערט־ליכע אָדער מורא'דיגע ערצעהלונגען, און מאַנכעס מאָל פֿלעגט ער נעהמען פּאַטשען מיט די הענד פֿאַר פֿרייד בעת ער האָט אויסגע־רופֿען:

— איך אויך, איך אויך! איך קען בעסער ליעבען ווי זיי אַלע!

דאַן האָט ער אָנגעהויבען מיר ארויסצואווייזען ליעבע, ניט דרייסט און זעהר צערטליך, אזוי אז מען האָט דערפֿון געלאַכט, אזוי קאָמיש האָט עס אויסגעזעהען. יעדען אין דער פֿריה האָב איך געקריגען בלומען, וועלכע ער האָט אַליין אָנגעריסען, און יעדען אבענד, איידער ער איז אין זיין צימער אוועק, האָט ער מיר געקושט די האַנד און דערביי געמורמעלט:

— איך ליעב דיך.

איך בין געווען שולדיג, זעהר שולדיג און איך וויין נאָך היינט איבער דעם. איך בין געוואָרען אַן אַלטע מיידעל צוליעב דעם, אָדער ווי מיר דאַכט זיך, אַז איך בין געוואָרען אַן אַלמנה... זיין

אַלמנה. מיר האָט די דאָזיגע קינדערשע צערטליכקייט געמאַכט שפּאַס און איך האָב איהם זאָגאַר צוגעגעבען פייער. איך בין געווען קאָקעטיש און פערפיהרעריש ווי אַנטקעגען אַ מאַן, צערטליך און נידערטרעכטיג. איך האָב דעם קינד אין גאַנצען משוגע געמאַכט. פאַר מיר איז עס געווען אַ שפּיעלעריי, און פאַר זיין אַן מיין מוטער אַן אַמוזאַנטע אונטערהאַלטונג. ער איז אַלט געווען צוועלף יאָהר. שטעלט זיך פאָר, ווי האָבען מיר דען געקענט אויף איין מינוט דאָס דאָזיגע קינדערשע ליעבעס־שפּיעל, אַננעהמען פאַר אַן ערנסטע ליידענשאַפט! איך האָב איהם געקושט אַזוי אָפט ווי ער האָט געוואָלט. איך האָב איהם אַליין געשריבען ליעבעס בריעף, וועלכע אונזערע מוטערס האָבען פריהער געלעזען, און ער האָט מיר געענטפערט מיט פייערדיגע צעטעלאַך, וועלכע איך האָב בעהאַלטען. ער האָט געדענקט, אַז אונזער ליעבע איז פון אַלעמען פערבאָרגען, ווי ער וואָלט געווען אַ מאַן. אָבער מיר האָבען פערגעסען, אַז ער איז געווען אַ סאַנטעע.

דאָס האָט געדויערט כמעט אַ יאָהר צייט. און איין מאָל אַן אָבענד אין פאַרק, איז ער געפאַלען פאַר מיר אויף די קניע און געזאָגט, בעת ער האָט היים געקושט דעם זוים פון מיין קלייד:

— איך ליעב דיך! איך ליעב דיך! איך שטאַרב פאַר ליעבע. דו הערסט, ווען דו זאָלסט מיך ווען עס איז בעטריגען, ווען דיר זאָל אַן אַנדערער בעסער געפעלען, ווי איך, דאַן וועל איך טהאָן אַזוי ווי מיין פאָטער.

און ער האָט צוגעלייגט מיט אַ טיעפער שטימע, וועלכע האָט אויף אייך אָנגעיאָגט אַן אימה:

— דו ווייסט, וואָס ער האָט געטהאָן.

ווען איך האָב געשוויגען אַ דערשראָקענע, איז ער אויפגעשטאַנען, זיך אויפגעהויבען אויף די שפּיץ פינגער, אום צו דערגרייכען ביז צו מיין אויער, דען איך בין געווען העכער ווי ער, און האָט אַרויסגערעדט מיין ערשטען נאָמען געגנאָוועפאַ מיט אַזאַ זיסען, אַזאַ ליעבען, אַזאַ צערטליכען טאָן, אַז עס האָט מיך דורכגענומען דורך און דורך.

איך האָב געשטאַמעלט:

— לאָמיר געהן אַהיים.

ער האָט ניט געזאָגט מעהר קיין ווארט און איז מיר נאָכגעגאַנ־גען. אָבער ווען מיר זיינען געגאַנגען איבער די טרעפּ פון דער וועראַנדע, האָט ער מיך נאָך אמאָל אָבגעשטעלט:

— דו ווייסט עס אלזא: ווען דו פערלאָזט מיך, טויט איך זיך.

איצט האָב איך איינגעזעהן, אז איך בין אוועק צו ווייט און איך בין געווארען צוריקגעהאלטענער און געזוכט צו זיין מיט איהם פון ווייטען. ווען ער האָט מיר ווענען דעם געמאכט פאָרווירפע, האָב איך געענטפערט:

— דו ווייסט, דו ביזט איצט צו אַלט, אום צו שפּיעלען און פאר אַן ערנסטע ליעבע נאָך צו יונג. איך וועל ווארטען.

און איך האָב געדענקט, אז דערמיט בין איך דערוויייל מיט איהם פּארטיג געווארען.

יעסען צייט איז ער אוועק אין א פענסיאָן, ווען ער איז דעם קומענדען זומער צוריקגעקומען, בין איך געוועזן פאר'קנס'ט. ער האָט עס גלייך בעמערקט און אכט טעג נאָכאַנאַנד איז ער ארומ־געגאַנגען אזוי אריינגעטהאָן אין זיך, אז עס האָט מיך זעהר אונ־רוהיג געמאכט.

ווען איך בין אויפגעשטאַנען אויף דעם נייטען טאָג, האָב איך אויף מיין שוועל געפונען א קליין שטיקעל פּאַפּיר, וועלכעס איז אריינגעשטופּט געווארען דורך מיין טיר. איך האָב עס אויפגע־הויבען, געעפענט און געלעזען:

„דו האָסט מיך פערראַטען און דו ווייסט וואס איך האָב דיר געזאָגט. דו האָסט מיט דיין האנדלונג ארויסגערופען מיין טויט. אום אז קיין אַנדערער אויסער דיר זאָל מיך ניט געפינען, טאָ קום אין פּארק אויף דעם פּלאַץ, וואו איך האָב דיר פאר א יאָהרען גע־זאָגט, אז איך ליעב דיך און קוק ארויף."

עס האָט זיך מיר געדאכט, אז איך וועל משוגע. איך האָב זיך אָנגעטהאָן מיט דער גרעסטער שנעלקייט און גענומען לויפען מיט אלע מיינע קרעפטען צו דעם פּלאַץ, וועלכען ער האָט מיר אָנ־געגעבען. זיין קליינע שילער מיצעל איז געלעגען אויף דר'ערד

אין שמוץ. עס האָט אַ גאַנצע נאַכט גערעגנט. איך האָב אויפ־געהויבען מיינע אויגען און דערזעהן עטוואס, וואס האָט זיך בע־וועגט אין די בלעטער, דען עס איז געווען אַ שטאַרקער ווינד.

איך וויים ניט, וואָס איך האָב דאַן געטהאָן. איך האָב הפּנים געמאַכט אַ געשריי, פּילייכט האָב איך גע׳חלש׳ט און דערנאָך זיך אויפגעהויבען און אין שלאָס געלאָפען. ערשט אין בעט בין איך געקומען צו זיך און דערזעהן די מוטער ביי מיין זייט.

מיר האָט זיך געדאַכט, ווי איך וואָלט דאָס אַלעס געזעהן אין אַ בייזען חלום און איך האָב אויסגעשטאַמעלט:

— וואו איז גאָנטראַן?

איך האָב ניט בעקומען קיין ענטפער; עס איז געווען די ווירק־ליכקייט.

איך האָב ניט געוואַגט אויף איהם נאָך אַמאָל אַ קוק צו טהאָן, אָבער איך האָב געבעטען, אַז מען זאָל מיר געבען אַ לאַנגען לאָק פון זיינע בלאָנדע האָאר... אָט דאָס איז ער...

און די אַלטע מיידעל האָט מיט אַ פערצווייפעלטער מינע גע־וויזען דעם רינג אויף איהר פינגער.

דאַן האָט זי אַ פּאָאר מאָל אַ סאָפּע געטהאָן מיט דער נאָז, זיך אָבגעווישט די אויגען און געזאָגט:

איך האָב דערנאָך אָבגעלאָזען דעם שידוך, ניט אָנגעבענדיג קיין שום גרונד, און בין אויף אימער פערבליבען די... די אלמנה פון דעם דאָזיגען דרייצעהן יעהריגען אינגעל.

דאַן איז איהר קאָפּ אַראָבגעזונקען אויף איהר ברוסט און אַ צייט לאַנג האָט זי געוויינט, דענקענדיג פון איהר טרויעריגער פער־גאַנגענהייט.

און ווען מען איז אַרויף אויבען שלאָפען, האָט אַ דיקער יעגער, וועמען זי האָט שטאַרק געריהרט, געזאָגט צו זיין שכן אויף׳ן אויער:

— איז עס ניט שרעקליך, צו זיין אַזוי סענטימענטאַל?

# וויהנאַכטען



יך געדענק ניט אין וואָס פאַר אַ יאָהר דאָס איז געוועזן, שוין פון אַ מאָנאַט צייט, ווי איך בין געגאַנגען אויף געיעג מיט עפּעס אַ מין רציחה, מיט ווילדער פרייד, מיט יענער בעגייסטערונג, וועלכע אַ נייע ליידענשאַפט רופט ביי אונז אַרויס.

איך בין געוועזן אין נאָרמאַנדיע, אין אַ שלאָס ביי מיינעם אַן אונפערהייראַטען קרוב יוליוס דע־באַננעוויל אויף בעזוך. מיר האָבען זיך דאָרט געפונען גאַנץ אליין מיט אַ דיענער, אַ דיענסטמיידעל און דער יעגער. דער שלאָס איז געוועזן אַן אַלטער, גרויער קאַסטען, אַרומגערינגעלט מיט טאַנענבוימער. ער איז גע־לעגען אין מיטען פון לאַנגע אַלעען, וואו דער ווינד האָט זיך פריי אַרומגעיאָגט און האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט שוין פון הונדער־טער יאָהרען פערלאָזען געוועזן. אַלטע מעבעל זיינען געשטאַנען אין די אימער פערשלאָסענע צימערען, אין וועלכע די עלטער זיידעס, וועמעס בילדער זיינען אויף די אָבגעבליאַקירטע ווענט געהאַנגען, האָבען אמאָל זייערע אַדעליגע שכנים מיט גרויסע צערעמאָניע אויפגענומען.

מיר אָבער האָבען זיך גאַנץ פּשוט אויפגעהאַלטען אין קיך. די דאָזיגע ריעזיג גרויסע קיך, וועמעס דונקעלע ווינקלען זיינען ערשט דאַן ליכטיג געוואָרען, ווען מען האָט אַ נייעם שייטעל האָלץ אין דעם גרויסען קאַמין אַריינגעוואָרפען, איז געוועזן דער איינציגער בעוואָהנ־טער צימער אין גאַנצען מאַיאָנטעק. יעדען אָבענד זיינען מיר אין אַ זיסען דרימעל געזעסען פאַר'ן פייער און געטריקענט אונזערע נאַסע שטיוועל. די הינט צו אונזערע פיס האָבען גע'חלום'ט וועגען געיעג און געבולען פון שלאָף. צום סוף זיינען מיר אַוועק אין אונ־זער צימער.

דאָס איז געווען דער איינציגער צימער, וועלכער איז צוליעב די מייז אויף דאָס נײַ אויסגעקלעפּט געוואָרען, אָבער ער איז געבליבען אין גאַנצען ליידיג, אויסער די פּאָאַר ביקסען, בייטשען און געיעגד־האָרנס אויף די ווענד. ציטערנדיג פאר קעלט זיינען מיר אריינגעקראָכען אין אונזערע בעטען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין די עקען פון דעם דאָזיגען קאַלטען סיביר.

א מייל אוועק פון דעם פראָנט פון׳ם שלאָס איז דער פעלזיגער ברעג אין ים אריינגעפאַלען און א שטאַרקער ווינד, דער אטהעם פון אָקעאַן, האָט טאָג און נאַכט געבלאָזען. דאַן האָבען געזיפצט די גרויסע, פון שטורעמס געבויגענע ביימער, דאַן האָט געוויינט דער דאַך און די וועטערפאָהן, דאַן האָט געקרעכצט די גאַנצע אַלטע געביידע, אין וועלכער דער ווינד האָט געיושעט דורך די אויסגעריבענע ציעגעל, דורך די אַלטע קוימענס, די פענסטער, וועלכע האָבען זיך שוין ניט געקענט צומאַכען.

עס איז געווען א מורא׳דיגער פראָסט. די נאַכט איז צוגעפאַלען. מיר האָבען זיך געזעצט צום טיש פאַר דעם גרויסען פייער אין ריעזיגען קאַמין, אין וועלכען א האָז מיט צוויי פיין שמעקעדיגע רעבהינער האָבען זיך געבראָטען אויף א שפּיז.

מיין קרוב האָט אויפגעהויבען די אויגען און געזאָגט:

— עס וועט היינט זיין זעהר קאַלט צו געהן אין בעט.

איך האָב געענטפערט:

— יא, אָבער דערפאַר וועלען מאָרגען זיין ענטלאַך אויף די טייכען!

די דיענסט, וועלכע האָט אויף איין עק טיש פאַר אונז, און אויפ׳ן צווייטען עק פאַר די דיענער דאָס עסען צוגעריכט, האָט נעפרעגט:

— ווייסען די הערען, אז היינט איז ווייהנאַכטען?

דאָס האָבען מיר טאַקע ניט געוואוסט, ווייל מיר האָבען זעלטען ווען אריינגעקוקט אין קאַלענדאַר. מיין פריינד האָט געזאָגט:

— אויב אזוי, איז היינט נאָך האַלבער נאַכט די ווייהנאַכטס מעססע. דערפאַר הפּנים האָט מען דאָס שוין א גאַנצען טאָג געקלונגען.

די דיענסט האט געענטפערט:

— יא און ניין, גנעדיגער הערר. זיי האבען געקלונגען, וויל פאטער פארנעל איז געשטארבען.

אויף פאטער פארנועל, דעם פריהערדיגען פאסטוך, האט מען אין דער געגענד געקוקט, ווי אויף עפעס א וואונדער. ער איז אלט געוועזען 96 יאהר און איז קיינמאל אין זיין לעבען ניט קראנק געוועזען, ביז ער איז פאר פיער וואכען אין א פינסטערער נאכט אין א גראבען אריינגעפאלען. ער האט זיך דאן פארקיהלט און אויפ'ן צווייטען טאג האט ער זיך געמוזט לייגען אין בעט. פון דאן אן האט ער זיך געראנגעלט מיט'ן טויט.

מיין פריינד האט זיך געווענדעט צו מיר:

— אויב דו האסט ניט דאגעגען, וועלען מיר שפעטער אביסעל בעזוכען די ארימע לייט!

ער האט מיר געוואלט דערצעהלען פון דער פאמיליע פון'ם אלטען, זיין אייניקעל, וועלכער איז אכט־און־פופציג יאהר אלט, און פון זיין מיט א יאהר אינגערער פרוי. די דורות וואס זיינען געלעגען צווישען זיידען און אייניקעל זיינען שוין לאנג אויף דער וועלט ניט געווען. זיי האבען בעוואהנט אן ארימע כאלופקע רעכטס ביים אריינגאנג אין דארף.

איך וויים ניט, פאר וואס דער געדאנק, אז מיר געפינען זיך דא, אין דער דאזיגער איינזאמקייט אום ווייהנאכטען, האט אונז געמאכט צו פלוידערן. מיר זיינען געזעסען איינער אנטקעגען אנדער'ן און האבען זיך דערצעהלט אלע געשיכטען און פאסירונגען פון דער פרעהליכער נאכט פון ווייהנאכטען, פון פערגאנגענעם גליק, און פון ערוואכונג זאלבענאנד אויף מארגען אין דער פריה.

און אזוי רעדענדיג האט אונזער עסען געדויערט א לאנגע צייט, און מיר האבען נאך אויסגערויכערט עטליכע פיפקעס אויך. אונזער איינזאמע פרעהליכקייט האט אונז אין גאנצען בעהערשט, ווי עס טרעפט אמאל צווישען צוויי אינטימע פריינד, ווען דאס געשפרעך ווערט ניט איבערגעריסען, זייערע הערצער עפענען זיך אויף און עס רייסען זיך ארויס פון דארטען געהיימניסע, וועלכע מען האלט געוועהנליך בעהאלטען בחדרי חדרים.

די דיענסט איז שוין לאַנג געווען פערשוואונדען. איצט האָט זי זיך ווידער בעוויזען:

— איך געה צו דער מעססע, גנעדיגער הערר.

— שוין?

— עס איז אַ פערטעל צו צוועלף.

— ווי מיינסטו, טאָמער וואָלטען מיר אויך צוגעגאַנגען ביז צו דער קירכע? די ווייהנאַכט מעססע דאָ אין דאָרף איז גאַנץ אינטערעסאַנט! — האָט געזאָגט יוליוס.

איך האָב איינגעווילינט און מיר זיינען אוועק אין אונזערע געיעג פעלצען איינגעוויקעלט.

אַ ביטערע קעלט האָט אונז געשניטען אין פנים און די אויגען זיינען אונז פאַרלאָפען. די שאַרפע לופט האָט זיך אוועקגעלייגט אויף די לונגען און אויסגעטריקענט די העלזער. דער טיעפער, קלאָרער, האַרטער הימעל איז געווען פאַרזעעט מיט שטערן, וועלכע זיינען עפּעס ווי בלייכער געוואָרען פון פראָסט. זיי האָבען ניט געפינקעלט ווי פייערלאַך, נור ווי אייז שטערן האָבען זיי אויסגעזעהן, ווי בליסטשענדיגער קריסטאַל. פון ווייטענס האָט זיך געטראָגען אַ קלאַפּען איבער דער האַרטער, טרוקענער, פאַרפראָהרענער ערד פון די פויערשע הילצערנע שיך און פון אַלע זייטען, אין אַלע ריכטונגען האָבען געקלונגען די גלאָקען פון די דערפער, און זייער הויכער, גרילצענדיגער, קאַלטער קלאַנג האָט זיך געטראָגען אין דער ווינטער נאַכט אריין.

דער דאָרף האָט ניט געשלאָפען. די העהנער זיינען פון דעם טומעל אַזוי שפּעט ביינאַכט צוטומעלט געוואָרען און האָבען געקרעהט. אין די שטאַהלען האָט מען געהערט די אונרוהיג געוואָרענע פיה.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צום דאָרף, האָט זיך יוליוס ווידער דערמאָהנט אָן דער פאַמיליע פאורנעל און געזאָגט:

— אָט דאָ איז זייער הייזעל. לאָמיר אריינגעהען.

ער האָט לאַנג אומזיסט געקלאַפּט. אַ שכנה וועלכע האָט איהר הויז פערלאָזען, אום אין קירכע צו געהן, האָט אונז בעמערקט און געזאָגט:

— זיי זיינען אַוועק אין קירכע אריין. זיי ווילען פאַר דעם אַלטען גאָט בעטען.

— מיר וועלען זיי בעזוכען, ווען זיי וועלען צוריק קומען! — האָט געזאָגט מיין פריינד.

די לבנה איז געשטאַנען הויך אין הימעל צווישען א ים פון שטערן, און פון אַלע זייטען האָבען זיך איבער דער דונקעלער לאַנדשאַפט בעוועגט קליינע, שוואַנקענדע ליכטער אין דער ריכטונג צו דעם קלינגענדיגען קירכען־טורעם צו. זיי האָבען ארומגעשוועבט צווישען די מיט בוימער בעפלאַנצטע הויף׳ן, איבער דעם שוואַרצען פעלד, גאַנץ נידעריג אויף דר׳ערד. דאָס זיינען געווען די לאַנטערנעס, וואָס די פויערים האָבען געטראָגען. הינטער די מענער האָבען געטראָטען זייערע פרויען אין ווייסע הייבלאַך און שוואַרצע מאַנטלען, פון פערשלאָפענע קינדער נעפאָלגט, וועלכע האָבען זיך פאַר די הענד געהאַלטען.

דורך דער אָפענער קירכען טהיר האָט זיך געזעהן דער בעלויכטענער כאָר. א קראַנץ פון קליינע ליכטלאַך האָט זיך געפונען ארום דער שיף און לינקס אין א קאַפּעלע אויפ׳ן אמת׳ן שטרעע פון טאַנען צווייגען ארומגערינגעלט, איז געלעגען א קריסטוס קינד און האָט זיינע ראָזיגע גליעדער געצייגט.

די גאָטעסדיענסט האָט זיך אָנגעהויבען. די פויערים האָבען איינגעבויגען די קעפּ, די פרויען האָבען זיך אויף די קניע ארונטערגעלאָזען און געבעטען. די איינפאַכע מענשען, וועלכע זיינען אין אזא ביטערער קעלט אין מיטען נאַכט אויפגעשטאַנען, האָבען מיט געפיהל געקוקט אויף דאָס גראָב געמאָהלטע בילד און אין זייער קינדערשען גלויבען האָבען זיי די הענד צוזאַמענגעלייגט פאַר גרויס התפעלות.

אַן אייזיגער ווינד האָט געמאַכט די ליכט אויפצופלאַקערען. יוליוס האָט זיך אָבגערופען צו מיר:

— לאָמיר ארויסגעהן. אין דרויסען איז אנגענעהמער.

און בעת אינעווייניג האָבען די בעטענדיגע דאָרפסלייט גע־ציטערט פאַר קעלט, האָבען מיר אויף דער איינזאַמער גאַס ווידער

געגומען ריידען פון אונזערע עראינערונגען, ביז דאס געבעט האט זיך געענדיגט און מיר זיינען אוועק צוריק אין דארף.

אונטער דער טהיר פון די פאורנעל האט זיך דורכגעריסען א פאס ליכט.

— זיי וואכען ביי זייער טויטען — האט געזאגט מיין פריינד — קום, לאמיר צו זיי אריינגעהן. דאס וועט די ארימע מענשען פרעהען.

דער פייער אין קאמין האט געהאלטען ביים אבשטארבען. דער דונקעלער צימער מיט די צוקרימטע, אלטע פארשווארצטע באלקענס איז געווען שמוציג און א שטיקענדער גערוך פון געבראטענע ווורשט האט איהם אנגעפיעלט. אין מיטען אויף דעם גרויסען, לאנגען, בייכיגען מעהל קאסטען, וועלכער האט זיי געדיענט אלס טיש, איז געשטאנען א חלב'ענע ליכט אין אן אייזערנעם לייכטער און האט מיט זיין שמעלצענדיגען, שטינקענדען פייערל די שטוב בעלויכטען. אוןביידע פאורנעל'ס, מאן און ווייב, האבען איינער אנטקעגען אנדערן דעם ווייהנאכט אבענד געפייערט.

זיי האבען געגעסען טרויעריג און מיט ווירדע, מיט ערנסטע, פארטעמפטע פויערשע פנים'ער, ניט רעדענדיג א ווארט. פון א גרויסער שיסעל, וואס איז געשטאנען צווישען זיי, האט א גרויסע שטיק וואורשט ארויסגעשטעקט און פארפעסטעט די לופט. פון צייט צו צייט האבען זיי מיט'ן שפיץ מעסער אבגעריסען א שטיק, עס באשמירט אויף זייער ברויט, אין שטיקלאך צושניטען און געגעסען.

איז די גלאז פון דעם מאן ליידיג געווארען, האט עס די פרוי ווידער אנגעפילט מיט עפעל-וויין פון א קרוג.

ווען מיר זיינען אריינגעקומען, זיינען זיי אויפגעשטאנען, אונז געבעטען זיצען, אנגעבאטען מיט זיי צו עסען און ווען מיר האבען זיך אבגעזאגט, האבען זיי רוהיג ווייטער געגעסען.

נאך א פאאר מינוטען פון שווייגען, האט מיין פריינד געזאגט:

— נו, אנטהים, דער זיידע איז געשטארבען?

— יא, גנעדיגער הערר. ער איז אוועק אויף יענער וועלט.

ווידער האבען מיר געשוויגען. אויס העפליכקייט צו אונז,

האָט די פרוי אָבגעשמעלצט די ליכט. דאַן האָב איך צוגעלייגט, אום עפּעס צו זאָגען:

— ער איז געווען זעהר אַלט.

די זיבעבען־און־פופציג יאָהריגע אייניקעל האָט געענטפערט:

— אך, זיין צייט איז שוין אוועק. ער האָט דאָ שוין מעהר גאָרנישט געהאט וואָס צו טהאָן.

דאָ האָט זיך מיר פּלוצים פאַרוואָלט זעהן דעם קערפּער פון דעם כמעט הונדערט יאָהריגען אַלטען און איך האָב געבעטען, זיי זאָלען מיר איהם ווייזען.

דיביידע פּויערים, וועלכע זיינען ביז אַהער געווען אַזוי שטיל, זיינען פּלוצים געוואָרען אויפגערעגט. בעזאָרגט האָבען זיי זיך אָנגעקוקט און ניט געענטפערט.

אַזוי ווי מיין פריינד האָט געזעהן זייער פערלעגענהייט, איז ער בעשטאַנען, אַז מיין פערלאַנג זאָל ערפילט ווערען און דער מאַן האָט געפרעגט מיט א פערדעכטיגען און אונצופריעדענעם אויסדרוק:

— צו־וואָס טויג עס אייך?

— אָט גלאַט אַזוי, — האָט געזאָגט יוליוס, — אָבער עס פּיהרט זיך דאָך אַלע מאָל אַזוי! פאַרוואָס ווילט איהר איהם דען ניט ווייזען?

דער פּויער האָט א דריק געטהאָן מיט די אַקסלען.

מיר האָבען געהאט טויזענדערליי פערדאַכטען, אָבער אַזוי ווי די אייניקלאַך פון דעם טויטען האָבען זיך ניט גערירט פון אָרט און זיינען געזעסען מיט יענער מינע פון אונצופריעדענע מענשען, וועלכע זאָגען אָהן ווערטער: „טראָגט זיך אַרויס פון דאַנען!“ — האָט מיין פריינד אויסגעשריען שטרענג:

— פאָרווערטס, אַנטהים, שטעהט אויף און פיהרט אונז אין זיין צימער.

אָבער דער פּויער האָט זיך איינגעשפּאַרט און געענטפערט פערדראָסיג:

— דאָס האָט גאָר קיין צוועק ניט. ער איז שוין דאָרט סיי ווי ניט מעהר.

— טאָ וואו דען איז ער?

די פרוי האָט איהר מאַן איבערגעשלאָגען די רייד:

— איך וועל עס אייך זאָגען! מיר האָבען איהם ביז מאָרגען אריינגעלעגט אין אַ מעהל קאַסטען, ווייל מיר האָבען ניט קיין פּלאַץ.

דערביי האָט זי אַראָבגענומען דעם טעלער מיט די וואורשט, האָט אויפגעקלאַפּט דעם דעקעל פון טיש און זיך צוגעבויגען מיט דער ליכט צו דער גרויסער, מורא'דיגער עפענונג, כדי אונז צו־צולייכטען. און אויף דר'ערד האָבען מיר דערזעהן עטוואָס שוידער־האַפטעס, עפּעס אַ מאָדנער סאָרט לאַנגער פּאַק, פון וועלכען אויף איין זייט האָט אַן אויסגעדאַרטער קאָפּ מיט ווייסע צושויבערטע האָאָר אַרויסגעקוקט און פון דער אַנדערער זייט האָבען אַרויסגע־סטאַרטשעט אַ פּאָאָר הוילע, נאַקעטע פיס.

דאָס איז געווען דער אַלטער, אין גאַנצען פערטריקענט, מיט צוגעמאַכטע אויגען, אין זיין פּאַסטוך־מאַנטעל איינגעוויקעלט, איז ער דאָרט געשלאָפען זיין לעצטען שלאָף אונטער אַלטע, שוואַרצע קראָמשקעס ברויט, אפשר אויך אַזוי אַלט ווי ער.

אויף איהם האָבען זיינע אייניקלאך דעם ווייהנאַכט אָבענד געפייערט.

יוליוס איז געוואָרען מלא רציחה און האָט אויסגערופען ציטע־רענדיג פאַר כעס:

— פאַרוואָס האָט איהר איהם ניט געלאָזט ליגען אין זיין בעט, איהר פויערשע קעפ וואָס איהר זייט!

דאָ האָט די פרוי גענומען יאָמערען און שנעל געענטפערט:

— מיין ליעבער הערר, איך וועל עס אייך זאָגען. מיר האָבען נור איין בעט אין הויז. פריהער האָבען מיר דאָרט מיט איהם צוזאַמען געשלאָפען, ווייל מיר זיינען דאָך בלויז זאַלבע דריט גע־ווען. זייט אָבער ער איז קראַנק געוואָרען זיינען מיר אויף דר'ערד געשלאָפען. דאָס איז זעהר ביטער, מיין גוטער הערר, ביי די שווע־רע צייטען. אָבער ווען ער האָט קראַפּירט, האָבען מיר זיך באַ־רעכענט: אַזוי ווי איהם טהוט מעהר אַ האָאָר נישט וועה, האָט ער דאָך שוין סיי ווי גאָרנישט פון דער בעט. און מיר קענען איהם

גאַנץ שעהן אַריינלעגען אין מעהל קאַסטען ביז מאָרגען. איהר פאַרשטעהט דאָך אליין, מיינע גוטע הערן, אַז מיט דעם טויטען צוזאַמען קענען מיר ניט שלאָפען...

מיין קרוב איז אַרויסגעלאָפען אויסער זיך און האָט אַ זעץ געטהאָן מיט דער טהיר, בעת איך בין איהם נאָכגעגאַנגען, און מיר זיינען פאַר געלעכטער די טרערען איבער די באַקען גערונען.



# דער פויער און די פלוי



י פּאָסט נאָך האָט באַלד געזאָלט פּערלאָזען ערִיקוועטאַט און די רייזענדע האָבען געוואָרט מען זאָל אויסרופען זייערע נעמען. זיי האָבען זיך אַלע פּערקליעבען אין דעם הויף פון מאַלאַנדין דעם אינגערען אין „האָטעל דיו קאָמערס".

די פּאָסט איז געווען אַ געלער וואָגען אויף רעדער, וואָס זיינען אַמאָל אויך געווען געל, וועלכע זיינען אָבער פון דעם שטענדיגען שמוץ כמעט גרוי געוואָרען. די פּאָדערשטע רעדער זיינען געווען גאַנץ קליין; די הינטערשטע הויך און גרויס. זיי האָבען געטראָגען אויף זיך דעם אומגעלומפּערטען קאַסטען, וועלכער האָט אויסגעזעהן ווי אַ ריעזינע חיה מיט אַ דיקען גע־שוואָלענעם בויך. דריי אַלטע פערד, וועמעס דיקע קעפּ און גרויסע, רונדע קניע האָבען זיך אַלעמען געוואָרפען אין די אויגען, זיי־נען געווען איינגעשפּאַנט איינער פאַר'ן אַנדער'ן און האָבען עס געזאָלט שלעפּען דעם דאָזיגען משוגה'דיגען וואָגען. קוקענדיג אויף די פערד האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זיינען איינגעשלאָפען פאַר דעם וואונדערליכען וואָגען.

דער קוטשער צעזאַר האָרלאַוויל, אַ קליין געוויקסיגער מאַן מיט אַ נישט־קשה'דיגען בייכעל, אבער דאָך גאַנץ ריהרעוודיג, ווייל ער האָט נאָכאַנאַנד געמוזט קלעטערען איבער די רעדער, אום צו דערגרייכען צו דער קעלנע, האָט געהאַט אַ רויט, פער־ברוינט פּנים, וואָס איז פון דער פרישער לופט, רעגען, שטורעם און די פערשיעדענע שנעפּסלעך, וואס ער האָט אויפ'ן וועג גע־מאַכט, אַזוי געוואָרען. צוליעב דעם האָגעל און ווינד, אונטער וועלכע ער האָט זיך שטענדיג געפונען, האָט ער זיך איינגעוואָהנט

צו פינטלען מיט די אויגען. ער האט זיך איצט געוויזען אין דער הויז טהיר פון דעם האטעל, אבווישענדיג זיך דעם מויל מיט דער אויבערשטער זייט פון האנד. גרויסע רונדע קערב פול געפאקט מיט צאפלענדיגע עופות זיינען געשטאנען פאר די אונבעוועגליך ווארטענדיגע פויערטעס. צעזאר האט גענומען די קערב און זיי איינס נאכ'ן אנדערען ארויפגעווארפען אויפ'ן דאך פון זיין וואגען. דאן האט ער שוין אביסעל פארזיכטיגער צוגערוקט די קערב מיט די אייער און צום סוף האט ער ארויפגעשליידערט אהין א פאר זעק מיט תבואה, פערשיעדענע פעקלעך איינגעוויקעלט אין טיכלעך, אין לייווענט און אין פאפיר. נאך דעם האט ער געעפענט די הינטערשטע טהירלעך פון וואגען, ארויסגענומען א ליסטע און אויסגערופען די נעמען:

— הערר פריסטער פון זשארזשעוויל!

דער גלח איז ארויסגעטרעטען: — א הויכער, שטארקער, ברייטער מאן מיט א וויאלעטען געזיכט און פריינדליכען אויסדרוק. ער האט פערקאשערט זיין פריסטער ראק, אום דעם פוס אויפצוהויבען, ווי א שטייגער די פרויען נעהמען צוזאמען זייערע קליידער, און האט דאן אריינגעקלעטערט אין וואגען אריין.

— הערר לעהרער פון גרינעטס!

דער מאן איז אין איילעניש צוגעקומען, א הויכער, ניט דרייסטער מענש אין א לאנגען ראק ביז צו די קניע, און איז אויך פערשוואונדען אין דער אפענער טהיר.

— הערר פאירעט, צוויי פלעצער!

פאירעט איז צוגעגאנגען, ער איז געווען הויך, אויסגעקרימט, איינגעהויקערט פון דער ארבייט אונטער'ן אקער אייזען און האט אויסגעזעהן ווי א מיערע ציעג, מיט ביידע הענד האט ער געהאלטען א גרויסען, גרינעם רעגענשירם.

— הערר ראבאט! צוויי פלעצער!

ראבאט, וועלכער איז פון נאטור געווען א שרעקעדיגער, האט א ווייל געצעגערט און דאן געפרעגט:

— מיינט איהר מיך?

דער קוטשער, וועלכער האט געהאט דאס צונעמעניש „פי־

פיקער יונג״, האָט שוין געוואָלט זאָגן עפּעס א וויץ, ווען ראַ־באָט, מיט׳ן קאָפּ אין פאָראויס, איז האלב ארייגעפאַלען אין טהיר, ווייל זיין פרוי האָט איהם געגעבען א שטופּ פון הינטען. זיין פרוי איז געווען א שטארקע, פיערקאנטיגע בעשעפעניש, וועמעס גרויסער בויך האָט ארויסגעשטאַרטשעט אין פאראויס ווי א באַנדורע. איהרע הענד זייגען עהנליך געווען צו א פּאָר וויאָסלעס.

און ראבאָט איז ארייגעפאַלען אין וואָגען, ווי א מויז אין איהר לאָך.

— הערר קאניוואו !

א דיקער פויער, שווער ווי אן אָקס, האָט גענומען קריכען אויף די טרעפּ און עס האָט זיך געדאכט, אז דער וואָגען קרעכצט אונטער זיינע שווערע טריט, באלד איז ער פערשוואונדען אינעווייניג אין דעם געלען קאסטען.

— הערר בעלהאָמע.

בעלהאָמע, א הויכער, מאָגערער מאַן, מיט דער היטעל אָן א זייט, און א קלאָגעדיגען פנים איז צוגעקומען. ער האָט געהאַלטען א נאָז טיכעל ארום אויער, ווי ער וואָלט געהאט א שטארקען צאָהן־וועהטאָג.

אלע האָבען געטראגען בלויע בלוזען איבער זייערע וואונדערליכע אלטע רעק פון שווארצען אָדער גרינעם געוואנט. דאָס זיינען געווען זייערע שטאָדטישע קליידער, וועלכע זיי וועלען אין די גאַסען פון האוור ארויסווייזען. אויף די קעפּ האָבען זיי געהאט זיידענע מיצלעך, הויך ווי די טורעמס — דער גרעסטער פּוץ פון די נאָרמאַנישע פויערים.

צעזאר הארלאוויל האָט פערמאכט די טהיר פון זיין געלען קאסטען, דערנאָך ארויפגעקלעטערט אויף זיין זיץ און א שמיץ געטהאָן מיט׳ן בייטש.

די דריי פערד האָבען זיך עפּעס אזוי ווי אויפגעכאפּט, גענומען בעוועגען מיט די קעפּ און עס האָט זיך דערהערט א לייכטער קלינגען.

דאָ האָט דער קוטשער מיט זיין גאַנצער קראפט א געשריי געטהאָן: „הי !״ און א שמיץ געטהאָן די פערד. זיי האָבען זיך

אויסגעשטעלט גלייך, א ציה געטהאָן דעם וואָגען און זיך דאָן אוועקגעלאָזט מיט קורצע, שלעפּעדיגע, לאַנגזאַמע טריט. דער וואָ־גען הינטער זיי האָט זיך געוויגט און געהוידעט, די שויבען אין די פענסטער האָבען זיך געטרייסעלט און געקלונגען און די רייי־זענדע, וועלכע זיינען געזעסען איינע אַנטקעגען די אַנדערע, זייי־נען ארומגעוואַרפען געוואָרען, ווי די כוואַליעס פון ים, אהער און גאַנץ אָפּט איינע אויף די אַנדערע.

צוערשט האָבען אַלע געשוויגען אויס דרך ארץ פאר'ן גלח, וועלכער האָט זיי געשטערט זיך אויסצורייידען דאָס הארץ איבער אינטימע זאכען. ער האָט דער ערשטער אָנגעהויבען צו רעדען, ווייל ער איז געווען א רעדעוודיגער און גוטמוטיגער אַלטער מאַן:

— נו, קאַניוואַי, ווי געהט עס אייך?

דער ריעזיגער פויער, וועלכער איז מיט זיין פיגור, האַלטונג און בעלייבטקייט עהנליך געווען צום גלח, האָט געענטפערט שמייכלענ־דיג:

— גאַנץ שעהן, הערר פריסטער, גאַנץ שעהן, און קען איך פרעגען, וואס איהר מאכט?

— אָ, מיר געהט גאַנץ גוט.

— און איהר פאָיערט? — האָט געפרעגט דער גלח.

— אָ, מיר וואָלט שוין זיין גאַנץ גוט. אָבער פון דעם פלאַקס וועט היינטיגס יאָהר גאָר נישט אַרויסקומען און ביי די היינטיגע שלעכטע צייטען מוז מען זעהן, וואָס מען קען נאָך אַרויסקריגען.

— יאָ, די צייטען זיינען זעהר שלעכט.

— איך זאָל עס דענקען, אז די צייטען זיינען שלעכט — האָט געענטפערט די גרויסע פרוי, ראַבאָט און גענומען שאָקלען מיט'ן קאָפּ.

אַזוי ווי זי איז געווען פון דעם שכנה'שען דאָרף, האָט זי דער גלח געקענט בלויז נאָכ'ן נאָמען נאָך.

— איהר זייט עס די בלאָנדעל?

— יאָ, דאָס בין איך. איך האָב חתונה געהאַט מיט ראַ־באָט'ן.

ראבאט איז געזעסען צוריקגעהאלטען, ניט דרייסט און צו־פריעדען. ער האט געמאכט עפעס א קאמישע בעוועגונג מיט'ן קאפ, ווי ער וואלט וועלען זאגען: „יא, יא, איך בין ראבאט, וואס האט חתונה געהאט מיט דער בלאנדעל!"

פלוצים האט בעלהאמע, וועלכער האט נאך אלץ געהאלטען די טיכעל ביים אויער, אנגעהויבען שרעקליך צו קרעכצען. ער האט נאכאנאנד געשריען: אוי! אוי! אוי! און געקלאפט מיט'ן פוס, אום זיינע שמערצען צו צייגען.

— איהר האט הפנים א שטארקען צאהן וועהטאג? — האט געפרעגט דער פריסטער.

דער פויער האט אויף א מינוט אויפגעהערט צו יאמערן און געענטפערט:

— ניין, הערר פריסטער, דאס זיינען ניט די צייהן, דאס איז דער אויער, עפעס איז מיר דארט אין אויער.

— וואס אזוינס איז ביי אייך אין אויער? איהר האט דארט א געשוויר?

— דאס ווייס איך ניט, איך ווייס ניט, אויב עס איז א געשוויר. אבער איך ווייס אויף זיכער, אז עס איז עפעס א חיה'לע, א גרויסע חיה, וואס איז אהין אריינגעקראכען, בעת איך האב געשלאפען אויפ'ן היי.

— א חיה? איהר ווייסט עס בעשטימט?

— יא, גאנץ בעשטימט, הערר פריסטער, איך קען שווע־רען, עס האלט מיר אין איין גראבלען דעם אויער. עס וועט מיר נאך אויפרעסען דעם גאנצען קאפ, זיכער וועט עס מיר דעם קאפ אויפרעסען. אוי! אוי וועה! אוי וועה! אוי! אוי!

און ער האט ווידער גענומען קלאפען מיט די פיס.

אלע אין וואגען האבען זיך שטארק פעראינטערעסירט. יע־דערער האט געזאגט זיין מיינונג. פאירעט האט געזאגט, אז עס מוז זיין א שפין, דער לעהרער, אז דאס איז א ראופע, אזא מין גרינער גראז ווארעם. ער האט אליין אזוינס בייגעוואהנט אין קאמפערמיורעט אין דעפארטמענט ארנע, וואו ער איז גע־ווען זעקס יאהר. דער גראז־ווארעם, וועלכער איז דאמאלס

אריינגעקראכען דורכ'ן אויער איז דערנאָך צוריק ארויסגעקראָ־כען דורכ'ן נאָז, אָבער דער מאַן איז געבליבען א טויבער, ווייל זיין געהער איז צושטערט געווארען.

דער גלח האָט געזאָגט:

— גיכער פון אַלץ איז דאָס אַן איינפּאכער ווערימעל.

בעלהאָמע האָט פּערוואָרפען מיט'ן קאָפּ. ער האָט זיך אָנ־געשפּאַרט אַן טהיר, ווייל ער איז אריין דער לעצטער און האָט ניט אויפגעהערט צו קרעכצען:

— אוי! אוי! איך האָב מורא, אז דאָס איז א שוואַר־צע מוראשקע, א גרויסע מוראשקע, ווייל עס בייסט אזוי מורא'־דיג. איהר ווייסט, הערר פּריסטער, זי לויפט אָרום, זי לויפט אָרום. אוי! אוי! אוי! פערפלוכט זאָל דאָס ווערען!

— ביזטו ניט געגאנגען צום דאָקטאָר? — האָט געפרעגט קאניוואו.

— ניין, דאָס ניט.

— פאר וואס ניט?

די מורא פאר'ן דאָקטאָר האָט בעלהאָמע'ן געשיינט געזונד צו מאכען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, הגם דאָס טיכעל האָט ער פון אויער ניט אָבגעלאָזען.

— וואס זאָל איך צו איהם געהן? דו האָסט עפּעס אי־בעריגע געלד פאר די דאָזיגע פּוילענצער? אזא איינער וואָלט איינמאָל געקומען, צוויי מאָל, דריי מאָל, פיער מאָל, פינף מאָל, און דאָס וואָלט אַלץ געקאָסט געלד און וואס וואָלט ער מיר דען געטהאָן, דער לעדיגגעהער? וואס וואָלט ער געקענט מאכען? ווייסטו אפשר?

קאניוואו האָט געלאכט.

— ניין, איך ווייס ניט. וואו זשע דען ווילסטו געהן?

— איך וויל פאָהרען קיין האוור צו טשאמברעלאַן.

— וואס פאר א טשאמברעלאַן?

— נו, יאָ, צום וואונדערדאָקטאָר!

— וואס פאר א וואונדער דאָקטאָר!

— דער וואונדער דאָקטאָר, וועלכער האָט מיין פאָטער אויס־געהיילט.

— דיין פאָטער?

— נו יא, מיין פאָטער אמאָל.

— וואס האָט דיין פאָטער געפעהלט?

— ער האָט א פערקיהלונג אינ׳ם רוקען נעקראָגען, אזוי, דאס ער האָט זיך ניט געקענט א ריהר טהאָן.

— איז ווי אזוי האָט איהם טשעמברילאָן געהאָלפען?

— ער האָט איהם דעם רוקען גוט אויסגעקנאָטען מיטביידע הענד, אזוי ווי מען קנעט אויס טייג, און עס האָט ניט גענומען קיין צוויי שטונדען ווי די גאנצע פערקיהלונג איז אוועק.

בעלהאמע האָט געוואוסט, אז טשעמבערלאָן פלעגט די קראנק־הייטען קורירען נאָך מיט אפשפרעכען אויך, אָבער ער האָט דאָס ניט געוואגט צו זאָגען פאר דעם גלח. קאניוואָ האָט ווידער אָנ־געהויבען צו שמייכלען:

— א פליגעלע איז מסתמא דאָרט ביי דיר אינ׳ם אויער. ווארט, איך וועל עס דיר שוין ארויסשלעפען.

און צעזאר האָט צוגעלעגט די האנד צום מויל און גענומען בילען ווי א יאגד־הונד. ער האָט געבורטשעט, געהאווקעט, גע־בילט און געסקאווטשעט און זיך געדרעהט און אלע אויפ׳ן וואָ־גען האָבען אָנגעפאנגען צו לאכען, אפילו דער לעהרער, וועלכער האָט ביז איצט ניט א שמייכעל געטהאָן.

אָבער אזוי ווי בעלהאָמע האָט אויסגעזעהן צו זיין אין כעס, פארוואס מען לאכט פון איהם, האָט דער גלח גענומען ריידען וועגען עטוואס אנדערש. ער האָט זיך געווענדעט צו ראבאָט׳ס פרוי:

— האָט איהר עפּעס א גרויסע פאמיליע?

— נישט צו פערזינדיגען. מען ווערט גענוג אויסגעריסען, ביז וואנען מען האָדעוועט זיי אויס.

ראבאָט האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, אזוי ווי ער וואָלט זאָגען: יא, יא, די ערציהונג קומט אָן מיט גרינגע ווערים.

— וויפיעל קינדער האָט איהר?

זי האָט געענטפערט מיט זיכערקייט אינ׳ם קול:

— זעכצעהן שטיק, הערר פריסטער: פופצעהן פון מײַן מאַן.

און ראבאָט האָט נאָך ברייטער געשמייכעלט און צוגעשאָ־קעלט מיט׳ן קאָפּ. ער, ראבאָט, האָט גאַנץ אליין געהאט פופצעהן קינדער, זיין פרוי האָט עס אליין געזאָגט, איז דאָך דאָס מסתמא אמת, און ער האָט געמעגט שטאָלץ זיין.

פון וועמען איז דאָס זעכצעהנטע געווען, האָט זי ניט געזאָגט. מסתמא איז דאָס געווען דאָס ערשטע קינד. קיינער האָט וועגען דעם ניט געפרעגט און קאניוואו אויך ניט.

אָבער בעלהאמע האָט ווידער אָנגעהויבען צו קרעכצען:

— אָי, עס עגבערט, עס עגבערט! אָי! אָי! אָי!

דער וואָגען איז שטעהן געבליבען נעבען דעם קאַפע־הויז פאליט. דער גלח האָט אַן עצה געגעבען, מען זאָל איהם אביסעל וואסער אין דאָס אויער אריינגיסען, דעמאָלט וועט דאָס פליגעלע אפשר פון דאָרט ארויסקומען.

— זאָלען מיר עס אפשר פּרובען?

— פּרובט!

און אַלע זיינען פונ׳ם וואָגען ארונטערגעשטיגען, כדי צו זיין ביי דער אָפּעראַציאָן.

דער גלח האָט געהייסען זיך דערלאנגען אַ שיסעל, אַ האנד־טוך און אַ גלאָז וואסער. דערנאָך האָט דער לעהרער געמוזט צוהאַלטען פעסט דעם פּאַציענט ביים קאָפּ אַזוי, אַז מען זאָל איהם קענען אריינגיסען דאָס וואסער אין אויער אריין.

אָבער קאניוואו, וועלכער האָט שוין אַ קוק געטהאָן אין בעל־האָמע׳ס אויער, אום צו זעהן טאָמער זעהט מען דאָרט די חיה מיט׳ן בלויזען אויג, האָט אויסגערופען:

— צום טייפעל, וויפיעל בלאָטע דאָרט געפינט זיך! דו ווייסט, מיין אַלטער, צוערשט מוזען מיר דאָרט אביסעל ריין מאַ־כען, פון דעם מאַרמעלאַד דאָרט ביי דיר אין אויער קען די פליעג ניט ארויסקריכען, עס בלייבט דאָרט קלעפּען מיט אַלע פיס.

דער גלח האָט אויך אַ קוק געטהאָן איהם אין אויער און האָט איינגעזעהן, אַז דער אריינגאַנג איז געווען צופיעל פערפּאַקט

און צו שמוציג און עס וועט זיין אן אומזיסטע ארבייט, ווען מען זאל אזוי פרובירען ארויסטרייבען פון דארט די חיה. דער לעהרער איז צוגעקומען און מיט א שוועבעלע אויף וועלכער ער האט ארומגעבונדען א שמאטקע, האט ער גענומען רייניגען דעם פויער'ס אויער, דאן האט דער גלח אונטער אלעמענס אויפמערק־זאמקייט אריינגעגאסען אהין א האלבע גלאז וואסער, וואס האט גענומען לויפען איבער בעלהאמע'ס פנים, זיינע האר און איבער'ן האלז.

באלד נאכדעם האט דער לעהרער א דרעה געטהאן זיין קאפ איבער'ן שיסעל. א פאר טראפען זיינען ארויס און אריינגעפא־לען אין דער שיסעל אריין. אלע רייזענדע האבען זיך א ווארף געטהאן אהין. קיין חיה איז נים ארויסגעקומען.

אבער בעלהאמע האט ערקלעהרט:

— איך פיהל עס נישט מעהר.

דער גלח איז געווען גליקליך און האט אויסגערופען:

— עס איז הפנים דערטרונקען געווארען.

אלע זיינען געוועז צופריעדען און מען איז ווידער אריינגע־שטיגען אין וואגען אריין.

אבער ווי נור דער וואגען האט זיך א ריהר געטהאן, האט בעלהאמע ווידער גענומען יאמערען און קלאגען. די חיה האט ווידער ערוואכט און איז געווארען שרעקליך צורייצט. ער האט געשריען, אז איצט איז עס איהם אריין אין קאפ און פרעסט איהם דעם מארך. ער האט גערעוועט און דערביי זיך אזוי גע־צאפעלט און געווארפען, אז פאירעט'ס פרוי האט געמיינט, דאס עפעס א ניט גוטער איז אין איהם אריין און זי האט זיך גענומען מיט שרעק צלם'ען.

און ווען דער וועהטאג האט איהם אויף א ווייל אבגעלאזען, האט דער קראנקער ערקלעהרט, אז די חיה קריכט איהם ארום אין אויער און מיט'ן פינגער האט ער אנגעוויזען אלע זיינע בעווע־גונגען, ווי ער וואלט איהם מיט זיינע אויגען געזעהן.

— זעהט איהר, אט דא קריכט עס ווידער ארויף. אוי! אוי! אוי! אוי וועה! אוי וועה!

קאניוואו איז געווארען אונגעדולדיג:
— דאָס וואסער האָט די חיה משוגע געמאכט. געוועהנ־ליך טרינקט זי הפנים נור ווין!
מען האָט זיך צולאכט און געזאָגט:
— ווען מיר וועלען צוקומען צו דעם קאפע באורבעוקס, וועט איהר איהר דארפען געבען אַ שנאַפּס, דאַן וועט עס זיך אויפ־הערען צו ריהרען!
אָבער בעלהאמע האָט שוין מעהר ניט געקענט אויסהאַל־טען די יסורים. ער האָט גענומען שרייען מיט אזעלכע בענו־מענע קולות, ווי מען וואָלט איהם דאָס הארץ געשניטען און דער גלח האָט איהם געמוזט צוהאַלטען פאר׳ן קאָפּ. איצט האָט מען געבעטען צעזאר הארלאַוויל, אז ער זאָל זיך אָבשטעלען, ווי נור ער וועט צוקומען צו אַ הויז.
און באלד האָט ער זיך אָבגעשטעלט נעבען אַ הויף ארומגע־רינגעלט מיט ביימער, וואס איז געשטאַנען אויפ׳ן וועג. מען האָט אהין ארייגעטראגען בעלהאמע׳ן. מען האָט איהם אוועק־געלייגט אויפ׳ן קיך־טיש, אום די אָפּעראַציאָן פאָרצוזעצען. קאני־וואו האָט איבעראנייעם געראטען צוצומישען אביסעל שנאַפּס צו דאָס וואסער, כדי די חיה דאָרט אינעווייניג איינצו׳שכור׳ן און צו פערשלעפערן אדער אפשר גאָר טויטען. אָבער דער גלח האָט זיך בענוגענט מיט עסיג.
און כדי דאָס וואסער זאָל דאָס מאָל ארייגדרינגען אין די טיעפסטע טיעפענישען פונ׳ם אָרגאַן, האָט מען עס ארייגעגאָסען טראָפּענווייז און עס אַ ווײַלע איבערגעלאָזען אין דעם אויער, וואו די חיה האָט געוועלטיגט.
ווידער אמאָל האָט מען געבראכט אַ וואש־שיסעל און דער גלח מיט קאניוואו׳ן, ביידע שטאַרקע, געזונדע יונגען, האָבען אי־בערגעקעהרט בעלהאמע׳ן אויף דער אַנדערער זייט, בעת דער לעה־רער האָט איהם געקלאַפּט אויף דעם געזונדען אויער, כדי דאָס וואַ־סער זאָל גוט אָבלויפען פונ׳ם קראנקען.
אפילו צעזאר הארלאוויל איז ארייגעקומען מיט דעם בייטש, אום צוצוקוקען.

און פלוצים האָט מען דערזעהן אויפ׳ן דעק פון שיסעל א קליינע שווארצע פינטעלע, אזוי גרויס ווי א קערנדעל. אָבער עס האָט זיך בעוועגט. דאָס איז געווען א פלוי. אלע האָבען אויס־געשריען פאר פערוואונדערונג און דאן האָט אויסגעבראכען אן אלגעמיינער געלעכטער. א פלוי! דאָס איז טאקע צום לאַ־כען! קאניוואו האָט זיך געפּאטשט איבער די קניע. צעזאר האָר־לאוויל האָט געקנאַלט מיט׳ן בייטש, דער גלח האָט געלאכט, ווי א שרייענדיגער עזעל, דער לעהרער, ווי ער וואָלט וועלען ניעסען און ביידע פרויען האָבען פרעהלאך גענומען קוואקטשען, ווי די היהנער.

בעלהאמע האָט זיך אויפגעזעצט אויפ׳ן טיש, ארויפגענומען די וואש־שיסעל צו זיך אויף די קניע און אויפמערקזאם בעטראכט האלב צאָרניג און האלב פריידיג די בעזיעגטע חיה, וואס איז אין וואסער ארומגעשוואומען.

ער האָט געברומט:

— אָט ביזטו דאָ, דו אַלטער עזעל! — און האָט אויסגע־שפּיגען אויף דעם.

דער קוטשער איז פאר פרייד שיער ניט משוגע געווארען, ער האָט געשריען:

— א פלוי! א פלוי! פערפלוכטע פלוי!

און ווען ער האָט זיך אביסעל בערוהיגט, האָט ער אויסגע־רופען:

— אָבער איצט, מיינע העררן, איינשטייגען, מיר האָבען שוין גענוג צייט גע׳פּטר׳ט!

און די רייזענדע זיינען לאַכענדיג אוועק צוריק צום וואָגען.

בעלהאמע אָבער, וועלכער איז געקומען דער לעצטער, האָט ערקלעהרט:

— איך געה צוריק אין עריקוועטאַט, איצט האָב איך ניט מעהר וואָס צו טהאָן אין האוור.

דער קוטשער האָט זיך אָנגערופען צו איהם:

— דאָס געהט נישט, פאר דיין פּלאַץ מוזטו בעצאָהלען!

— איך וועל דיר געבען בלויז א העלפט, ווייל איך בין דאָך נור אָבגעפאָהרען אַ האַלבען וועג.

— דאָס מאַכט גאָר נישט אויס! דו מוזט בעצאָהלען אין גאַנצען, דו האָסט גענומען דעם פּלאַץ פאַר דעם גאַנצען וועג.

און באַלד האָט זיך דערפון צוברענט א מורא'דיגער קריעג און די געשרייען האָבען זיך געטראַגען ביז צום הימעל. בעל־האָמע האָט געשווארען, אז ער וועט ניט בעצאָהלען מעהר ווי צוואַנציג און צעזאר האַרלאַוויל, דאָס ער קריעגט גאַנצע פערציג און זיי האָבעןביידע געשריען קאָפּ אויף קאָפּ, אויג אין אויג. קאַניוואַו איז ווידער אויסגעשטיגען פון וואַגען:

— ערשטענס ביזטו דעם הערר פריסטער שולדיג פערציג און דאַן מוזטו אונז אַלעמען געבען א טריט, דאָס מאַכט פינף און פופציג און דאַן צוואַנציג צעזאר'ן. ניט אַזוי פּיפּיקער?

דער קוטשער איז געווען גליקלעך, וואס בעלהאמע וועט מוזען צאָהלען אַזוי פיעל געלד און ער האָט זיך אָנגערופען:

— געוויס!

— אַלזאָ, שטעק אב!

— איך שטעק ניט, דער פריסטער איז ניט קיין דאָקטאָר.

— ווען דו בעצאָהלסט ניט, שלעפּ איך דיך אריין אין וואָגען און נעהם דיך מיט קיין האַוור.

דערביי האָט ער א כאַפּ געטהאָן בעלהאמע'ן און איהם אויפ־געהויבען ווי א קינד. דאַן האָט דער לעצטער איינגעזעהן, אז ער מוז נאָכגעבען און האָט בעצאָהלט. באַלד נאָכדעם איז דער וואָגען אוועק קיין האַוור, בעת בעלהאָמע האָט זיך צוריקגעקעהרט קיין ערקוועטאַט. און אַלע רייזענדע האָבען איהם נאָכגעקוקט, ווי ער האָט בעוועגט זיינע לאַנגע פיס, ווי אויף שטאָלצען אי־בער דער ווייסער דאָרפישער גאס אַזוי לאַנג, ביז די בלויע פויער־שע בלוזע איז פון זייערע אויגען פערשוואונדען.

# דיוקאָק



ען דער באראָן מאָרדיאַן איז ארונטער פון די ברייטע טרעפּ פון'ם קלוב, וועלכער איז געהאלטען געוואָרען זעהרווארעם, האָט ער זיין פוטער געטראָגען אָבגעשפּילעט, און ווען די שווערע טיר האָט זיך געשלאָסען הינטער איהם און ער איז ארויס אין גאַס, איז איהם א ביטערע קעלט פּלוצלונג אריבער איבער'ן גאנצען לייב און ער האָט זיך א טרייסעל געטהאָן מיט'ן גאנצען קערפּער. אויסערדעם האָט ער היינט פערשפּיעלט געלד, און דערצו נאָך האָט ער זייט א געוויסער צייט געליטען פון מאָגען. אזוי אַז ער האָט ניט געקענט עסען די זאכען, פון וועלכע ער האָט הנאה געהאַט.

ער האָט געוואָלט געהן אהיים. אָבער דאָ האָט ער זיך דער־מאָנט אָן זיין גרויסע, פּוסטע וואָהנונג, אָן דעם קאמערדיענער, וועלכער איז איינגעשלאָפען אין פאָרצימער, אָן דעם טואַלעט־צי־מער, וואו אויף א געז־מאשינקע זידט דאָס ווארעמע וואסער, וועל־כע ער בענוצט יעדען אויף דער נאכט; אָן דער ברייטער, אַלטמאָ־דישער בעט, פייערליך, ווי דער געלעגער פון א טויטען, — און עס האָט איהם גענומען שוידערען נאָך מעהר, ווי פון דער אייזיגער לופט אין דרויסען.

זייט עטליכע יאָהר האָט ער גענומען פיהלען, ווי עס דריקט איהם די איינזאמקייט; א שטימונג, וועלכע פאלט אמאָל אָן אויף אַלטע בחורים. אמאָל איז ער געווען געזונד, שטארק, מונטער און פרעהליך: דער טאָג איז ביי איהם אוועק אין ספּאָרט, די נאכט אין פערגעניגען. איצט איז ער געוואָרען אביסעלע שווער אויף די פיס און קיין זאך האָט איהם ניט פערשאפט קיין אמת'ען פערגעניגען; גימנאסטיק האָט איהם געמאכט מיעד, די סאפערס

און אַפּילו די דינערס האָט ער ניט געקענט פאַרדייהען; די פרויען זיינען איהם איצט געווען פּונקט אַזוי לאַנגווייליג, ווי זיי האָבען איהם אַמאָל אַמוזירט.

די איינטאָניגקייט פון די פּוסטע אָבענדען פאַרבראַכט מיט פריינד, וועלכע ער האָט שטענדיג געטראָפען אויף דעם זעלבען אָרט, דער קלוב, דאָס קאָרטענשפּיעל, וואו ער האָט אַמאָל געוואו־נען, אַמאָל פאַרשפּיעלט, דיזעלבע געשפּרעכען איבער דיזעלבע זאַ־כען, דיזעלבע וויצען איבער די זעלבע טהעמאַס, דיזעלבע מיינונגען איבער די זעלבע פרויען — דאָס אַלעס האָט איהם אַזוי מורא׳דיג דערעסען, אַז עס זיינען געווען מינוטען, ווען ער האָט ערנסט גע־טראַכט וועגען זעלבסטמאָרד. ער האָט ניט געקענט מעהר פיהרען דאָס דאָזיגע רעגעלמעסיגע, איינטאָניגע, פּוסטע לעבען, וועלכעס איז געווען אַזוי לייכט און דאָך אַזוי שווער. ער האָט געבענקט נאָך שטילקייט, נאָך רוה, נאָך בעקוועמליכקייט, האָט אָבער ניט געוואוסט וואו מען קריעגט עס און ווי אַזוי מען קומט צו דערצו.

איהם איז אַפּילו אויפ׳ן זינען ניט אַרויף צו הייראַטען, דען ער האָט ניט געהאַט דעם מוט צו נעהמען אויף זיך דעם יאָך פון אַ פאַמיליענלעבען, וואו דער מאַן און די פרוי זיינען שטענדיג צוזאַמען און זיי דערקענען זיך אַזוי גוט, אַז קיינער פון זיי קען ניט אויסריידען אַ וואָרט, וועלכען דער אַנדערער זאָל שוין ניט וויסען פון פריהער; קען ניט מאַכען קיין בעוועגונג, דער אַנדערער זאָל עס ניט פאָראויסזעהן; קען ניט טראַכטען, ניט דענקען, ניט ווינשען און ניט אורטיילען אָהן דעם, אַז דער צווייטער זאָל זיך גלייך אויף דעם ניט אָנשטויסען. ער האָט געדענקט, אַז מען האָט נאָר דאַן פאַרגעניגען צו פאַרקעהרען מיט אַ מענשען, ווען מען קען איהם נאָך וועניג, ווען אין איהם בלייבט נאָך עטוואַס גע־היימניספאָלעס, עטוואָס אונבעקאַנטעס, פאַרשלייערטעס. ער האָט געדאַרפט האָבען אַ פאַמיליע, וועלכע זאָל זיין ניט זיין אייגענע פאַמיליע, אָבער וואו ער זאָל קענען פאַרברענגען אַ טייל פון זיין צייט. ביי דעם דאָזיגען געדאַנקען האָט איהם אויף דאָס ניי גענו־מען מאַטערען די עראינערונג אָן זיין זוהן.

שוין אַ יאָהר צייט, ווי ער האָט וועגען דעם נאָכאַנאַנד גע־

טראַכט; דער פערלאַנג איהם צו זעהן, איהם צו דערקענען האָט איהם ניט אויפגעהערט צו פייניגען. ער איז ביי איהם געבאָרען געוואָרען אין דער יוגענד אונטער ריהרענדע און דראַמאַטישע אומשטענדען: האָס קינד איז אוועקגעשיקט געוואָרען זיך צו האָ־דעווען אַרום מאַרסעיל און האָט קיין מאָל ניט ערפאַהרען דעם נאָ־מען פון זיין פאָטער.

ער האָט געצאָהלט פאַר איהם, בעת ער האָט זיינע קינדער־יאָהרען אין אַ פּרעמד הויז פערבראַכט, דאַן איהם אין אַ שולע געשיקט זיך צו לעהרנען און צום סוף איהם געגעבען געלד צו טהאָן אַ גוטען שידוך. דאָס אַלעס איז געטהאָן געוואָרען אונטער אַ געדיכטען שלייער, דורך אַ פערשוויגענעם נאָטאַריוס, וועלכער האָט געשפּיעלט די ראָלע פון אַ פערמיטלער.

באַראָן מאָרדיאַן האָט בלויז געוואוסט, אַז ערגעץ וואו אַרום מאַרסעיל וואָהנט זיין פלייש און בלוט, אַז „ער" האָט אַ נאָמען פון אַ גאַנץ גוט ערצויגענעם און געבילדעטען מענשען, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ בויער, מיט וועלכען ער איז אַריין אין געשעפט. עס האָט זיך געהערט, אַז ער פערדיענט אַ סך געלד.

פאַרוואָס זאָל ער ניט בעזוכען זיין אונבעקאַנטען זוהן, ער קען עס דאָך טהאָן און זיך ניט לאָזען דערקענען. עס לוינט זיך אַ טאָפּ צו טהאָן, טאָמער איז מעגליך, אַז ער זאָל אין זיין פאַמיליע געפינען אַ ווינקעלע פאַר זיינע אַלטע יאָהרען.

ער האָט די גאַנצע צייט זיך געהאַלטען זעהר אָנשטענדיג אַנטקעגען דעם זוהן, האָט איהם געגעבען אַ שעהנע סומע געלד, פאַר וועלכע יענער איז געווען דאַנקבאַר אויך. ער האָט אויך גע־וואוסט, אַז ער וועט ביי איהם ניט געפינען קיין איבערטריבענעם שטאָלץ. און דער דאָזיגער געדאַנק, דער וואונש צו פאָהרען צו איהם, האָט דעם באַראָן טאָג אויס טאָג איין געמאַטערט און איהם רוהען ניט געלאָזט. דערביי איז נאָך געווען עפּעס אַ מאָדנער ווייכער, עגאָאיסטישער געפיהל: דער געדאַנק וועגען אַ שעהנער, בעקוועמער הויז ביים ים, וואו ער וועט טרעפען זיין שעהנע, יונגע שנור, זיינע אייניקלאַך, וועלכע וועלען איהם בעגעגנען מיט אָפענע

אַרעמס און זיין זוהן, וועלכער האָט ביי איהם אַרויסגערופען די עראינערונג אַן דער קורצער, שעהנער, גליקליכער ליעבע פון די לאַנג פערשוואונדענע יאָהרען. ער האָט נאָר בעדויערט, וואָס ער האָט איהם שוין געגעבען אַזוי פיעל געלד און וואָס דער יונגער מאַן מאַכט דערמיט אַזעלכע גוטע געשעפטען, ווייל דאָס וועט איהם שטערען צו קומען צו זיי איצט אַלס זייער וואָהלטהעטער.

וועגען דעם אַלעמען האָט ער געטראַכט, ווען ער איז אַזוי גע־גאַנגען, דעם קאָפּ אין דעם קראַגען פון פעלץ בעהאַלטען — און פּלוצים האָט ער ביי זיך פעסט בעשלאָסען — ער פאָהרט. אַ דראָשקע איז פאַרבייגעפאָהרען, ער האָט זי אָבגעשטעלט און זיך געהייסען פיהרען אהיים. און ווען דער פערשלאָפענער דיענער האָט געעפענט די אויגען, האָט דער באַראָן געזאָגט:

— לואיס, מיר פאָהרען מאָרגען ביי נאַכט נאָך מאַסעללע. מיר וועלען דאָרט פערברענגען אַרום פיערצעהן טעג. פּאַקט איין אַלעס נויטיגע פאַר דער רייזע.

* * *

דער צוג איז געפלויגען איבער דעם זאַמדיגען ברעג פאַרביי דעם טייך רהאָן, דערנאָך איז ער אוועק דורך גאָלדענע פעלדער, לאַכענדיגע דערפער, איבער אַ גרויסען, פלאַכען שטיק לאַנד, וועל־כער איז פון ווייטען אָבגעשלאָסען געוואָרען דורך נאַקעטע בערג.

באַראָן מאַרדיאַן האָט זיך אויפגעכאַפּט נאָך דעם ווי ער האָט אַ נאַכט פערבראַכט אין וואַגאָן און זיך מעלאַנכאָליש בעטראַכט אין אַ קליין שפּיעגעלע, וועלכען ער האָט געפיהרט מיט זיך אין זיין רייזע טעשעל. דאָס העלע ליכט פון׳ם זידליכען פריהמאָרגען האָט איהם געוויזען קנייטשען, וועלכע ער האָט פריהער ניט בעמערקט. זיין גאַנצער פּנים האָט אויסגעזעהן אַזוי אָבגעלעבט; אין דער האַלב דונקעלהייט פון די פּאַריזער וואָהנונגען האָט ער עס גאָר ניט געזעהן.

ווען ער האָט בעטראַכט די אויגען ווינקלען, די שלאַפּע אויגען־לידער, די שלייפען, דעם צורונצעלטען שטערן, האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין:

— יא, איך בין שוין ניט קיין יונגער מאַן, נאָר ניט קיין יונגער מאַן.

און פּלוצים האָט זיין בעדערפעניש צו רוהען גענומען וואַקסען אין איהם צוזאַמען מיט דער בענקעניש, וועלכע האָט זיך ביי איהם ערוועקט צום ערשטען מאָל, די בענקעניש נאָך זיינע אייניקלאַך.

א זייגער איינס נאָכמיטאָג האָט ער אין א גערונגענער קאַרעטע זיך אָבגעשטעלט פאַר איינער פון יענע בלענדענד־ווייסע דאָרפּישע הייזער, אויף וועלכע איהר קענט ניט קוקען, סיידען איהר פאַרזשמורעט מיט די אויגען. ער האָט געשמייכעלט, ווען ער איז געגאַנגען איבער דער אַלעע און געטראַכט פאַר זיך: א ווי שעהן דאָ איז!

פּלוצים האָט ער דערזעהן א קליין אינגעל פון א יאָהר פינף אָדער זעקס, ארויסקומענדיג פון די בושעס. ער איז געבליבען שטעהן אויפ'ן ראַנד פון וועג און מיט גרויסע אויגען בעטראַכט דעם פרעמדען מאַן.

מאַרדיאַן איז צו איהם צוגעגאַנגען:

— גוט מאָרגען, מיין אינגעל!

דער חברהמאַן האָט ניט געענטפערט.

דאַן האָט זיך דער באַראָן איינגעבויגען, איהם גענומען אויף די הענד און געוואָלט איהם קושען. א גערוך פון קנאָבעל האָט איהם א זעץ געטהאָן אנטקעגען, פון דעם גאַנצען קינד האָט געשיינט ווי צו שטראָמען דער דאָזיגער גערוך. ער האָט איהם שנעל צוריק ארונטערגעלאָזט אויף דר'ערד און ארויסגעברומט פאַר זיך:

— אַך, דאָס מוז זיין דעם גערטנער'ס אינגעל.

און ער איז אַוועק צום הויז.

אויף א שטריק פאַר דער טהיר איז געהאַנגען וועש צום טריקענען: העמדער, האַנדטיכער, וואַשלאַפּען, פאַרטיכער, בעת עטליכע רייהען זאָקען זיינען געהאַנגען אין א פענסטער איינע איבער דער אַנדערער אָנגעבלאָזענע, ווי וואורשטען אין א פענסטער פון א וואורשט פאַבריק.

דער באַראָן האָט א רוף געטהאָן.

א מיידעל האָט זיך בעוויזען, א ריכטיגע מיידעל פון'ם זידען:

שמוציג, ניט פערקאַמט, מיט די האָאַר איבער די אויגען. איהר קלייד, וועלכע די סך פלעקען האָבען טונקעל געמאַכט, האָט דאָך נאָך איינגעהאַלטען אין זיך די אַמאָליגע שרייענדיגע פאַרב.

ער האָט געפרעגט:

— איז הערר דיוקאַק אין דער היים?

דאָס מיידעל האָט געפרעגט:

— איהר מיינט דיקאַק?

— יאָ.

— ער איז דאָרט אינעווענינ — ער צייכענט.

— זאָגט איהם, אַז הערר מערלין וויל מיט איהם רעדען.

זי האָט געענטפערט פאַרוואונדערט:

— געהט אריין, אַז איהר ווילט מיט איהם רעדען.

און האָט אויסגעשריען:

— הערר דיקאַק, עמיצער איז דאָ!

דער באַראָן איז אריין אין הויז. אין דעם גרויסען צימער, וועלכער איז געווען דונקעל צוליעב די געשלאָסענע לאָדענס, האָט ער ניט גאַנץ קלאָהר אונטערשיידעט מענשען און זאַכען, וואָס האָבען איהם אויסגעזעהען צו זיין שמוציג.

פאַר אַ טיש, אויף וועלכען עס איז געווען אָנגעשטעלט און אָנגעלייגט, איז געשטאַנען אַ קליינער מאַן מיט אַ גרויסען פליך און האָט געצייכענט אויף אַ זעהר גרויסען פאַפּיר.

ער האָט אויפגעהערט צו אַרבייטען און געמאַכט צוויי טריט צו איהם.

זיין וועסט איז געווען אָפען, זיינע הויזען האָט ער ניט פאַר־שפּילעט, די אַרבעל פערקאַטשעט, אַזוי אַז מען האָט געקענט זעהן, אַז איהם איז זעהר היים. זיינע שטיוועל זיינען געווען שמור־ציג; מען האָט אויף זיי געקענט דערקענען, אַז מיט אַ פּאָאַר טעג צוריק האָט געמוזט רעגענען.

מיט אַ שטאַרקער זידליכער אויסשפּראַכע האָט ער געפרעגט:

— מיט וועמען האָב איך די עהרע צו רעדען?

— מיין נאָמען איז מערלין. איך וואָלט אייך וועלען פרע־גען אַן עצה וועגען אַ הויז, וואָס איך וויל קויפען.

— אַך, מיט פּערגעניגען, מיט פּערגעניגען.

און דיוקאַק האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין פרוי, וועלכע איז געזעסען אין דונקעלען ווינקעל און געשטריקט.

— מאַך לעדיג אַ שטול, יאָזעפינע.

איצט ערשט האָט מאַרדיאַן בעמערקט אַ יונגע פרוי, וועלכע האָט שוין אָבער אויסגעזעהן אַלט, ווי געוועהנליך אין דער פּראָווינץ, וואו צו פינף־און־צוואַנציג יאָהר ווערט מען שוין אַלט. עס פעהלט זיי דאָרט די ריינליכקייט, די זויבערקייט, זיי וואַשען זיך ניט געהעריג, קוקען ניט אויף זיך און אויף זייערע קליידער, אויף אַלע יענע קלייניגקייטען, וועלכע העלפען די שטאָדטישע מענשען איינצוהאַלטען די פרישקייט, די יוגענדליכקייט, רייץ און שעהנקייט ביז צו די פופציגער יאָהרען. זי האָט געטראָגען אַ טוך אויף די אַקסלען, די האָאָר זיינען ביי איהר געווען איינפאַך פאַרקאַמט אויף הינטען אין אַ קנופּ, געדיכטע, שוואַרצע, שעהנע האָאָר, אָבער עס איז קענטיג געווען, אַז מען האָט זיי אַבי ווי פאַרקאַמט און גאָרניט געפּפלעגט. זי האָט אַראָבגענומען פון אַ שטול אַ קינדערשע קליידעל, אַ מעסער, אַ שטיקעל שנירעל, אַ לעדיגען בלומען טאָפּ און אַ שמוציגען טעלער און דאַן מיט איהרע גראָבע, רויטע הענד צוגערוקט דעם שטול צו דעם גאַסט.

ער האָט זיך געזעצט. און איצט האָט ער דערזעהן, אַז אויף דיוקאַק'ס ארבייטס טיש געפינען זיך אויסער די ביכער און פּאַפּירען אויך צוויי פרישע קעפּלאַך סאַלאַט, אַ האָאָר בערשטעל, אַ האַנדטוך, אַ רעוואָלווער און אַ פּאָאָר שמוציגע טעצלאַך מיט אַ וואַש־שיסעל.

דער בוימייסטער האָט בעמערקט דעם בליק און געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

— ענטשולדיגט, עס איז ניט גאָר אין אָרדנונג ביי אונז, דאָס איז איבער די קינדער.

און ער האָט צוגערוקט זיין שטול נעהנטער, כדי צו רעדען מיט זיין קליענט.

— איהר זוכט, אַלזאָ, אַ הויז ניט ווייט פון מאַסעללע?

הגם דער באַראָן האָט נור פון וויטען געהערט זיין אטהעם,

דאָך האָט ער גלייך דערפיהלט דעם גערוך פון קנאָבעל, וועלכען יעדער זידלענדער גיט ארויס פון זיך, ווי די בלומען גיבען ארויס זייער דופט.

מארדיאן האָט געפרעגט:

— איז דאָס געווען אייער זוהן, וועמען איך האָב נור וואָס געטראָפען אין דער אַלעע?

— יא, דאָס איז דער צווייטער.

—האָט איהר צוויי זיהן?

— דריי, מיין הערר; יעדען יאָהר איינעם.

און דיוקאַק האָט אויסגעזעהען צו זיין זעהר שטאָלץ אויף דעם.

דער באראָן האָט א טראכט געטהאָן: ווען זיי אַלע שמעקען אזוי מיט קנאָבעל, מוז דאָ שמעקען ערגער ווי אין א שוויינען־שטאַל.

ער האָט פאָרטגעזעצט:

— יא, איך זוך א שעהנע הויז נאָהענט פון ים, אויף עפּעס א שעהנעם, אָבגעזונדערטען פונקט ביים ברעג.

דיוקאַק האָט איהם גענומען פאָרשלאָגען הייזער. ער האָט געהאַט צעהן, צוואנציג, פופציג, הונדערט און נאָך מעהר צו פאַר־קויפען, צו אַלע פּרייזען און נאָך יעדען׳ס געשמאַק. ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיין רייד און זיינע ווערטער האָבען געשפּריצט ווי פון א ברונים; דערביי האָט ער געשמייכעלט זעלבסט צופריד־דען און באוועגט זיין רונדען, פּליכוואַטען קאָפּ אהין און אהער.

און אין גדעכעניש האָט פאר מארדיאן׳ס אויגען פּלוצים אָבגעלעבט א בלאָנדע, שלאנקע, עטוואָס טרויעריגע יונגע פרוי, וועלכע האָט אזוי צערטליך צו איהם גערעדט, מיט אזוי פיעל גע־פיהל איהם גערופען „מיין געליעבטער", אז די עראינערונג אליין האָט זיין בלוט אָנגעוואַרעמט און עס געמאַכט שנעלער דורך די אָדערן פליסען. א פיערטעל יאָהר האָט זי איהם געליעבט ליי־דענשאַפטליך, ביז צו משוגעת. דאַן איז זי ווייט פון איהר מאַן, וועלכער איז געווען גובערנאטאָר אין עפּעס א ווייטער קאָלאָניע, שוואנגער געוואָרען. זי איז אנטלאָפען, האָט זיך א צושראָקענע און פאַרצווייפעלטע בעהאַלטען, ביז דאָס קינד איז געבאָרען גע־

וואָרען. מארדיאַן האָט עס דאַן אין אַ געוויסען זומערדיגען אָבענד צוגענומען, אָבגעגעבען עס האָדעווען און זי האָט עס מעהר קיין מאָל ניט געזעהן.

אין דריי יאָהר ארום איז זי אין איהר מאַנ'ס קאָלאָניע, וואוהין זי איז שפּעטער אָבגעפאָהרען, געשטאָרבען פון אַ לונגען קראַנק־הייט. און דאָ פאַר איהם איז איצט געשטאַנען איהר זוהן, און האָט מיט אַ הארטען, מעטאַלענעם קול איהם געזוכט איינצורעדען.

— דאָס דאָזיגע הויז איז אַ מציאה, עס איז אַ געלעגענהייט, וועלכע מאַכט זיך ניט אַלע טאָג.

און מארדיאַן האָט זיך דערמאָהנט אָן דער אַנדער שטימע, לייכט ווי פויך פון ווינד, ווען זי פלעגט שעפּצען צו איהם: „מיין געליעבטער, מיר וועלען זיך קיין מאָל ניט צושיידען!“

און ער האָט ווידער געטראַכט וועגען יענע בלויע, זיסע, טיע־פע, טרייע אויגען, ווען ער האָט געקוקט אויף די רונדע אויגען פון דעם דאָזיגען קליינעם, לעבערליכען מענשען; זיי זיינען אויך געווען בלוי אָבער אָהן אויסדרוק; ער איז עהנליך געווען צו זיין מוטער, אָבער...

יא, ער איז צו איהר עהנליך געווען, איז צו איהר געוואָרען עהנליכער פון מינוט צו מינוט מיט דעם קלאַנג פון דער שטימע, מיט געוויסע בעוועגונגען, מיט דער גאַנצער האַלטונג. ער האָט געהאַט אַן עהנליכקייט צו איהר, ווי די אַפּפע צום מענשען. אָבער ער איז געווען איהר בלוט; טויזענד קליינע, עפּעס מאָדנע צוקרימטע שטריכען זיינען געקומען פון איהר און דאָס האָט איהם אויפגערעגט, פון זיך אַרויסגעבראַכט. דער בּאַראָן האָט געליטען. די דאָזיגע מורא'דיגע עהנליכקייט האָט איהם פּלוצים גענומען מאַ־טערען און פּייניגען, האָט איהם געטריבען צו דער העכסטער פאַר־צווייפלונג, איהם משוגע געמאַכט, ווי אַ בייזער טרוים, ווי געווי־סענסביסע.

ער האָט געשטאַמעלט:

— ווען קענען מיר צוזאַמען אָנקוקען דאָס הויז?

— מאָרגען, אויב איהר ווילט.

— וויפיעל אַזייגער?

— אַרום איינס

— גוט.

דער אינגעל, וועלכען ער האָט געטראָפּען אין דער אַלעע, האָט זיך בעוויזען אין דער אָפענער טיר און אַ רוף געטהאָן:

— טאַטע!

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט.

מאַרדיאַן האָט זיך אויפגעהויבען און געקריעגען אַזאַ לוסט צו אַנטלויפען פון דאַנען, אַז די קניע האָבען איהם גענומען ציטערען. דאָס דאָזיגע „טאַטע" האָט איהם ווי מיט אַ קויל געטראָפען; דאָס האָט מען איהם געמיינט, איהם, צו איהם האָט מען דאָס אויסגע־רופען דעם מיט קנאַבעל שטינקענדען „טאַטע".

אַך, ווי זים האָט געשמעקט זיין פריינדין פון אַמאָל!

דוקאַק האָט איהם בעגלייט.

— געהערט דאָס הויז צו אייך? — האָט געפרעגט דער באַראָן.

— יאַ, איך האָב עס ניט לאַנג געקויפט און בין זעהר שטאָלץ אויף דעם. איהר ווייסט, איך בין אַן אונגעזעצליכער זוהן און איך בעהאַלט עס פון קיינעם ניט. איך בין זעהר שטאָלץ אויף דעם. איך בין קיינעם גאָרנישט שולדיג, האָב אַלעס אליין ארויפגעאַר־בייט און דאַנק פאַר אַלעס נור זיך אליין.

דאָס קינד, וואָס איז געבליבען אין דרויסען, האָט איצט נאָך אַמאָל אויסגערופען, אָבער גאָר פון דער וויימענס:

טאַטע!

מאַרדיאַן האָט אַ שוידער געטהאָן, אַ שרעק איז איהם בע־פאַלען און ער איז אַנטלאָפען, ווי מען אַנטלויפט פון אַ גרויסער געפאַהר.

— ער וועט זיך נאָך אָנשטויסען ווער איך בין, וועט מיך דערקענען — האָט ער געטראַכט, — ער וועט מיך אַרומנעהמען און אויך צו מיר זאָגען: „טאַטע"! און מיר אַ קנאַבעלדיגען קוש טהאָן אין באַק.

— צום ווידערזעהן מאָרגען.

— אַלזאָ, פאַרגעסט ניט, מאָרגען איינס אַ זייגער.

* * *

די קאַרעטע איז אַוועק איבער דער ווייסער גאַס.

— קוטשער, צום באַהן־הויף!

און ער האָט געהערט הינטער זיך צוויי שטימען: איינע שטיל, ווייט אַוועק, די ווייכע, טרויעריגע מאַטע שטימע פון דער טוידטער, וועלכע האָט איהם צוגעזאָגט: „מיין געליעבטער!“ די אַנדערע הויך, זינגענדיג, העסליך, וועלכע האָט געשריען: „טאַטע!“ אָט אַ שטייגער ווי מען שרייט „כאַפּט אַ גנב!“ ווען מען זעהט איהם לויפענדיג אין גאַס.

ווען דער באַראָן איז אויפ'ן צווייטען טאָג געקומען אין קלוב, האָט דער גראַף עטרעילים זיך צו איהם אָנגערופען:

— איהר האָט זיך דריי טעג נאָכאַנאַנד ניט געלאָזט זעהן. זייט איהר געווען קראַנק?

— יאָ, איך בין עפּעס ניט געווען אינגאַנצען — איך האָב צייטענווייז קאָפּשמערצען.



# דער רעגען־שירעם



אדאם אַרעילל איז געווען זעהר קארג. זי האָט גוט געוואוסט דעם ווערטפון געלד און אויך ווי אַזוֹ עס ווי ווייט מעגליך צו פארמעהרען. איהר דיענסטמיידעל האָט געמוזט זיין מיט צעהן קעפּ, אום איהר אויף דעם רעכענונג צו־צושרייבען כאָטש איין סו אן איבעריגען. דעם מאַן איהרען, הערר ארעילל האָט זי אויסגעטהיילט זיין טאַשען געלד און זי האָט שוין געזעהן, אז ער זאָל ניט האָבען צופיעל צו פערשווענדען. און דער־פאר האָט דאָס פּאָאר פאָלק אָהן קינדער זיך גאַנץ שעהן ארויפּ־געארבייט. אָבער מאדאם ארעילל האָט זיך אויפגעגעסען א לע־בעדיגע פון יעדען גאָלד שטיק, וואָס איז פון איהרע הענד ארויס. עס האָט איהר ממש דאָס הארץ צוריסען יעדעם מאָל, ווען זי האָט געמוזט אויסגעבען א גרעסערע סומע און ווי נויטיג דאָס זאָל ניט האָבען געווען, האָט זי נאָכדעם א גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָ־פען.

גאַנץ אָפט האָט הערר ארעילל געזאָגט צו זיין פרוי:

— דו האָסט זיך געמעגט ערלויבען עטוואָס מעהר אויסצו־געבען, מיר פארברויכען דאָך קיין מאָל ניט אַלעס וואָס מיר פאר־דיענען.

זי האָט געענטפערט:

— מען קען קיין מאָל ניט וויסען, וואָס עס קען פּאַסירען. עס איז בעסער צו האָבען צו פיעל ווי צו ווייניג.

זי איז אַלט געווען פיערציג יאָהר. א נעטע, זשיוואָווע, שוין אביסעלע צוקנייטשטע פרוי. איהר מאַן האָט זיך נאָכאַנאַנד גע־קלאָגט אויף איהר קארגשאַפט, וועלכע איז איהם אָפט געווען זעהר

אונאנגענעהם. ער איז געווען א בעאמטער אין קריעגס־מיניסטער־ריום און גערינט האט ער בלויזאויף דעם בעפעהל פון זיין פרוי, אז זי זאל האבען וואס מעהר געלד צו שפארען.

שוין צוויי יאהר, ווי ער איז יעדען טאג געקומען אין ביורא מיט זיין פארלאטעטען רעגען שירעם. די קאלעגען האבען גע־לאכט, פון איהם חוזק געמאכט. צום סוף איז עס איהם דערעסען געווארען און ער האט געפאדערט פון זיין ווייב, זי זאל איהם קויפען א נייעם שירעם. זי האט געמוזט נאכגעבען און איהם געקויפט פאר אכט־פראנק־פופציג א שירעם אין א געשעפט, וואו מען האט פערקויפט דעם דאזיגען ארטיקעל ביליגער. ווען די בע־אמטע האבען דערזעהן דעם ביליגען שירעם, וועלכער ווערט פער־קויפט אין פאריז אין די טויזענדער, האבען זיי איבעראנייעס זיך גענומען וויצלען. מען האט דעם ארימען ארעילל'ן מעהר רוהען ניט געלאזט. דער שירעם האט פון אנהויב אן ניט געטויגט, און ווען ער האט איהם אין דריי מאנאטען ארום נאך אלץ גע־טראגען, האט האט גאנצע מיניסטעריום דערפון געלאכט. אימיצער האט ווענען דעם געמאכט א פאאר פערזען, וועלכע זיינען א גאנ־צען טאג נאכאנאנד געזונגען געווארען אין דער גרויסער געביידע פון דעם אונטערשטען שטאק ביז הויך אויבען ארויף.

ארעילל איז געווען אויסער זיך און פערלאנגט פון זיין פרוי זי זאל איהם קויפען א נייעם זיידענעם שירעם פאר צוואנציג פראנק און זאל איהם ברייגנען די רעכענונג אלס בעוויז.

זי האט געקריגען א שירעם פאר אכטצעהן פראנק און בעת זי האט איהם דערלאנגט איהר מאן, האט זי געזאגט, אין גאנצען רויט פאר אויפרעגונג:

— דעם מוזטו געברויכען אם ווייניגסטענס פינף יאהר.

ארעילל האט אין מיניסטעריום געפייערט אן אמת'ן זיעג. ווען ער איז אהיים געקומען, האט זיין פרוי געזאגט, קוקענדיג מיט אנגסט אויף דעם רעגען־שירעם:

— דו דארפסט איהם ניט לאזען שטעהן אזא צוזאמענגע־דרעהטען, דערפון וועט די זייד צוהאקט ווערען. דו גיב בעסער אכטונג, ווארים איך וועל דיר אזוי גיך ניט קויפען קיין אנדערען.

זי האָט איהם גענומען אין האנד, געעפענט דעם גומענעם בענדיל און איהם א טרייסעל געטהאָן, כדי די פאַלדען זאָלען זיך עפענען. אָבער פּלוצים איז זי געבליבען שטעהן שטאַר פאַר שרעק, אין רעכטען מיטען פון'ם שירעם האָט אויף איהר געקוקט א גרויסע, קיילעכדיגע שוואַרצע לאָך. עס איז געקומען פון א ברע־נענדיגען ציגאַר.

זי האָט געשטאַמעלט:

— וואָס איז דאָס?

דער מאַן האָט געענטפערט רוהיג, ניט אַרומקוקענדיג זיך:

— ווער? וואָס? וואָס מיינסטו?

אין האַלז האָט איהר גענומען שטיקען פאַר כעס און זי האָט קוים געקענט ריידען:

— דו, דו... דו האָסט... דיין... שירעם פערברענט! דו ביזט... דו ביזט... משוגע געוואָרען? ווילסט אונז רואינירען?

ער האָט זיך א קעהר געטהאָן און איז געוואָרען טויט ווי קאַלך

— וואָס זאָגסטו?

— איך זאָג, אז דו האָסט דיין שירעם פערברענט, דו...

און זי האָט זיך א וואָרף געטהאָן צו איהם, ווי זי וואָלט איהם וועלען שלאָגען, און איהם געטיקעט אין די אויגען די קליינע רונדע לאָך. ער האָט זיך פערלאָרען און געשטאַמעלט:

— וואָס... וואָס... וואָס איז דאָס? איך ווייס ניט! איך בין ניט שולדיג... איך שווער דיר, איך האָב עס ניט געטהאָן. איך ווייס ניט וואָס איז געשעהען מיט'ן שירעם.

איצט האָט זי זיך צושריען:

— איך קען זיך וועטען, אז דו האָסט אין ביורא מיט איהם קונצען געמאַכט, ווי א פּאַיאַץ. דו האָסט איהם געהאַלטען אין איין עפענען, אום איהם צו צייגען.

ער האָט געענטפערט:

— איין איינציגען מאָל בלויז האָב איך איהם געעפענט אום צו צייגען ווי שעהן ער איז. מעהר ניט... איך שווער עס דיר!

זי האָט זיך געצאַפּעלט פאַר כעס און איהם געמאַכט איינע

פון יענע היימישע סצענען, פאַר וועלכע אַ פריעדליכער מאַן ציטערט מעהר, ווי פאַר קוילען אויף דעם אָפענעם שלאַכטפעלד.

פון דעם אַלטען שירעם, וועלכער איז געווען פון אַ גאַנץ אַנדער פאַרב, האָט זי ארויסגעשניטען אַ שטיק זייד און מיט דעם פערלאַטעט די נייע לאָך. און אויפ'ן צווייטען טאָג איז אַרעילל מיט אַן ארונטערגעלאָזענעם קאָפּ, מיט דעם פערלאַטעטען שירעם אונטער'ן אָרעם, אַוועק אין ביורא. ער האָט איהם אַוועקגעשטעלט אין זיין שאַפע און מעהר וועגען דעם ניט געטראַכט.

ווי נאָר ער איז ווידער אַהיים געקומען, האָט זיין פרוי ביי איהם אַרויסגענומען דעם שירעם פון האַנד און איהם געעפענט צו זעהן, ווי ער זעהט אויס. זי איז געבליבען שטעהן ווי צוגעוואַקסען. דער גאַנצער שירעם איז געווען אַרום און ווי פאַרזעעט מיט קליינע לעכלאַך, ווי אימיצער וואָלט אויף איהם אויסגעשאָטען די אַש פון אַ ברענענדער ליולקע. איצט איז ער געווען פערלאָרען, קיין לאַטעס האָבען איהם שוין ניט געקענט העלפען.

זי האָט געקוקט אויף איהר אונגליק, און דער לשון האָט ביי איהר אָבגענומען, אַ וואָרט האָט זי ניט געקענט אַרויסברענגען. ער האָט אויך באַלד בעמערקט וואָס עס איז געוואָרען פון זיין שעהנעם, נייעם שירעם און האָט איהם אָנגעקוקט מיט נאַרישע, צושראָקענע און אומעדיגע בליקען. דאַן האָבען זיי אָנגעקוקט איינער דעם צווייטען. ער האָט ארונטערגעלאָזען די אויגען. זי אָבער האָט איהם אַ וואָרף געטהאָן דעם איבערגעפיהרטען שירעם אין קאָפּ אריין און גענומען שרייען מלא רציחה:

— אָך, דו לומפּ! דו לומפּ! דו האָסט עס אומיסטנע געטהאָן! אָבער איך וועל זיך שוין מיט דיר אָברעכענען. וואַרט, איצט קריגסטו גאָר קיין שירעם ניט!

און עס איז ווידער געוואָרען אַ סצענע. נאָכדעם ווי מאַדאַם אָרעילל האָט אַ שטונדע נאָכאַנאַנד זיך געצאַפּעלט און געקאָכט, האָט ער צום סוף אויך געקענט אויסרעדען אַ וואָרט. ער האָט זיך געשוואָרען, אז ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגען. דאָס האָט

מען איהם געמוזט אָבטהאָן אַ שפּיעצעל אין מיניסטעריום. חברה האָט זיך הפּנים מיט איהם געוואָלט אָברעכענען.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון אַ גלאָק, און ער איז אויסגעלייזט געוואָרען. עס איז געקומען צו זיי אַ פריינד, וועמען זיי האָבען איינגעלאָדען צום עסען. מאַדאַם אָרעילל האָט איהם דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע און דערביי נאָך אַמאָל ערקלערט, אַז ער קריעגט מעהר ניט קיין שירעם. דער פריינד האָט גאַנץ ריכטיג בעמערקט:

— יאָ, מאַדאַם אָרעילל, אָבער דאַן וועלען זיינע קליידער דערפון ליידען און זיי זיינען דאָך נאָך מעהר ווערטה.

די פרוי האָט געענטפערט, נאָך אַלץ אין כעס:

— דאַן זאָל ער נעהמען אַ שירעם ביי דער דיענסט. ביי מיר וועט ער זיכער ניט קריגען מעהר קיין זיידענעם.

אָבער דאָס האָט איהר מאַן אַרויסגעבראַכט פון זיך:

— דאַן וועל איך פערלאָזען מיין שטעלע. מיט דער דיענסט'ס שירעם געה איך ניט אין מיניסטעריום.

דער פריינד האָט בעמערקט:

— לאָזט דעם זעלבינען שירעם איבערציהען! דאָס קען דאָך ניט קאָסטען אַזוי פיעל.

אָבער מאַדאַם אָרעילל האָט אויסגערופען אויסער זיך:

— דאָס קאָסט אַם וועניגסטענס אַכט פראַנק. אַכט און אַכט־צעהן מאַכען זעקס און צוואַנציג! זעקס און צוואַנציג פראַנק פאַר אַ שירעם, דאָס איז דאָך אַ משוגעת!

דער פריינד, וועלכער איז אַליין ניט געוועזען קיין גרויסער גביר, האָט פּלוצים געקריגען אַזאַ מין איינפאַל:

— זאָל אייך די פייער פערזיכערונג דערפאַר בעצאָהלען. די דאָזיגע געזעלשאַפטען קעהרען געוועהנליך אום פאַר אַ שאָדען, וואָס מען האָט געהאַט אין הויז דורך אַ פייער.

אויסגעהערט די דאָזיגע עצה, איז די פרוי אַנשוויגען גע־וואָרען. אַ ווייל־ע האָט זי נאָכגעדאַכט, דאַן האָט זי געזאָגט צו איהר מאַן:

— מאָרגען, איידער דו געהסט אין ביוראָ, וועסטו אריינגעהן

צו אונזער פייער פערזיכערונגס געזעלשאפט, זיי ווייזען דעם שירעם און פאָדערען פון זיי געצאָהלט.

הערר אָרעילל האָט אַ שפּרונג געטהאָן:

— עס הויבט זיך גאָר נישט אָן. מיר האָבען פערלאָרען אכט־צעהן פראנק און געענדיגט אָן עסק. שטאַרבען וועלען מיר דערפון ניט.

און אויפ'ן צווייטען טאָג איז ער אוועק מיט אַ שטאָק. גליק־ליכערווייזע איז געווען אַ שעהנער וועטער. מאַדאַם אָרעילל איז געבליבען אין הויז. זי האָט זיך ניט געקענט טרויסטען איבער דעם פערלוסט פון די אכטצעהן פראנק. דער שירעם איז געלעגען אין עסס־צימער אויפ'ן טיש, און זי האָט זיך נאָכאַנאַנד אַרום איהם אַרומגעדרעהט און ניט געקאָנט קומען צו קיין בעשטימטען בעשלוס.

זי האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען דער פייער פערזיכערונג. עס האָט זיך איהר ניט געוואָלט זיך אויסזועצען צו די שפּאָטישע בליקען פון די פרעמדע מענער, מיט וועלכע זי וועט מוזען פערהאַנדלען, ווייל מיט פרעמדע מענער האָט זי זיך געפיהלט אַזוי פערלעגען, אַז ווי נאָר עפּעס איז זי גלייך רויט געוואָרען ביז איבער די אויערען.

אָבער די אַכטצעהן פראַנק האָבען איהר וועה געטהאָן ווי אַ וואונד. זי האָט ניט געוואָלט מעהר וועגען דעם טראַכטען, אָבער די געדאַנקען האָבען זי פערפאָלגט. וואָס טהוט מען? די צייט איז דערווייל געגאַנגען און זי האָט נאָך אַלץ ניט געקענט זיך צו עפּעס ענטשליסען. דאַן האָט זי פּלוצים זיך אָנגעטהאָן אַ כח, ווי עס טהוען געוועהנליך פייגע מענשען, וועלכע ווערען פּלוצים פרעך, און האָט געזאָגט צו זיך אַליין:

— איך געה, און וואָס שפּעטער וועט זיין, וועלען מיר שפּע־טער זעהן.

אָבער אַפריהער האָט מען דעם שירעם געמוזט אַזוי צוריכטען, אַז ער זאָל לחלוטין אויף גאַרנישט טויגען און עס זאָל גרינגער זיין צו בעווייזען דעם שאָדען. זי האָט גענומען אַ שוועבעלע פון קאַמין און אויסגעברענט אַ לאָך ווי די האַנד די גרויס. דאַן

האָט זי דעם צוברענטען שירעם פאָרזיכטיג צוזאַמענגעוויקעלט, פערבונדען מיט דעם גומענעם בענדעל, אָנגעטהאָן דעם הוט און איז שנעל אַוועק אין דער רי ריוואָלי, וואו עס האָט זיך געפונען די ביוראָ פון דער פייער־פערזיכערונגס געזעלשאַפט.

אָבער וואָס ווייטער זי איז געגאַנגען, אַלץ קירצער זיינען איהרע טריט געוואָרען. וואָס וועט זי זאָגען? און וואָס וועט מען איהר ענטפערען?

זי האָט אַ קוק געטהאָן אויף די נומערען פון די הייזער. זי האָט געהאַט נאָך אַכט־און־צוואַנציג נומערען פאַרבייצוגעהן, אַזוי אַז זי האָט נאָך געהאַט אַ ווײַלע צייט נאָכצודענקען. פּלוצים האָט זי זיך אַ צאַפּעל געטהאָן; זי איז געשטאַנען פאַר דער טהיר, אויף וועלכער עס האָט געבלישטשעט אַ שילדעל: „פּאַטערלענדישע פייער־פערזיכערונגס געזעלשאַפט“. שוין! צומישט און אַביסעלע פערשעהמט איז זי אויף אַ רגע שטעהן געבליבען, דאַן איז זי פאַרביי געגאַנגען, צוריקגעקומען און ווידער אַמאָל פאַרבייגעגאַנגען און ווידער אַמאָל צוריקגעקומען. צום סוף האָט זי צו זיך געזאָגט: „איך מוז דאָך אַריינגעהן, איז בעסער פריהער איידער שפּעטער“.

אָבער ווען זי איז אין הויז אַריין, האָט זי געפיהלט, ווי איהר האַרץ קלאַפּט. זי איז אַריינגעקומען אין אַ גרויסען צימער, אין וועלכען אַרום און אַרום האָבען זיך געזעהען אַזעלכע קליינינקע צימערלאַך, ווי שטייגעלאַך. און אין יעדע פון די דאָזיגע שטייגעלאַך האָט מען געזעהען אַ קאָפּ הינטער אַ ווענטעל פון שטאַבעטען. עס איז אַריין אַ מאַן מיט אַ הויפען שריפטען. זי האָט איהם געפרעגט מיט אַ צושראָקען קול:

— זייט אַזוי גוט, קענט איהר מיר ניט זאָגען, וואו מען ווענדעט זיך נאָך דער בעלוינונג פאַר פערברענטע זאַכען?

ער האָט געענטפערט:

— ערשטער שטאָק, לינקס, אָבטיילונג פאַר פייער שאָדענס.

דאָס האָט זי נאָך מעהר צומישט און זי האָט שוין אין גאַנצען געוואָלט זיך אָבטראָגען פון דאַנען, גאָרנישט זאָגען און לאָזען פאַלען די אַכטצעהן פראַנק. אָבער ווען זי האָט אַ טראַכט

געטהאָן וועגען דער סומע, האָט זי ווידער געקריגען אביסעל מוט און איז אָהן אן אָטהעם ארויף אויבען, בלייבענדיג שטעהן אויף יעדער טרעפּעל. אויבען האָט זי דערזעהן א טיהר, האָט אָנגע־קלאפּט און א העלע שטימע האָט אויסגערופען:

— אריין!

זי איז אריין אין א גרויסען צימער, וואו דריי מענער מיט רויטע לענטעס אין קנאָפּלאָך זיינען געזעסען און גערעדט מיט א וויכטיגער מינע. איינער פון זיי האָט געפרעגט:

— וואָס פערלאנגט איהר, מאדאם?

זי האָט ניט געקענט ארויסברייגגען קיין וואָרט און געשטאַ־מעלט:

— איך קום... קום... צוליעב... וועגען... איין אונגליק.

דער מאן האָט איהר העפליך אָנגעוויזען אויף א שטוהל.

— זיצט, איך בעט אייך, אין א מינוט וועל איך אייך אויס־הערען

דאן האָט ער זיך אומגעקעהרט צו די ביידע מענער און האָט ווייטער גערעדט:

— מיינע הערען, די געזעלשאפט האַלט זיך ניט פערפליכטעט אייך צו צאָהלען מעהר ווי פיערהונדערט טויזענד פראנק שאדענ־ערזאץ. מיר קענען אייער פערלאנג אויף נאָך הונדערט טויזענד פראנק ניט נאָכגעבען. איבריגענס האָט מען עס דאָך אויף אזוי פיעל אָבגעשאצט...

איינער פון די מענער האָט איהם איבערגעשלאָגען די רייד:

— גענוג. דאן וועט דער ריכטער ענטשיידען. מיר האָבען מעהר גאָרנישט צו ריידען. — און נאָך א קאַלטער פערנייגונג זיי־נען זיי אוועק.

אך, ווען זי זאָל אויך קענען אוועקגעהן מיט זיי, וואָלט זי עס גליך געטהאָן. זי וואָלט אנטלאָפען און אַלעס איבערגעלאָ־זען. אָבער ווי האָט זי עס געקענט טהאָן? דער מאן איז צוריק געקומען און האָט זיך פערנייגט:

— מאדאם, איך שטעה צו אייער דיענסט.

זי האָט אויסגעשטאַמעלט מיט מיהע:

— איך קום צוליעב דעם.

דער דירעקטאָר האָט פערוואונדערט אָנגעקוקט דעם געגענ־שטאנד, וועלכען זי האָט געהאלטען איהם אנטקעגען. מיט ציטער־דיגע הענד האָט זי געזוכט צו עפענען דעם גומענעם בענדעל. אין א ווײלע ארום האָט איהר אָבגעגליקט און פלוצים האָט זי אויפגע־עפענט דעם צולעבערטען רעגען־שירעם. דער מאַן האָט געזאָגט מיט געפיהל:

— ווי עס שיינט האָט ער זעהר געליטען.

זי האָט ערקלערט צעגערענד:

— ער האָט מיר געקאָסט צוואנציג פראנק.

ער האָט געענטפערט ערשטוינט:

— ווירקליך, אזוי פיעל?

— יא, ער איז געווען זעהר א טהייערער. איך האָב געוואָלט איהר זאָלט זעהן, וואָס פון איהם איז געוואָרען.

— גוט, איך זעה דאָס. אָבער איך ווייס ניט, וואָס איך האָב צו טהאָן מיט דעם.

זי איז געוואָרען אונרוהיג. טאָמער בעצאָהלט די געזעלשאפט ניט פאר אזעלכע אונבעדייטענדע זאכען... און זי האָט געזאָגט:

— אָבער... ער איז... צובראָכען...

דער מאַן האָט עס צוגעגעבען:

— דאָס זעה איך.

זי איז געבליבען שטעהן מיט אָן אָפענעם מויל. זי האָט ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו זאָגען. דאַן האָט זי זיך פלוצים דערמאָהנט, וואָס זי האָט געהאט אין זינען צו זאָגען און האָט האסטיג געענטפערט:

— איך בין מאדאם אָרעיל. מיר זיינען ביי אייך פערזיכערט, און איך האָב געוואָלט אייך בעקאַנט מאכען, אז מיר האָבען געהאט א שאָדען פון פייער.

זי האָט מורא געהאט, אז ער וועט איהר גלייך אָבזאָגען, און זי האָט שנעל צוגעלייגט:

— איך פערלאנג בלויז, אז דער שירעם זאָל ווערען איבער־געצויגען.

דער דירעקטאָר האָט ערקלערט צומישט:

— אָבער... ווערטהע מאדאם... מיר זיינען ניט קיין שירעם־הענדלער. מיר קענען ניט מאכען אזעלכע מינים פּאַפּראָוועס.

איצט האָט די קליינע פרוי דערפיהלט אין זיך מוט. עס הייסט הפנים, אז מען דארף קעמפּפען, און זי וועט קעמפּפען. איצט האָט זי שוין מעהר ניט געהאט קיין אנגסט און זי האָט גענומען רעדען:

— איך פערלאנג בלויז מען זאָל מיר אומקעהרען די קאָסטען. די פּאַפּראָוועס וועל איך שוין אליין מאכען.

דער מאן האָט וואָס ווייטער געשיינט צו ווערען אלץ מעהר צומישט. ער האָט געזאָגט:

— ווערטהע פרוי, דאָ האנדעלט זיך וועגען אַ צו גרויסער קליינינקייט. פאַר אזעלכע זאכען פערלאַנגט מען ביי אונז קיין מאָל ניט קיין שאדען־ערזאַץ. איהר וועט אליין איינזעהן אז פאַר אונז איז אונמעגליך זיך צו פערנעהמען מיט אזעלכע קליינינקייטען, ווי טאַשענטיכלאך, הענדשקעס, בעזימס, פאַנטאָפּעל און אזוי ווייטער, הגם די דאָזיגע אלע זאכען ווערען טאָג־טעגליך בעשעדיגט פון פייער. פאַר אזעלכע זאכען קענען מיר זיך ניט האלטען פער־אנטוואָרטליך.

זי איז רויט געוואָרען, האָט זיך אָנגעצונדען פון כעס:

— אָבער מיר האָבען אין לעצטען מאָנאט, אין דעצעמבער, געהאט אַ פייער, וועלכער האָט אונז אם וועניגסטענס פינפהונדערט פראנק שאדען אָנגעמאכט. מיין מאן האָט פון אייך גאָרנישט פער־לאנגט, עס איז ניט מעהר ווי רעכט איהר זאָלט מיר איצט כאָטש אומקעהרען פאַר מיין שירעם.

דער דירעקטאָר האָט פערשטאַנען דעם ליגען און געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

— ווערטהע מאדאם, איהר וועט מוזען צוגעבען, אז עס קלינגט עפּעס מאָדנע, וואָס הערר אָרעילל האָט ניט פערלאַנגט קיין שאדענערזאַטץ פאַר אַ פייער, וואָס האָט איהם געקאָסט פינף הונדערט פראנק און פאָדערט איצט די פּאַפּראָוועס פון אַ שירעם אין ווערט פון פינף־זעקס פראנק.

אָבער זי איז ביי זיך ניט אראָבגעפאלען:

— ענטשולדיגט, מיין הערר, דער שאדען פון פינף הונדערט פראנק איז געפאלען צו לאסט אויף מיין מאן'ס קעשענע, בעת דער שאדען פון אכטצעהן פראנק פאלט אויף מיר. דאס איז שוין א גאנץ אנדער געשיכטע.

ער האט איינגעזעהן, אז ער וועט פון איהר ניט פטור ווערען און וועט נאר מיט איהר אומזיסט צייט פערלירען, און ער האט געפרעגט אין א טאן ווי ער וואלט זיך איבערגעגעבען צו זיין שיקזאל:

— זאגט מיר, זייט אזוי גוט, ווי אזוי איז דאס אונגליק גע־שעהען?

זי האט דערפיהלט איהר זיעג און גענומען דערצעהלען:

— דאס האט אזוי פאסירט: ביי מיר אין דער־היים שטעהט אזא מין זאך פון בראנז, וואוהין מ'שטעלט אריין שירעמס און שטע־קענס. ווען איך בין אנומעלט אהיים געקומען, האב איך דעם שירעם דארט אהין אריינגעשטעלט. דערצו מוזט איהר וויסען, אז פונקט איבער דעם געפינט זיך ביי מיר א פאליצע פאר שוועבעלאך און ליכט. איך נעהם אלזא פון דארט ארונטער פיער שוועבעלאך, רייב אן איינע — עס ברענט ניט, א צווייטע צינדט זיך אפילו אן, אבער עס געהט גלייך ווידער אויס. די דריטע — אויך אזוי.

דער דירעקטאר האט איהר אונטערבראכען אום צו מאכען א שפאס:

— עס זיינען הפנים געווען שוועבעלאך פון דער רעגירונגס פאבריק?

זי האט דעם וויץ ניט פערשטאנען און ווייטער גערעדט:

— עס איז מעגליך. אבער ווי די זאך זאל דארט ניט זיין, די פערטע האט זיך אנגעצונדען און איך האב אנגעצונדען מיין ליכט. דאן בין איך אוועק אין מיין צימער, כדי זיך לייגען שלא־פען. אבער אין א פערטעל שעה ארום האב איך דערפיהלט, אז עפעס סמאליעט זיך. איך האב שטענדיג מורא פאר א פייער. און טאמער וועלען מיר ווען עס איז האבען א פייער אין הויז, דאן וועט עס זיכער ניט זיין מיין שולד. איבערהויפט שרעק איך זיך זייט דעם ווי מיר האבען געהאט דעם קאמין פייער, פון וועלכען

איך האָב אייך דערצעהלט. פון דעמאָלט אָן געפין איך איינפאַך קיין רוה ניט. שטעה איך אַלזאָ אויף, געה אַרויס און זוך און שמעק אין אַלע זייטען, ווי אַ יאַגד־הונד, און דאַן דערזעהט איך, אַז מיין שירעם ברענט. הפּנים אַ שוועבעלע איז אַהין אַריינגע־פאַלען. אָט זעהט וואָס עס האָט פון איהם געמאַכט.

דער דירעקטאָר האָט איינגעזעהן, אַז ער וועט זיך דאָ גאָר בישט קענען העלפען, און געפרעגט:

— אויף וויפיעל רעכענט איהר אייער שאָדען?

זי האָט ניט גלייך געענטפערט, זי האָט ניט געוואַגט אָנצורופען קיין בעשטימטע סומע. און אַזוי ווי זי האָט געוואָלט זיין העפליך, האָט זי געזאָגט:

— לאָזט מיין שירעם איבערציהען. איך פערלאָז זיך אויף אייך.

— ניין, מאַדאַם, דאָס קען איך ניט. זאָגט מיר וויפיעל איהר פערלאַנגט.

— אָבער... מיר שיינט... איהר ווייסט... איך וויל דערביי גאָר ניט פערדיענען... מיר וועלען שוין דורכקומען. איך וועל אַוועק־טראָגען מיין רעגען־שירעם צו אַ שירעם־מאַכער און וועל איהם הייסען, ער זאָל איהם בעציהען מיט גוטען, שטאַרקען זיידענס, און דאַן וועל איך אייך ברענגען די רעכנונג. זייט איהר צופרידען?

— גוט, מאַדאַם, אָבגעמאַכט. אָט דאָ האָט איהר אַן אָנוויי־זונג צו דער קאַסע, אַז מען זאָל אייך בעצאָהלען, וואָס עס וועט קאָסטען.

און ער האָט דערלאַנגט מאַדאַם אָרעילל אַ קאַרטע. זי איז אויפגעשטאַנען, האָט געדאַנקט און איז שנעל אַרויסגעלאָפען, מורא האָבענדיג, ער זאָל ניט חרטה האָבען.

און איצט האָט זי פרעהליך געטראַכטען איבער'ן גאַס און געזוכט אַ שירעם־געשעפט, וועלכער זאָל אויסזעהן רייך און עלע־גאַנט. און ווען זי האָט דערזעהן אַ גרויסע, שעהנע קראָם איז זי אַהין אַריין און געזאָגט מיט אַ שטאָלצען טאָן:

— אָט דאָ איז אַ רעגענשירעם. זייט אַזוי גוט און בעציהט איהם מיט זייד. אָבער דער זייד מוז זיין זעהר אַ גוטער. נעהמט דעם בעסטען וואָס איהר האָט. דער פּרייז שפּיעלט דאָ קיין ראָלע ניט.

# די 25 פראַנק פון דער באַרמהערציגער שוועסטער



יבער איז ער געווען א קאָמישע בריאה, דער אַלטער פּאָווילי, מיט זיינע לאַנגע, דינע פיס, לאַנגע ארמס און זיינע פייערדיג רויטע האָאר אויפ'ן שפּיציגען קאָפּ.

ער איז געווען א מין פּאַיאַץ, א וויצלינג, א שפּאַס־מאַכער, ווי געבאָרען די מענשען צו מאַכען לאַכען. ער האָט געשפּאַסט גראָב, איינפאַך, אָהן קונצען, וואָרים ער איז געווען א זוהן פון א פּויער און אליין א פּויער, וואָס האָט קוים געקענט לעזען. יאָ, דער גוטער גאָט האָט איהם בעשאַפען, כדי ער זאָל זיינע מיטמענשען אַמוזירען, די אָרעמע מענשען אין דאָרף, וואָס האָבען קיין טהעאַטער און קיינע פעסטליכקייטען ניט אָנ־געזעהען. און ער האָט זיי אויך אַן אמת אַמוזירט. אין'ם שענק האָט ער אַלדינג בעקומען פריי, אבי ער זאָל דעם עולם לוסטיג מאַכען. און ער האָט געגאָסען אין זיך דעם שנאַפּס, געלאַכט, גע־וויצעלט זיך אזוי דאָס דער גאַנצער עולם ארום האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

ער איז געווען אזוי קאָמיש, דאָס אפילו די מיידלאַך האָבען איהם ניט געקענט ביישטעהן, הגם ער איז געווען זעהר העסליך, שפּאַסענדיג אזוי און וויצלענדיג זיך מיט זיי, האָט ער אמאָל איינע פון זיי פאַרשלעפּט הינטער א וואַנד, אין א קאַנאַווע, אָדער אין א שטאַל, און דאָרט איהר אזוינע וויצען דערצעהלט, דאָס זי איז צור־זעצט געוואָרען פאַר געלעכטער. דערנאָך האָט ער געמאַכט, ווי ער וויל זיך כלומרשט אויפהענגען, דאָס מיידעל האָט נאָך העכער געלאַכט. דערנאָך, אָבגעוואַרט דעם ריכטיגען מאָמענט, האָט ער זיך פּלוצים א וואָרף געטהאָן אויף איהר אזוי געשיקט, אז דאָס מיידעל איז צוטומעלט געוואָרען. דאָס איז אויך געווען א שפּאַס!

אין מיטען זומער האָט ער זיך פערדונגען צום פויער לע האַ־ריוואו צו ארבייטען ביי איהם אויפ'ן פעלד. דריי וואָכען נאָכאנאנד האָט ער דאָרט אונטערהאלטען די מענער און די פרויען מיט זיינע וויצען און שטיפערייען. בייטאָג איז ער געשטאַנען אויפ'ן פעלד מיט אן אלטען שטרויענעם הוט אויפ'ן קאָפּ און האָט מיט זיינע לאנגע, אָרעמע ארמס צונויפגענומען די געלע זאנגען און זיי אין גארבען געבונדען. דערנאָך איז ער געבליבען שטעהן און האָט געמאכט אזא קאָמישע האוואיע, דאָס די ארבייטער אויף דעם גאַנ־צען פעלד, וואָס האָבען פון איהם די אויגען ניט ארונטערגענומען, האָבען זיך צולאכט. ביינאכט האָט ער ארומגעפּויזשעט ווי א חיה איבער'ן שטרוי, זיך צוגע'גנב'עט צו דעם פּלאץ וואו די מיידלאך זיינען געשלאָפען און זיי גענומען טאפּען און קיצלען. זיי האָבען געקייכט פאר געלעכטער, און אָפּטמאָל איז דערפון ארויסגעקומען א סקאנדאל אויך. מען האָט איהם גענעבען מיט'ן פוס אין הינטען און ארויסגעיאָגט און ער איז אנטלאָפען אויף אלע פיער, ווי אן אפּפּע, בעגלייט פון א הויכען געלעכטער.

דעם לעצטען טאָג, ווען דער וואָגען מיט דער ארונטערגענו־מענער תבואה, בעפּוצט מיט בענדער, איז אונטער פייפעריי און געשריי, געזאנג און פרייד אויף דער גרויסער, ווייסער גאס ארויס־געפאָהרען, פון זעקס פערד געצויגען און פון א יונגען פויער אין א בלוזע און א קוקארדע אויף זיין מיצעל געפיהרט, האָט פּאָווילי געטאנצט צווישען די ווייבער מיט אזא משוגענעם אימפּעט, דאָס די קליינע אינגלאך זיינען געבליבען שטעהן פערוואונדערט און די פויערים האָבען איהם צושראָקען נאָכגעקוקט.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דעם טהויער פון'ם פויער לע האריוואו, האָט ער דערלאַנגט א הויכען שפרונג מיט אויפגעהויבענע אָרעמס. אָבער צום גליק איז ער געפאַלען אנטקעגען וואָגען, האָט זיך א זעץ געטהאָן אָן ראָד, וועלכער האָט איהם צוריקגעשליידערט וויים אויפ'ן וועג ארויס.

די איבעריגע האָבען זיך א וואָרף געטהאָן צו איהם. ער האָט זיך ניט בעוועגט. איין אויג איז ביי איהם געווען צוגעמאכט, דאָס צווייטע אָפען. ער איז געווען בלייך ווי קאלך פאר שרעק און איז

געלעגען מיט די לאנגע פיס אין שטויב אויסגעצויגען.

ווען מען האט איהם אנגעריהרט, האט ער געמאכט קולות און ווען מען האט איהם געוואלט אויפהויבען, איז ער צוריק צו דר'ערד געפאלען.

— ער האט זיך הפנים אויסגעבראכען א פוס — האט געזאגט איין פויער.

און אזוי איז דאס טאקע געווען. ער האט זיך א פוס צו־בראכען.

דער פויער לע האריוואו האט איהם אריינגענומען צו זיך און איהם אויפ'ן טיש אוועקגעלעגט, דאן האט מען אוועקגעשיקט א רייטער קיין ראווילל נאך א דאקטאר, וועלכער איז אין א שטונדע ארום אנגעקומען.

דער פויער האט זיך געהאלטען זעהר אנשטענדיג און האט געזאגט, אז ער וועט בעצאהלען די אלע קאסטען פאר דעם קראנקען.

דער דאקטאר האט אלזא גלייך גענומען פאווילי אין זיין וואַ־גען אריין און האט איהם געבראכט אין אן אויסגעווייסטען צימער, וואו זיין פוס איז איינגעבאנדאזשירט געווארען.

אזוי שנעל ווי פאווילי האט בעמערקט, אז ער וועט דערפון ניט שטארבען, אז מען וועט איהם פפלעגען און היילען, געבען עסען און טרינקען און ער וועט נארנישט דארפען טהאן און וועט זיך קענען אזוי רוהיג ליגען אויסגעצויגען אין'ם בעט, איז אויף איהם אנגעפאלען א גרויס פרייד און ער האט גענומען לאכען שטיל אין זיך, ארויסווייזענדיג דערביי זיינע פערפוילטע צייהן.

און אז איינע פון די בארעמהערציגע שוועסטער איז צו זיין בעט צוגעגאנגען, האט ער לוסטיג צו איהר געלאכט, געפינטעלט מיט די אויגען, פערצוינען דעם מויל, געדרעהט מיט זיין לאנגער, בעוועגליכער נאז. זיינע שכנים אין צימער, ווי קראנק זיי זיינען ניט געווען, האבען זיך שוין ניט געקענט מעהר איינהאלטען פון לאכען און די הויפט אויפזעהערין איז אפט צוגעקומען צו זיין בעט, אום זיך א ווייל צו אמוזירען. און פאר איהר האט ער אויס־געטראכט גאנץ נייע שפיצלאך, גאנץ אנדערע גראבע ווערטלאך און אזוי ווי ער איז בערייט געווען אויף אלע נארישקייטען, האט

ער זיך פלוצים געמאכט פרום, גערעדט ווי א געזעצטער מענש, וועלכער ווייסט, אז ווען גאט וויל, הערען אלע שפאסען אויף.

איין טאג איז איהם איינגעפאלען, ער זאל פאר איהר עפעס פארזינגען. דאס האט איהר זעהר געפרעהט און זי איז איצט גע־קומען אפטער. און אום זיין שטימע אויסצובילדען, האט זי איהם געבראכט א געזאנג בוך. אזוי ווי ער האט זיך שוין איצט געקענט אביסעל בעוועגען, האט ער זיך אויפגעזעצט אין׳ם בעט און מיט א פאלשער שטימע געזונגען ליבע־ליעדער צו גאט, דער הייליגער מאריע און דעם הייליגען גייסט, בעת די דיקע שוועסטער איז געשטאנען צו־פוס פון׳ם בעט, איהם אונטערגעזאגט די ווערטער און מיט די פינגער צוגעקלאפט דעם טאקט. אזוי שנעל ווי ער האט געקענט געהן, האט זי איהם אנגעבאטען צו האלטען נאך א געוויסע צייט, אום ער זאל קענען זינגען אין דער שפיטאל־קאפעלע צו גאטעס־דיענסט. ער האט עס אנגענומען און פיער וואכען נאכאנאנד האט ער, אין א ווייסען העמד פון א כאריסט אנגעטהאן און אונטערהינקענדיג, געזונגען פסאלמען און אנדערע געבעטען מיט אזא קאמישער מינע, דאס די צאהל פון די בעזוכער איז שטארק געוואקסען און אנשטאט צו געהן אין דער קירכע איז דער עולם איצט געגאנגען אין שפיטאל־קאפעלע.

אבער אזוי ווי אלעס אויף דער וועלט האט א סוף, אזוי האט אויך ער, ווען ער איז אין גאנצען געזונד געווארען, געמוזט פון דארט אוועקגעהן און די הויפט אויפזעהערין פון די בארעמהערציגע שוועסטער האט איהם אלם דאנק פאר זיין ארבייט געשענקט פינף און צוואנציג פראנק.

אזוי שנעל ווי פאווילי איז געשטאנען אויף דער גאס מיט דעם געלד אין קעשענע, האט ער זיך געפרעגט, וואס אזוינס ער זאל איצט אנהויבען צו טהאן. זאל ער זיך צוריק קעהרען אין דארף? ניין, אפריהער מוז ער אביסעל דאס האלז באנעצען. ער האט גענוג לאנג זיך געמוזט אבזאגען פון׳ם ביטערען טראפען. און ער איז אוועק אין דעם נאהענטען שענק. מעהר ווי איין מאל אדער צוויי מאל אין יאהר איז ער אין שטאדט ניט געוועז. און פון

איינעם פון די דאָזיגע בעזוכען איז איהם געבליבען אַן אונבעשטימ־טע עראינערונג פון אַ ווילדער, שיכור'ער הוליאַנקע.

ער האָט אַלזאָ געבעטען אַ גלאָז גוטען שנאַפּס, וועלכען ער האָט אין זיך אַריינגעגאָסען אום דעם גאָרגעל אויסצושווייניקען. דערנאָך האָט ער אַריינגעגאָסען אַ צווייטען און האָט פון דעם טאָקע אמת הנאה געהאַט.

אַזוי שנעל ווי דער שאַרפער, שטאַרקער שנאַפּס האָט נאָך אַזאַ לאַנגען פאַסטען זיין צונג און גומען בענעצט, האָט די ליעבע צום ביטערען טראָפּען אין איהם ערוואַכט און ער האָט פערשטאַ־נען, אַז מיט אַ פּאָאַר גלעזלאַך וועט ער דאָ גאָרנישט מאַכען, אַז ער וועט שוין אויסטרינקען די גאַנצע פלאַש און ער האָט גלייך געפרעגט וואָס זי קאָסט, אום זי צו קריגען גאַנץ ביליג. עס האָט געקאָסט דריי פראַנק און ער האָט עס גלייך בעצאָהלט. דאַן האָט ער זיך גענומען גאַנץ רוהיג אָנשיכור'ן.

אָבער ער האָט עס געטהאָן מיט אַ גאַנג, מיט אַ פּלאַן, ווייל ער האָט געוואָלט געניסען נאָך פון אַנדערע פריידען און האָט גע־וואָלט דערצו האָבען נאָך אַביסעל קאָפּ. אַזוי שנעל ווי ער האָט געפיהלט, אַז די מעבעל הויבען אָן צו טאַנצען אַרום איהם, האָט ער שאָקלענדיג זיך אויפגעהויבען און מיט שוואַנקענדע טריט, די פלאַש אונטער'ן אָרעם, אַוועק זוכען אַן עפענטליכע הויז.

נישט אָהן מיה איז איהם אָנגעקומען ביז ער האָט עס גע־פונען. ער האָט אפריהער געפרעגט אַ פוהרמאַן, וועלכער האָט פון אַזאַ הויז ניט געוואוסט, דאַן אַ בריעף טרעגער, וועלכער האָט איהם אַ פאַלשען וועג אָנגעוויזען, דערנאָך אַ בעקער, וועלכער האָט איהם גוט אויסגעזידעלט און גערופען אַלטער חזיר, צו סוף ערשט אַ סאָלדאַט, וועלכער האָט איהם גלייך אַליין אַהין אַוועקגעפיהרט און איהם גאַנץ בעזונדערס פערלויבט די „פירשטין".

הגם עס איז ערשט געווען האַלבער טאָג, איז פּאַווילי אַריין אין דעם דאָזיגען הויז פון פרייד. ער איז אויפגענומען געוואָרען פון אַ מיידעל, וועלכע האָט איהם גלייך געוואָלט פון דאָרט אַרויס־פּטור'ן. אָבער ער האָט געמאַכט אַזאַ פּנים, דאָס זי האָט זיך געמוזט צולאַכען. דאַן האָט ער איהר געצייגט דריי פראַנק, דעם

געוועהנליכען פרייז פאר די פערגעניגענס פון יענעם פלאץ, און איז אוועק נאך איהר איבער דונקעלע טרעפ, וועלכע האבען געפיהרט צום ערשטען שטאק.

ווען ער איז אין צימער אריין, האט ער פערלאנגט צו זעהן די „פירשטין" און האט אויף איהר געווארט, זופענדיג דערווייל פון זיין פלאש.

די טהיר האט זיך געעפענט און א מיידעל איז אריין. זי איז געוועזען הויך, דיק, רויט, גרויס. מיט א זיכערער אויג און מיט דעם בליק פון א מבינ'טע האט זי אבגעמאסטען דעם שיכור, וועל־כער איז דארט געזעסען איינגעהויקערט אויף א שטוהל, און גע־זאגט:

— שעהמסטו זיך נישט אזוי פריה אהער צו קומען?

ער האט געשטאמעלט:

— פארוואס עפעס, פירשטין?

— צו שטערען א דאמע, נאך איידער זי האט געגעסען.

ער האט זיך צולאכט:

— פאר דעם גליקליכען איז נישטא קיין צייט.

— יא, אלע צייטען זיינען גוט, אום זיך אנצושיכור'ען ווי א פאס.

פאווילי איז געווארען בייז:

— ערשטענס בין איך ניט קיין פאס און דאן בין איך ניט שיכור.

— ניט שיכור?

— ניין, איך בין ניט שיכור.

— ניט שיכור! דו קענסט זיך דאך אפילו ניט האלטען אויף די פיס.

זי האט איהם אנגעקוקט מיט דעם כעס פון א פרוי, וועלכע ווייסט, אז איהרע חבר'טעס זיצען איצט ביים עסען.

ער האט זיך אויפגעשטעלט:

— איך? איך זאג דיר, איך געה גלייך אוועק טאנצען א פאלקא.

און אום עס איהר צו בעווייזען, איז ער ארויפגעקראכען אויפ'ן

שטוהל און פון דאָרט אַ שפּרונג געטהאָן אויפ'ן בעט, וואו זיינע גראַבע, שמוציגע שטיוועל האָבען איבערגעלאָזען צוויי גרויסע, בלאָטיגע סמנים.

— דו שוויין! — האָט דאָס מיידעל גענומען שרייען.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם און איהם געגעבען אַ זעץ מיט'ן פויסט אין בויך, אַזוי שטאַרק דאָס פּאָווילי האָט פערלאָרען דאָס גלייכגעוויכט, האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן דעם צו־פוסען פון'ם בעט, דאַן זיך איבערגעקוליעט, אַ זעץ געטהאָן זיך אָהן די קאַמאָדע, מיטשלעפּענדיג מיט זיך די וואַש־שיסעל מיט'ן קרוג און איז געפאַלען צו דער ערד, שרייענדיג מיט בענומענע קולות.

ער האָט געמאַכט אַזאַ געוואַלד, אַז דאָס גאַנצע הויז איז זיך צוזאַמענגעלאָפען, דער בעל הבית, די מאַדאַם, די דיענסט און אַלע מיידלאַך.

דער בעל הבית פון'ם הויז האָט איהם געוואָלט אויפהויבען; אָבער ווי נאָר ער האָט איהם אויפגעשטעלט, האָט דער חברה־מאַן ווידער פערלאָרען דאָס גלייכגעוויכט און גענומען געוואַלדעווען, אַז ער האָט די צווייטע פוס צובראָכען, זיין גוטע, זיין גאַנצע פוס.

און עס איז טאַקע אַזוי געווען. מען האָט גלייך געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר און עס איז גראַדע געווען דערזעלבער, וועלכער האָט פּאָווילי'ן קורירט פריהער.

— וואָס, איהר זייט גאָר דאָ? — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, הערר דאָקטאָר.

— וואָס איז שוין מיט אייך ווידער?

— איצט האָבען זיי מיר דעם צווייטען פוס צובראָכען, הערר דאָקטאָר.

— ווער?

— אָט יענע מויד, דאָרט.

אַלע האָבען זיך צוגעהערט. די מיידלאַך אין פריזיר־מאַנטלען, מיט צולאָזטע, לאַנגע האָאָר, דער מויל נאָך פעט פון דעם אונטערבראָכענעם עסען, די מאַדאַם מלא רציחה, דער בעל הבית זעהר בעאונרוהיגט.

— דאָס איז אַ שלעכטע געשיכטע, — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר. — איהר ווייסט דאָך, אַז דער שטאָדט־ראַט קוקט אויף אייך קרום און ער קען אייך צוליעב דעם אָנמאַכען צרות. עס וואָלט פאַר אייך גלייכער געווען, איהר זאָלט עס האַלטען בסוד און קיינער זאָל פון דער נארישער געשיכטע ניט רעדען.

— ווי אַזוי קען איך דאָס טהאָן? — האָט געפרעגט דער בעל הבית.

— שיקט אוועק דעם מאַן אין שפּיטאָל, פון וואַנען ער איז נור וואָס אַרויס. עס פאַרשטעהט זיך, אַז איהר מוזט אויף זיך נעהמען די קאָסטען.

דער בעל הבית האָט געענטפערט:

— דאָס איז מיר שוין ליעבער, ווי צו האָבען אַן עסק מיט'ן שטאָדט ראַט.

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט זיך פּאַווילי, אַ שיכור'ער און יאָמערענדיג, צוריקגעקעהרט אין דער אבטהיילונג פון שפּיטאָל, וועלכען ער האָט מיט אַ שטונדע צוריק פערלאָזען.

די הויפּט אויפזעהערין פון די באַרעמהערציגע שוועסטער האָט פּאַרבראָכען די הענד ווען זי האָט איהם דערזעהן, ווייל זי האָט איהם גאַנץ ליעב געהאַט און האָט אויף איהם ניט געקענט בייז זיין.

— וואָס פעהלט אייך שוין ווידער? — האָט זי געפרעגט מיט אַ שמייכעל.

— אַך, שוועסטער, מיין אַנדערע פוס איז קאַפּוט.

— זייט איהר דען ווידער אויף אַ וואָגען שטרוי אַרויפגעשפּרונגען, איהר אַלטער שטיפער?

פּאַווילי איז געוואָרען שטאַרק צומישט און פערשעהמט און האָט געשטאַמעלט:

— ניין, ניין, דאָס מאָל ניט. ניין, ניין, עס איז ניט מיין שולד, ניט מיין שולד.

מעהר האָט זי פון איהם ניט געקענט אַרויסקריגען און זי האָט קיינמאָל ניט אויסגעפונען, אַז אין זיין צווייטען פאַל זיינען שולדיג געווען איהרע פינף און צוואַנציג פראַנק.

# די האָאר שפּילקע



יך וויל ניט זאָגען וואו און ווער; קורץ, עס איז געוועזן ווייט פון דאַנען נעבען אַ פרוכטבאַרען, הייסען ברעג. שוין פון אין דער פריה אָן האָבען מיר געטראָטען צווישען דעם גרינעם ברעג און דעם פון דער זון בעשטראַהלטען ים. נאָהענט נעבען די כוואַליעס האָבען בלומען געבליהט, נעבען די כוואַליעס, וועלכע האָבען שטיל איינשלעפערענדיג געפליעסטשעט. עס איז געוועזן היים. אַ היץ דורך וועלכער עס האָט זיך געפיהלט אַ הויך פון דער פרישער נאַסער ערד.

מען האָט מיר געזאָגט, אַז אין יענעם אבענד וועל איך געפינען גאַסטפריינדשאַפט ביי אַ געוויסען פראַנצויז, וועלכער האָט געוואָהנט אין אַן אָראַנזשען־וועלדעל אויף דעם שפּיץ פון אַ באַרג. ווער האָט עס געקענט זיין? איך האָב נאָך פון איהם גאָרנישט געוואוסט. איין מאָל אין אַ פריהמאָרגען, פאַר צעהן יאָהרען, איז ער אַהער געקומען, האָט אַ שטיק לאַנד געקויפט, וויינבערג און פעלדער פערזועט. ער האָט געאַרבייט מיט אַ ברען, כמעט מיט אַ ליידענשאַפט און עס איז איהם געלונגען פון מאָנאַט צו מאָנאַט, פון יאָהר צו יאָהר זיין בעזיצונג גרעסער צו מאַכען, פון דער פרוכטבאַרער ערד איהרע פעטע תבואות אַרויסצורייסען. און אויף אַזאַ אופן האָט ער דורך אונערמיעדליכע ארבייט זיך אַ פערמעגען געמאַכט.

און דאָך האָט ער, ווי מען האָט דערצעהלט, נאָך אימער געאַרבייט. גלייך מיט'ן טאָג איז ער אויפגעשטאַנען און ביז פינסטערע נאַכט איז ער אויף די פעלדער געוועזן. האָט שטענדיג אַלעס געהיט, אַלעס אַליין בעוואַכט, ווי פון אַ פיקסער אידעע

געקווועלט, פון אן אונערזעטליכער גייציגקייט נאָך געלד געפּלאָגט, וועלכע קיין זאך האָט נים געקענט שטילען, קיין זאך נים בערוהיגען.
איצט האָט ער הפנים געמוזט זיין זעהר רייך.

ווען איך בין צו איהם אין הויז געקומען, האָט די זון געהאַל־טען אין אונטערגעהן. דאָס געביידע איז געשטאַנען אין מיטען פון אָראַנזשען בוימער אויף דעם שפּיץ פון אן אינזעל. עס איז געווען אַ גרויסע, פּיערקאַנטיגע, גאַנץ איינפאַכע הויז, הויך אי־בער׳ן ים געבוים.

ווען איך בין צוגעקומען נעהענטער, האָט זיך הינטער׳ן טיר בעוויזען אַ מאַן מים אַ לאַנגער באָרד. איך האָב איהם געגריסט און געבעטען, ער זאָל מיר ערלויבען איבערנעכטיגען. שמייכ־לענדיג האָט ער מיר די האַנד דערלאַנגט:

— קומט אריין, איך בעט אייך. זיים ווי ביי זיך אין דער־היים.

מיט די מאַניערען פון אַ וועלטליכען מענשען, האָט ער מיך אריינגעפיהרט אין אַ צימער און געגעבען מיר אַ דיענער צו הילף. דאַן האָט ער מיך פּערלאָזען מיט די ווערטער:

— אַזוי גיך ווי איהר וועט זיך בעמיהען ארונטערצוקומען, וועלען מיר געהן עסען.

און באַלד האָבען מיר ווירקליך געגעסען, מירביידע זאַלבע־נאַנד, זיצענדיג איינער אַנטקעגען אַנדער׳ן אויף אַ טעראַסע מיט דער אויסזיכט אויף׳ן ים. צוערשט האָב איך מיט איהם גערעדט פון דעם דאָזיגען ווייטען, רייכען, אונבעקאַנטען פּלאַץ, אויף וועל־כען מיר האָבען זיך געפונען. ער האָט געשמייכעלט און צושטריים געענטפּערט:

— יאָ, די געגענד איז שעהן; אָבער ווען עס איז נים די, וועלכע מען ליעבט, דאַן געפעלט זי אייך דאָך נים, טראָץ איהר שעהנקייט.

— בייגקט איהר נאָך פראַנקרייך?

— איך וואָלט וועלען זיין אין פּאַריז.

— וואָרום פּאָהרט איהר נים צוריק אַהין?

— אָה, איך וועל נאָך אַמאָל דאָרט זיין.

און ביסלעכווייז האָבען מיר גענומען ריידען פון אונזער היי־מאט, פון די בולוואַרען, און אַלע אַנדערע זאַכען אין פּאַריז. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט, ווי א מאן, וועלכער האָט אַמאָל אַלעס און אַלעמען געקענט, האָט מיר אָנגערופען נעמען, אַלע נעמען, וועלכע מען הערט געוועהנליך אויף דעם איטאַליענישען בולוואַר.

—ווער פערקעהרט נאָך היינט ביי טאָרטאָני?

— אָה, אימער די זעלבע מענשען, אויסער די, וואָס זיינען פאַר דער צייט געשטאָרבען.

איך האָב איהם אויפמערקזאַם אָנגעקוקט, מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז איך האָב איהם שוין געמוזט וואו טרעפען, אָבער וואו און ווען? ער האָט אויסגעזעהען צו זיין מיעד, הגם ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון א קרעפטיגען מענשען. ער איז געוועזען טרויעריג, און דאָך האָט ער אין זיך געהאַט עטוואָס זעהר דרייס־טעס, ענטשלאָסענעס. די לאַנגע, בלאָנדע באָרד איז איהם ביז צו דער ברוסט ארונטערגעפאַלען, און פון צייט צו צייט האָט ער זי אָנגענומען אונטער'ן מאָרדע, צוזאַמענגעדריקט אין זיין פער־מאַכטער האַנד און געפיהרט איבער איהר מיט זיינע פינגער פון אויבען ביז ארונטער. די האָאָר אויף זיין קאָפּ איז געווען עטוואָס אָבגעבליאַקירט. ער האָט געהאַט גרויסע ברעמען און א פּאָאַר מעכטיגע וואָנצעס, וועלכע זיינען זיך צוזאַמענגעוואַקסען מיט דער באָרד אויף די באַקען.

הינטער אונז האָט זיך די זון אין ים געֿ'טובל'ט און גע־וואָרפען א פייערדיגען רעגען אויפ'ן ברעג. די בליהענדע אָראַנ־זשען בוימער האָבען געשטראָמט מיט זיסע און שטאַרקע ריחות אין דער בייגאַכטיגער לופט אריין. ער האָט קענטיג געזעהען נאָר מיך, האָט מיר אָנגעקוקט גלייך אין פּנים אריין און קענטיג אין מיינע אויגען, אין דער טיפעניש פון מיין נשמה געזוכט ווידער אַמאָל צו זעהן דאָס ווייטע, געליעבטע בילד פון די ברייטע בע־שאָטענטע טראָטואַרען, וועלכע ציהען זיך פון דער מאַדליין ביז צו דער רי דרואָט.

— קענט איהר בוטערעל׳ן?

— געווים.

— האָט ער זיך פערענדערט?

— ער איז גאַנץ ווייס געוואָרען.

— און לאַ רידאַמי?

— אַלץ נאָך ווי פריהער.

— און די פּרויען? דערצעהלט מיר עפּעס פון די פּרויען, איך בעט אייך. קענט איהר פּיליכט סוסאַנע ווערנער?

— יאָ, זי איז דיק געוואָרען. איהר צייט איז שוין אוועק.

— אַך אזוי, און סאָפּיע אַסטיור?

— טויט.

— אַרימעס קינד. און קענט איהר אפשר...

אָבער פּלוצים איז ער אַנשוויגען געוואָרען און, בלייך ווי דער טויט, האָט ער דאַן געזאָגט מיט אַ פערענדערטער שטימע:

— ניין, איך וועל בעסער דערפון ניט רעדען! דאָס רעגט מיך צו שטאַרק אויף.

און ווי ער וואָלט וועלען אָבציהען זיינע געדאַנקען אויף עטוואָס אַנדערעס, איז ער אויפגעשטאַנען און געזאָגט:

— לאָמיר אריינגעהן אינעווייניג.

— גוט, לאָמיר אריינגעהן.

און ער איז אוועק פאָראויס אין זיין הויז אריין.

אונטען זיינען די פּאָרצימערען געווען ריעזיג גרוים, ווי ניט בעוואוינט. ארום און ארום אויף די טישען זיינען געשטאַנען טעלער און גלעזער, וועלכע די שוואַרצע דיענער, וואָס האָבען ארומגעבלאָנדזשעט איבער דער גאַנצער וואָהנונג, האָבען זיך גע־פּוילט אָבצוראַמען.

צוויי ביקסען זיינען געהאַנגען אויף׳ן וואַנד און אין די ווינק־לען זיינען געשטאַנען האַטשיקעס, פישער דראָטען, געטריקענטע פּאַלמען־בלעטער, און נאָך פיעל אַנדערע זאַכען, וועלכע מען האָט אוועקגעשטעלט פון דער האַנד און וועלכע האָבען איצט דאָרט געוואַרט, מען זאָל זיך אָן זיי דערמאָנען.

מיין בעל הבית האָט געשמייכעלט:

— דאָס איז די וואָהנונג, אָדער בעסער געזאָגט די לאָך פון א פערשיקטען. אָבער מיין צימער זעהט אוים א ביסעל בעסער; איך וועל עס אייך ווייזען, ווען איהר ווילט.

ווען איך בין אריין אהין, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איך בין אריין אין אַ קראָם פון א טאַנדעטניק, אזוי פול אָנגע־שטאָפּט איז דאָס צימער געווען מיט אַלע מעגליכע פערשיעדענע זאכען, וועלכע האָבען זיך ניט געפּאַסט איינם צו'ם אַנדערע. מען האָט גלייך געפיהלט, אז די דאָזיגע זאכען מוזען הפּנים זיין ער־אינערונגען אָן פערשיעדענע פּאַסירונגען. אויף דער וואַנד זיי־נען געהאַנגען צוויי שעהנע צייכנונגען פון בעריהמטע מאַהלער, שטאָפען, וואַפען, שווערדען, ביקסען און דאַן, פּונקט אין מיטען, א פיערקאַנטיגע שטיק אטלאַס אין א גאָלדענעם ראַהם איינגעפּאַסט.

א פערוואונדערטער בין איך צוגעגאַנגען נעהנטער און דער־זעהן א האָאר־נאָדעל, וועלכע האָט געשטעקט אין סאַמע מיטען פון דעם גלענצענדען שטאָף.

מיין בעל־הבית האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנד אויף מיין אַק־סעל און שמייכלענדיג געזאָגט:

— דאָס איז דער איינציגער געגענשטאַנד, וועלכען איך בע־טראַכט דאָ אין צימער און דער איינציגער געגענשטאַנד, וועלכען איך זעה זייט די לעצטע צעהן יאָהר. איך קען זאָגען: די דאָזיגע נאָדעל בעדייט מיין גאַנץ לעבען.

איך האָב צוערשט געזאָגט עטוואָס אַנדערעס. דאַן האָב איך געפרעגט:

— איהר האָט וואהרשיינליך א סך געליטען צוליעב א פרוי.

און ער האָט געענטפערט מיט היץ:

— זאָגט בעסער, אז איך לייד נאָך איצט אויך, און לייד מורא'דיג. אָבער קומט, איך בעט אייך, לאָמיר אַרויסגעהן אויף'ן באַלקאָן. פריהער איז מיר א נאָמען אויף די ליפּען געקומען, אָבער איך האָב ניט געוואגט איהם אַרויסצורייידען, דען ווען איהר וואָלט

געזאָגט: „זי איז טויט“, ווי איהר האָט פון סאָפיע אסטיער געזאָגט, וואָלט איך זיך נאָך היינט דערשאָסען.

מיר זיינען ארויס אויף א ברייטען באַלקאָן, פון וועלכען עס האָבען זיך געזעהען צוויי אינזלען, איינער לינקס און איינער רעכטס. הויכע גרויע בערג האָבען זיי ארומגערינגעלט. עס איז געווען די דעמערונג שטונדע, ווען די אונטערגעגאנגענע זון האָט די ערד נור נאָך מיט איהר ווידערשיין בעלויכטען. ער האָט געפרעגט:

— לעבט נאָך זשאן דע לימור?

זיינע אויגען זיינען געווען אויף מיינע געריכטעט, און א ציטערנדע אנגסט האָט זיך אין זיי אָבגעשפּיגעלט. איך האָב געענטפערט מיט א שמייכעל:

— געוויס, און זי איז נאָך שעהנער ווי ווען עס איז.

— קענט איהר זי?

— יאָ.

ער האָט א ווײַלע געטראַכט:

— קענט איהר זי גאַנץ גענוי?

— ניין.

ער האָט גענומען מיין האַנד:

— דערצעהלט מיר עפּעס פון איהר.

— יא, איך קען פון איהר ניט פיעל דערצעהלען. זי איז איינע פון די רייצענדסטע פרויען, אָדער גיכער מיידלאַך, וועלכע שפּיעלען איז פּאַריז א ראָלע. און זי פיהרט א זעהר אַנגענעהמען, מען קען זאָגען א פירסטליכען לעבען.

ער האָט געשטאַמעלט:

— איך ליעב זי.

און געזאָגט האָט ער עס אין א טאָן, ווי ער וואָלט וועלען זאָגען: איך וועל שטאַרבען. דערנאָך האָט ער צוגעלייגט קורץ און האַרב:

— אָך, גאָט, דריי יאָהר נאָכאַנאַנד איז אונזער לעבען איינער מיט׳ן אַנדערען געווען שרעקליך, און דאָך אַזוי וואונדערבאַר.

פינף אָדער זעקס מאָל האָב איך זי שיער ניט געטויטעט, און מיט דער דאָזיגער האָאר־נאָדעל, וועלכע איהר זעהט אָן דאָרט, האָט זי פּרובירט מיר די אויגען אויסצושטעכען. זעהט איהר דאָ דעם קליינעם ווייסען שניט אונטער מיין לינקער אויג? דאָס איז איהר ארבייט. מיר האָבען זיך געליעבט. אָבער ווי זאָל איך די דאָזיגע ליידענשאַפט ערקלעהרען, איהר וועט עס גאָר ניט פערשטעהן. עס מוז מסתמא זיין אָן איינפאַכע ליעבע, וועלכע בעשטעהט אין דעם, וואָס צוויי הערצער און צוויי נשמות ווערען איינס. אָבער גראד אזוי גוט איז פאראן אַ מורא'דיגע, גרויזאַם קוועלענדע ליעבע, וועלכע שטאַמט פון דער פערבינדונג פון צוויי פערצווייפעלטע וועזענס, וועלכע האסען זיך, ווען זיי האָבען זיך ליעב.

דאָס דאָזיגע מיידעל האָט מיך אין צייט פון דריי יאָהר אין גאנצען רואינירט. איך האָב פערמאָגט פיער מיליאָנען. זי האָט זיי אויף איהר רוהיגען, זעלבסטפערשטענדליכען אופן מיט דעם זיסעס־טען שמייכעל פערשוועגדעט.

איהר קענט זי דאָך. אַך, זי האָט אין זיך עטוואס אונווידער־שטעהליכעס. וואס? איך וויים עס נישט; צו זיינען דאס איהרע גרויע אויגען, וועמעס בליק עס בויערט זיך איין ווי א שרויף און בלייבט טיעף איננעווייניג אין אייך שטעקען? אָדער איז דאָס איהר זיסער, פערפיהרערישער שמייכעל, וועלכער פערבלייבט אויף איהר פנים, ווי א מאסקע? איהר חן בערוישט אייך ביסלעכווייז, ער געהט פון איהר ארוים ווי פארפיום, פון איהר הויכער געשטאַלט, ווען זי געהט פאר אייך כמעט שוועבענדיג פארביי. מיר האָט זיך אימער אויסגעוויזען, אז זי שוועבט מעהר, ווי זי געהט. פול מיט חן איז איהר עטוואס זינגענדיגער ארט ריידען, איהר זיסע שטימע, וועלכע איז ווי די בעגלייטונג צו איהר שמייכעל. פול חן זיינען איהרע אימער געמאָסטענע בעוועגונגען, וועלכע בערוישען פשוט דאָס אויג, אזוי הארמאָניש זיינען זיי. דריי יאָהר כסדר האָב איך אויף דער גאנצער וועלט נור זי געזעהן. אַך, ווי איך האָב געליטען. דען זי האָט מיך בעטראָגען מיט דעם ערשטען בעסטען מאן. וואָ־רום? פאר גאָר נישט, נור אום צו בעטריגען. און יעדעס מאָל,

ווען איך האָב זיך דערפון ד'ערוואוסט, ווען איך האָב זי ווי אַ צו־לאָזונגע, ווי אַ גאַסענפרוי בעהאנדעלט, האָט זי זיך גאַנץ רוהיג מודה געוועזן מיט די ווערטער:

— זיינען מיר דען פערהייראַטעט?

זייט איך בין דאָ האָב איך אַזוי לאַנג איבער איהר נאַטור נאָכגעטראַכט, ביז זי איז מיר קלאָהר געוואָרען. דאָס דאָזיגע מיידעל איז ניט אַנדערש נור אַ צווייטע מאַנאָן לעסקאָט. מאַנאָן, וועלכע האָט ניט געקענט ליעבען, ווען זיי האָט ניט בעטראָגען, מאַנאָן, פאַר וועלכער די ליעבע, לעבענסלוסט און געלד זיינען געוועזן איין זאַך.

ער איז אַנשוויגען געוואָרען. אין אַ פּאָר מינוטען אַרום האָט ער ווייטער גערעדט:

— ווען איך האָב פאַר איהר מיין לעצטען גראָשען פערשווענדעט, האָט זי גאַנץ איינפאַך צו מיר געזאָגט:

— ליעבער פריינד, דו פערשטעהסט דאָך אַליין, אַז איך קען ניט לעבען פון דער לופט. איך ליעב דיך זעהר, איך ליעב דיך מעהר ווי וועמען עס איז, אָבער איך מוז לעבען. נויט, אָן אָרים לעבען און איך פּאַסען זיך ניט איינער צום אַנדערן.

און דערביי איז מיין לעבען מיט איהר געוועזן מורא'דיג שווער. ווען איך האָב זי אָנגעקוקט, איז מיר בעפאַלען פּונקט אַזאַ שטאַרקע לוסט זי צו קושען, ווי זי צו טויטען. ווען איך האָב זי בעטראַכט, האָב איך געפיהלט אַ מורא'דיגען באַגעהר זי צו זיך צו צודריקען און זי צו דערווערגען. אין איהר, אין דעם הינטערגרונד פון איהרע אויגען איז געלעגען עטוואָס ניעדערטרעכטיגעס, עטוואָס אונפּאַס־באַרעס, פאַר וואָס איך האָב זי געדאַרפט האַסען, און גראָד דערפאַר האָב איך זי פיליייכט אַזוי שטאַרק געליעבט. אין איהר איז געוועזן דאָס ווייב, דאָס בערוישענדע, פערפיהרערישע, האַסענסווערטהע ווייב שטאַרקער, ווי אין וועלכער ניט איז אַנדערער פרוי. זי איז געוועזן פול דערמיט ווי מיט אַ זיסען גיפט. זי איז געוועזן מעהר ווייב, ווי אירגענד וועלכע ווייב פון אירגענד וועלכער צייט.

און ווייסט איהר, ווען מיר זיינען צוזאַמען שפּאַציערען גע־גאַנגען, דאַן האָט זי איהרע אויגען אויף אַלע מענער געוואָרפען,

אָבער אזוי, אז מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז מיט דעם דאָזיגען איינציגען בליק גיט זי זיך זיי אַלעמען אוועק. דאָס האָט מיר גע־בראַכט צו פערצווייפלונג. און דאָך בין איך נאָך מעהר געהאַנ־גען אָן איהר. דאָס דאָזיגע מיידעל, ווי זי איז נור ארויס אין גאַס, האָט טראַץ מיר און טראָץ זיך אליין געהערט צו יעדען מאַן. איהר נאַטור איז שוין אזוי געווען, הגם זי האָט אייגענטליך גע־האַט א ווייכען, צוריקהאלטענדען כאראַקטער. קענט איהר עס פערשטעהן?

— אַך, גאָט, ווי ביטער דאָס איז געווען. איבעראַל, אין טהעאַטער, אין רעסטאָראַן האָב איך געהאַט דעם געפיהל, ווי אַנ־דערע מענער וואָלטען זי אונטער מיינע אויגען בעזיצען. און אזוי שנעל ווי איך האָב זי נור אויף איין אויגענבליק געלאָזען אליין, האָבען זי אַנדערע טאַקע אין דער אמת'ן בעזעסען.

איצט האָב איך זי שוין צעהן יאָהר ניט געזעהן, און ליעב זי מעהר ווי ווען עס איז.

* * *

די נאַכט האָט זיך אויף דר'ערד ארונטערגעלאָזען, א שטאַר־קער ריח פון אָראַנזשען האָט אָנגעפילט די לופט. איך האָב גע־פרעגט:

— ווילט איהר זי ווידער זעהן?

ער האָט געענטפערט:

— די זאַך איז די, דאָ בעזיץ איך איצט אין פעלדער, וועל־דער און אין מזומן געלד פון זיבעצן ביז אכט הונדערט טויזענד פראַנק; אזוי שנעל ווי די מיליאָן איז פול, וועל איך אלעס פער־קויפען און אוועקפאָהרען. דאַן האָב איך גענוג אויף צו לעבען מיט איהר א יאָהר, א גאַנצען וואונדערשעהנעם יאָהר. און דאַן איז אלעס אויס. דאַן בין איך פערטיג מיט מיין לעבען.

איך האָב געפרעגט:

— און דערנאָך?

— דערנאָך? דאָס וויים איך ניט. דערנאָך איז אלעס פאַר מיר אויס. און אפשר וועל איך זי דאַן בעטען, מיך אלס איהר דיענער אָנצונעהמען.

# אַ צייכען.





י קליינע מאַרקיזע פון רענענדראַן האָט נאָך געשלאָפען אין דעם גרויסען, פערהאַנגענעם, שמעקעדיגען צימער אין איהר ברייטען, נידעריגען, ווייכען בעט אונטער באַטיסטענע דעקען, פיינע ווי שפּיצען, צאַרט ווי א קוש. זי איז געלעגען אליין, רוהיג, און האָט געשלאָפען מיט יענעם גליקליכען, טיעפען שלאָף פון א גע׳גט׳ער פרוי.

שטימען, וועלכע האָבען געקלונגען אין קליינעם, בלויען זאַל, האָבען זי אויפגעוועקט. זי האָט דערקאָנט די שטימע פון איהר געליעבטער פריינדין, דער קליינער באַראָנעסע פאָן גראַנגערי, וועלכע האָט זיך געקריעגט מיט איהר קאַמער־פרוי, ווייל יענע האָט זי נישט געוואָלט אריינלאָזען.

און די קליינע מאַרקיזע איז אויפגעשטאַנען, האָט אָבגערוקט דעם ריגעל, אויפגעשלאָסען די טיר, אַרויפגעצויגען די פּאָרהאַנגען און ארויסגעשטעקט איהר קאָפּ, בלויז איהר בלאָנדען, אין אַ וואָלקען פון האָר פערבאָרגענעם קאָפּ.

— אָבער וואָס איז געשעהן, וואָס דו ביזט אזוי פריה געקומען? עס איז דאָך נאָך פאַר ניין?

די קליינע באַראָנעסע, וועלכע האָט אויסגעזעהן זעהר בלייך, נערוועז און אויפגערעגט, האָט געענטפערט:

— איך מוז אונבעדינגט מיט דיר רעדען, עטוואס שרעקליכעס האָט מיט מיר געטראָפען.

— טאָ קום אריין.

זי איז אַריין אין שלאָף צימער; זיי האָבען זיך צוקושט און די קליינע מארקיזע האָט זיך צוריקגעלעגט אין בעט, ווערענד די קאַ־

מער־פרוי האָט געעפענט די פענסטער, אום לופט און ליכט אריינ־צולאָזען. ווען די דיענסט איז געווען אוועקגעגאנגען, מאכט די קליי־נע מארקיזע:

— נו, איצט דערצעהל.

די באראָנעסע האָט גענומען וויינען, האָט פערגאָסען יענע שעהנע, קלאָהרע טרעהרען, וועלכע מאכען די פרויען אזוי פערפיה־רעריש, און געשטאָמעלט, ניט אָבווישענדיג די אויגען, אום זיי ניט רויט צו מאכען:

— אך, ליעבע פריינדין, מיט מיר האָט געטראָפען עטוואס שרעקליכעס, עטוואס מורא'דיגעס. איך האָב די גאנצע נאכט אָן אויג ניט צוגעמאכט קיין איין מינוט. שטעל זיך פאָר, ניט אויף איין מינוט האָב איך אָן אויג צוגעמאכט! טהו אָקאָרשט א טאָפּ, פיהל, ווי מיין הארץ קלאפט.

און זי האָט ארויפגעלעגט דער פריינדינ'ס האנד אויף איהר ברוסט, אויף דעם דאָזיגען שטייפען, רונדען צודעק פון די פרויען הערצער, מיט וועלכען די מענער בענוגענען זיך גאנץ אפט, און פערגעסען גאָר אין גאנצען אָן דאָס הארץ, וואס געפינט זיך פון אונטען. איהר הארץ האָטווירקליך שטארק געקלאפט.

זי האָט ווייטער גערעדט:

— עס האָט מיט מיר פאסירט נעכטען ארום פיער אָדער האלב פינף אזייגער נאָכמיטאג. גאנץ קלאָר ווייס איך ניט ווען. דו קאָנסט דאָך מיין וואָהנונג, דו ווייסט דאָך מיין קליינעם זאל, וואו איך זיץ אימער. די פענסטער פון דעם דאָזיגען זאל אויפ'ן ערשטען שטאָק קומען ארוים אויף דער סיינט־לאזאר גאס. ווי דו ווייסט, האָב איך א געוואָהנהייט צו קוקען אין פענסטער און בעטראכטען די פערבייגעהער. די דאָזיגע געגענד נעבען באהנ־הויף איז זעהר א פרעהליכע, א קאָכעדיגע, מיט א סך לעבען און דאָרט איז דאָ וואָס צו זעהן. קורץ, איך האָב דערפון פערגעניגען. אלזא, געסטערן זיץ איך אויף דעם נידעריגען שטוהל, וועלכען איך האָב מיר ספעציעל פאר דעם צוועק געלאָזט מאכען; דאָס פענסטער איז געווען אָפען און איך האָב פון קיין זאך נישט געטראכט. איך האָב נור איינ־

געזויגען אין זיך די בלויע לופט. דו געדענקסט דאָך, ווי שעהן עס איז נעכטען געווען.

פלוצים דערזעה איך, אז אויף דער אנדער זייט גאַס ביי א פענ־סטער זיצט אויך א פרוי אין רויטע קליידער אָנגעטהאָן. איך בין געווען אָנגעטהאָן אין מיין שעהן קלייד, דו ווייסט דאָך...

איך האָב יענע פרוי ניט געקענט. זי האָט געמוזט זיין א קווארטיראנטקע, וועלכע האָט דאָרט געוואָהנט דעם ערשטען מאָ־נאט, און אזוי ווי עס האָט א גאנצען מאָנאט ניט אויפגעהערט צו רעגנענען, האָב איך זי ביז אהער נאָך נישט געזעהען. אָבער גלייך האָב איך בעמערקט, אז זי איז נישט פון דעם אנשטענדיגען סאָרט. צוערשט האָט מיר אָבגעעקעלט פון איהר און עס האָט מיר פער־דראָסען, וואס זי איז געזעסען ביים פענסטער גראד אזוי ווי איך, אָבער דערנאָך האָט מיך גענומען אמוזירען זי צו בעטראכטען.

זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די עלענבויגענס אָן דאָס פענס־טער־ברעט און גענומען מאכען חן'דלעך צו די מענער, און די מענער פון זייער זייט, האָבען זי אלע בעטראכט, אָדער כמעט אלע. עס האָט געשיינט, אז עפּעס צווינגט זיי, צוקומענדיג צום הויז, אויף איהר אויפמערקזאם צו ווערען. עפעס ווי זיי וואָלטען זי דערשפּירט, ווי הינד די חיה, ווייל זיי האָבען פלוצים אויפגעהויבען דעם קאָפּ און דורכגעוואָרפען זיך מיט איהר מיט א שנעלען, געהיימען בליק, ווי צווישען מאַסאָנען. איהר בליק האָט געפרעגט: „ווילסט?“

און דער בליק פון די הערערן האָט געענטפערט: „קיין צייט נישטאָ“, אדער: „אָן אנדערס מאָל“ — אָדער: „קיין געלד נישטאָ“ — אָדער: „טראָג זיך אָב, דו אויסגעלאָסענע“. דאָס לעצטע האָ־בען געזאָגט די פאמיליען־פּאָטערס.

דו קענסט זיך גאָר נישט פאָרשטעלען, ווי קאָמיש עס איז גע־ווען זיך צוצוקוקען, ווי זי פיהרט איהר געשעפט.

מאנכעס מאָל האָט זי שנעל דאָס פענסטער פערמאכט און דאן האָב איך געזעהן, אז א מאַן איז אין איהר הויז אַוועק. זי האָט איהם געכאפּט, ווי א פישער כאפּט מיט זיין האַטשיק א פישעל. דאָ האָב איך א קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער. זיי זיינען געבליבען

מיט איהר פון צוועלף ביז צוואנציג מינוטען, קיינער ניט מעהר. די דאָזיגע שפּין האָט מיר צום סוף אויף אַן אמת שפּאַס געמאַכט. און דערצו מוזטו וויסען, אַז זי איז געווען גאָר נישט קיין מיאוס'ע...

איך האָב ביי זיך געפרעגט: ווי אזוי מאַכט זי דאָס, אַז די מענער זאָלען זי אזוי שנעל און אזוי גוט פערשטעהן? מאַכט זי אויסער דעם בליק נאָך עפּעס א צייכען מיט'ן קאָפּ אָדער מיט דער האַנד?

און איך האָב זי גענומען בעאָבאַכטען דורך מיין אָפּערא־גלאָז, אום די געשיכטע קלאָר צו דערגעהן. אָה, עס איז געווען גאַנץ איינפאַך: צוערשט א בליק, דאַן א שמייכעל, דאַן א גאַנץ קליינע בעוועגונג מיט'ן קאָפּ, ווי איינער זאָגט, „קומסטו ארויף?" אָבער אזוי לייכט, אזוי אונבעשטימט, אזוי פיין, אַז מען האָט געדאַרפט זיין זעהר געשיקט אום צו קענען איהר נאָכמאַכען.

דאָ האָב איך זיך געפרעגט, אויב איך וואָלט אויך אזוי גוט געקענט מאַכען דאָס דאָזיגע קליינע צייכען פון אונטען ארויף, פרעך און דאָך אזוי איינפאַך, אזוי נעט. ווארום איך מוז צוגעבען, איהר צייכען איז געווען זעהר נעט.

און איך בין צו צום שפּיעגעל, אום עס צו פּרובען. ליעבסטע פריינדין, איך האָב עס געקאָנט נאָך בעסער פון איהר, פיעל בעסער. דאָס האָט מיך שטאַרק געפרעהט און איך האָב זיך צוריק געזעצט צום פענסטער.

איצט האָט דאָס אָרים בעשעפעניש שוין קיינעם מעהר נישט געכאַפּט, אבער קיין איינעם נישט. זי האָט הפּנים קיין גליק ניט געהאַט. עס מוז זיין מורא'דיג צו פערדיענען זיך דאָס שטיקעל ברויט אויף אַזאַ אופן, מורא'דיג און דאָך, מאַנכעם מאָל גאַנץ קאָמיש. ווארים צווישען די מענער, וועלכע מען זעהט אין גאַס, געפינען זיך צייטענוויז אזעלכע, וואָס זיינען גאָר נישט מיאוס.

איצט זיינען זיי אַלע געגאַנגען אויף מיין זייט גאַס, ווייל די זון האָט זיך אומגעדרעהט. איינער נאָך דעם אַנדערן זיינען זיי פערביי געגאַנגען, יונגע, אַלטע, שוואַרצע, בלאָנדע, גרויע, ווייסע.

צווישען זיי זיינען געווען זעהר שעהנע, ליעבע פריינדין, אָבער

טאקע אמת שעהנע, א סך שעהנערע פון דיין מאן, פון דיין אמאליגען מאן, מיין איך, ווייל דו ביזט דאך פון איהם געשידען. איצט קענסטו דיר דאך אויסקלייבען אן אנדערן.

און איך האב זיך געפרעגט, צו וואלטען זיי מיך פערשטאנען, ווען איך זאל זיי געבען דעם דאזיגען צייכען, איך, וועלכע איז אן אנשטענדיגע פרוי? און דא האט מיך אנגעכאפט א משוגענער פערלאנג, צו מאכען צו זיי דעם דאזיגען צייכען, א פערלאנג, א ברעננענדיגער וואונש, ווי עס פיהלט אמאל א פרוי אין אנדערע אומשטענדען, א מורא'דיגער פערלאנג, וועלכען עס איז אונמעגליך צו ווידערשטעהן. מיט מיר טרעפט עס אמאל. איז דאס נישט צו דום? איך גלויב, אז מיר פרויען האבען אין זיך עפעס פון די אבעזיאנעס. ווען מיר ליעבען אונזער מאן, דאן טהוען מיר איהם אין די ערשטע מאנאטען אלעס נאך, דאן טהוען מיר נאך אונזערע ליעבהאבער, אונזערע חבר'טעס, אויב זיי זיינען נור שעהן, אפילו אונזערע גייסטליכע אויך. מיר נעהמען איבער זייער ארט און ווייזע צו דענקען, זייער ארט רעדען, זייערע אויסדריקע, זייערע בעוועגונגען, אלעס, אלעס. עס איז זעהר נאריש. אגב, ווען מיר פערווילט זיך עפעס זעהר שטארק, דאן האלט איך זיך קיינמאל נים אפ.

איך האב, אלזא, געזאגט צו זיך אליין: לאמיך עס אקארשט פרובען מיט איינעם, נור איין איינציגעס מאל, נור אום צו זעהן, ווי דאס איז. וואס קען דא מיט מיר פאסירען? גאר נישט. מיר וועלען בלויז א שמייכעל טהאן איינער צום אנדערן, ווייטער גאר נישט. איך וועל איהם מעהר קיין מאהל ניט זעהן, און ווען איך זאל איהם אפילו יא זעהן, וועט ער מיך אויך נישט דערקענען, און טאמער דערקענט ער מיך יא, וועל איך פשוט לייקענען.

און איך טהו זיך א נעהם צו זוכען א מאן. איך האב געוואלט אזעלכען, וואס זאל זיין זעהר עלעגאנט און זעהר שעהן. פלוצים האט זיך אויפ'ן וועג בעוויזען א הויכער, בלאנדער הערר, א זעהר שעהנער מענש. איך האב ליעב די בלאנדע, דו ווייסט דאך.

איך קוק איהם אן, ער קוקט מיך אן, איך טהו א שמייכעל, ער טהוט א שמייכעל. איך מאך דאס צייכען, נור לייכט, גאנץ לייכט.

ער טהוט א מאך מיט'ן קאפ אויף „יא" און פלוצים געהט ער אין הויז אריין. ער געהט דורך דער גרויסער הויז־טיר.

דו קאנסט זיך גאר נישט פארשטעלען, וואס איך האב איבער־געפיהלט אין דעם דאזיגען אויגענבליק, איך האב געפיהלט אז איך ווער פערריקט. די אנגסט. שטעל זיך נור פאר, טאמער רעדט ער מיט'ן דיענער, מיט יאזעף'ן, וועלכער איז מיט מיין מאן איין האנד! יאזעף וואלט זיכער געגלויבט, אז איך קען דעם מאן שוין נישט פון איצט אן.

וואס האב איך אלזא געזאלט טהאן? זאג דו אליין, וואס? אין א סעקונדע, אט, גלייך, מוז ער אנקלינגען. נו זאג, אדרבה, וואס האב איך געזאלט טהאן? איך האב געדענקט, אז דאס בעס־טע וועט זיין, איך זאל איהם לויפען אנטקעגען, און איהם זאגען, אז ער האט א טעות געהאט און, אז איך בעט איהם, ער זאל גלייך אוועקגעהן, ער וועט דאן האבען מיטלייד מיט א שוואכער, אן ארי־מער פרוי. איך לויף אלזא צו דער טיר און עפען גראד אין דעם אויגענבליק, ווען ער האט שוין געהאט געוואלט אנקלינגען.

איך האב ארויסגעשטאמעלט אין מורא'דיגער אנגסט:

— איך בעט אייך, געהט אוועק, געהט גלייך, איהר האט א טעות, איך בין אן אנשטענדיגע פרוי, איך בין פערהייראט. עס איז א טעות, א מורא'דיגער טעות. איך האב געמיינט, אז איהר זייט איינער פון מיינע פריינד, צו וועמען איהר זעהט אויס זעהר ענליך. איך בעט אייך געהט, האט מיטלייד מיט מיר.

דא הויבט ער אן צו לאכען און ענטפערט:

— גוט מארגען, קליינע, ווייסטו, דעם וויץ קענען מיר. דו ביזט פערהייראט, נו מילא, דאן קאסט עס צוויי צוואנציג פראנק שטיק מעהר. דו וועסט זיי קריעגען. וויין מיר אקארשט דעם וועג.

און ער שטופט מיך אב אן א זייט, מאכט צו די טיר און אזוי ווי איך בלייב שטעהן פאר איהם א צושראקענע, נעהמט ער מיך ארום, כאפט מיך אן ביי דער טאליע און ציהט מיך אריין אין זאל, וואו די טיר איז געבליבען אפען.

און דאַן קוקט ער זיך אַרום ווי אַן אקציאָנער און זאָגט:
— ווייסטו, ביי דיר איז אָבער שעהן, זעהר שעהן איינגעריכ־טעט. דו מוזט הפנים זיין אויף גרויסענע צרות, אז דו מאַכסט בעקאנטשאפטען דורכ'ן פענסטער.
דאָ הויב איך איהם ווידער אָן צו בעטען:
— איך בעט אייך, געהט אוועק, געהט אוועק פון דאַנען, מיין מאַן קומט גלייך אַהיים, יעדען אויגענבליק קען ער אָנקומען, עס איז איצט גראד זיין צייט. איך שווער אייך, אז איהר האָט אַ טעות.
אָבער ער ענטפערט מיר גאַנץ רוהיג:
— נו, נו מאַך ניט אַזאַ אָנשטעל, ווען דיין מאַן זאָל אַהיים קומען, דאַן שטעק איך איהם אריין עפּעס אין האנד, אום ער זאָל געהן וואו עס איז טרינקען אַ גלאָז ביער.
און ווען ער זעהט אויפ'ן קאַמין ראול'ס פאָטאָגראַפיע, פרעגט ער מיך:
— דאָס איז מסתמא דיין מאַן?
— יאָ, דאָס איז ער.
— מיין גאָט, האָט ער אַ נאַריש פּנים. און ווער איז דען דאָס? דאָס מוז אודאי זיין דיין פריינדין?
דאָס איז געווען דיין פאָטאָגראַפיע אינ'ם באַל־קלייד, דו ווייסט דאָך. איך האָב שוין מעהר ניט געוואוסט, וואָס איך רעד און איך האָב אַרויסגעשטאַמעלט:
— יאָ, דאָס איז מיין פריינדין.
— אָה, דאָס איז אַ פיין שטיקעל סחורה, מיט איהר מוז איך בעקענט ווערען.

און דאָ הויבט אָן דער זייגער איבער'ן קאַמין צו שלאָגען פינף, און ראול קומט אַלע טאָג אום האַלב זעקס אַהיים. ווען ער זאָל אָנקומען איידער דער אַנדערער איז אוועק, טהו אָקאָרשט אַ טראַכט, וואָס דערפון קען ארויסקומען — און דאָ... דאָ... האָב איך דעם קאָפּ פערלאָרען... אין גאַנצען פערלאָרען... מיר איז דאַן איינגעפאַ־לען... איך האָב אַ טראַכט געטהאָן... אז דאָס בעסטע וואָלט זיין... אום פון דעם דאָזיגען מענשען פּטור צו ווערען... אזוי שנעל ווי מעג־

ליך... וואס שנעלער עס וועט זיין פאריבער... ווייסטו... דו פער־שטעהסט שוין, וואס איך מיין... און דא... דא... ווייל עס האט דאך געמוזט אזוי זיין... ער וואלט דאך אנדערש ניט אוועקגעגאנגען... קורץ, דא האב איך... דא האב איך די טיר פונ׳ם זאל צוגעריגעלט... און... אזוי האט עס פאסירט...

די קליינע מארקיזע פאן רענעדראן האט אריינגערוקט דעם קאפ אין איהרע קישענס און גענומען לאכען, אבער אזוי משוגע, אז דאס גאנצע בעט האט זיך געטרייסעלט.

אז זי האט זיך אביסעל בערוהיגט, האט זי געפרעגט:

— איז ער געווען א שעהנער?

— אה, יא.

— און דו בעקלאגסט זיך נאך?

— נו, יא, יא, ווייסטו, ווייל ער האט געזאגט... אז ער וועט מארגען ווידער קומען, אין דער אייגענער צייט... און איך, איך האב שרעקליך מורא... דו האסט קיין אהנונג ניט, ווי רייצענד ער איז... און וואס פאר א קראפט.... וואס פאר אן ענערגיע... וואס זאל איך איצט טהאן? נו, זאג מיר אקארשט, וואס זאל איך טהאן?

די קליינע מארקיזע האט זיך אויפגעזעצט אין בעט, אום נאכ־צוטראכטען, דאן האט זי קורץ ערקלעהרט:

— לאז איהם ארעסטירען.

די קליינע באראנעסע איז געווארען צומישט. זי האט גענומען שטאמלען:

— וואס מיינסטו? וואס מיינסטו דען? איהם לאזען ארעס־טירען? אויף וואס פאר א גרונד?

— אה, דאס איז זעהר איינפאך, דו געהסט אוועק אין פאליציי, און זאגסט, אז זייט דריי טעג, ווי א מאן פערפאלגט דיך, אז ער האט נעכטען געהאט די פרעכהייט ארויפצוגעהן צו דיר אין הויז, אז ער האט דיר געלאזט וויסען, אז מארגען קומט ער ווידער מיט א וויזיט און, אז דו פערלאנגסט דאס געזעץ זאל דיך בעשיצען. דאן וועט מען דיר מיטגעבען צוויי פאליסלייט, אום איהם צו ארעסטי־רען.

— אָבער, ליעבע פריינדין, ווען ער דערצעהלט...

— ביזטו דען אזא נאר? מען וועט עס איהם דאָך ניט גלויבען, ווען דו האָסט אין דער פּאָליציי דיין געשיכטע קלוג דערצעהלט, דאַן וועט מען דאָך דיר גלויבען, דיר, א דאמע פון דער הויכער געזעלשאפט, וועלכער קיינער האָט גאָר נישט וואס אויפצוּווארפען.

— ניין, דאָס וועל איך קיין מאָל נישט ריזיקירען.

— ליעבעס קינד, דו מוזט עס וואגען, אז נישט ביזטו פערלאָרען.

— שטעל זיך אָבער פאָר, ער קען דאָך מיך בעליידיגען, ווען מען וועט איהם ארעסטירען.

— איז אודאי גוט, דאַן וועסטו האָבען עדות און וועסט איהם לאָזען פעראורטהיילען.

— פעראורטהיילען? צו וואס?

— אויף שאדען־ערזאץ. אין אזעלכע פעלע מוז מען זיין אונבארימהערציג.

— אָך, אזוי, אויף שאדען ערזאץ? אָבער דו ווייסט, עטוואס שטעהט מיר אין וועג און שטערט מיר זעהר, אָבער טאקע זעהר שטארק. ער האָט פאר מיר איבערגעלאָזט אויף א ברעג פונ׳ם קאַמין צוויי צוואנציג פראנק שטיק.

— צוויי?

— יא.

— מעהר נישט?

— ניין.

— דאָס איז ווייניג, מיך וואָלט דאָס פערדראָסען. אלזא?

— יא, וואס אלזא זאָל איך מיט דעם געלד טהאָן?

די קליינע מארקיזע האָט א ווײלע נאָכגעטראכט, דאַן האָט זי מיט אן ערענסטער מינע געזאָגט:

— ליעבעס קינד, ווייסטו, דו מוזט... דו מוזט... פאר דאָס געלד קויפען דיין מאַן עפּעס א קלייניגקייט צום אנדענקען... דאָס איז נישט מעהר ווי רעכט.

# א געזעלשאפט.



אכטמייסטער באראזשאו האט געקריגען אורלויב אויף אן אכט־טאג, און ער איז אוועקגעפאהרען צו זיין שוועסטער מאדאם פאדאיע.

באראזשאו איז געשטאנען אין רעננעס אין גאר־ניזאן. ער האט דארט געפיהרט א גאנץ לוסטיג לע־בען. אבער איצט איז ער געווען אויף צרות, ווייל זיינע קעשענעס זיינען געווען גאנץ פוסט, און אזוי ווי ער האט געלעבט שלעכט מיט זיינע עלטערן, האט ער געשריבען צו דער שוועסטער, אז ער וועט ביי איהר פערברענגען זיין פרייע וואך. ער האט ניט שטארק ליעב געהאט די שוועסטער זיינע, א קליין, פרום, מאראל פרעדיגענדע, אימער צורייצטע ווייבעל. אבער ער האט געדארפט האבען געלד, האט עס געדארפט נויטיג ווי לעבען און ער האט זיך דערמאנט, אז צווישען אלע זיינע קרובים זיינען די פאדאיעס געווען די איינציגע, ביי וועמען ער האט נאך ניט ארויסגעצויגען עפעס געלד.

פאטער באראזשאו, א פריהערדיגער גערטנער, וועלכער האט איצט קיין געשעפט ניט געהאט, האט פאר זיין לייכטזיניגען זוהן פערשלאסען זיין בייטעל און האט איהם זייט צוויי יאהר ניט גע־וואלט אנקוקען. די טאכטער האט געהייראט מיט פאדאיע'ן, א פריהערדיגען פינאנץ בעאמטען, וועלכער איז איצט געווען א שטייער־קאלעקטאר אין וואנעס.

ארויס פון וואגאן, האט באראזשאו זיך געלאזט פיהרען צו זיין שוואגער'ס הויז. ער האט איהם געפונען אין זיין ביורא ביי אן אונטעררעדונג מיט פויערים פון דער נאכבארשאפט. פאדאיע איז אויפגעשטאנען פון זיין שטוהל, האט איהם דערלאנגט די האנד

איבער דעם טיש פול מיט פאפירען און אויסגעברומט: — זעץ זיך א ווײלע, איך ווער באלד פארטיג. — דאן האט ער זיך ווידער געזעצט און ווײטער פערהאנדעלט מיט די לײטע.

די פויערן האבען ניט פערשטאנען די טענות פון דעם שטײערן קאלעקטאר, און דער שטײערן קאלעקטאר האט ניט פערשטאנען זײערע טענות. ער האט גערעדט פראנצויזיש, די אנדערע — ברעטאניש, און דער בעאמטער, װעלכער איז כלומרשט געװען דער דאלמעטשער, האט, ווי עס שײנט, בײדען ניט פערשטאנען.

די געשיכטע האט געדױערט לאנג, לאנג. באראזשאו האט אנגעקוקט זײן שװאגער און געטראכט: איז דאס א ביסעל א בע־שעפעניש!

פאדאיע האט געמוזט זײן א יאהר פופציג. ער איז געװען הויך, מאגער, בײנערדיג, האאריג; געדיכטע לאנגע ברעמען זײנען איהם איבער די אויגען אריבערגעפאלען, ווי בינטלאך וואל. ער האט געטראגען א זײדענע היטעלע מיט גאלדענע שטרײפען און האט געקוקט ארום זיך מיט צופרידענע בליקען, ווי ער האט אלעם געטהאן צופרידענערהײט. ער האט גערעדט לאנגזאם, האט זיך בעװעגט לאנגזאם און זײנע געדאנקען זײנען געװען לאנגזאם.

באראזשאו האט נאך אמאל א טראכט געטהאן: אט דאס איז א ביסעל א בעשעפעניש!

ער אלײן איז געװען א לעבעדיגער יונג, פאר װעמען דאס גרעסטע גליק אין לעבען איז בעשטאנען אין א קאפע און א פרעה־ליכער מײדעל. אויסער די דאזיגע בײדע הויפטזאכען האט פאר איהם דאס לעבען קײן אנדער אינטערעס ניט געהאט. אונוויסענד, חוצפה׳דיג און גראב, האט ער ארונטערגעקוקט מיט פעראכטונג אויף דער גאנצער װעלט און אלע מענשען.

װען פאדאיע איז פארטיג געװארען מיט די פויערן, האט ער געפרעגט:

— װי געהט עס דיר?

— װי דו זעהסט, ניט שלעכט. און דיר?

— גאנץ גוט, א דאנק. עס איז זעהר שעהן פון דיר, וואס דו האסט זיך אן אונז דערמאנט און ביזט געקומען אונז בעזוכען.

— איך האב עס שוין לאנג געוואלט טהאן, אבער דו ווייסט דאך, אז מען דיענט אין מיליטער, קריעגט מען ניט אימער אורלויב.

— א, איך וויס, איך וויים. יעדענפאלס איז עס זעהר שעהן.

— און ווי געהט עס יאזעפינען?

— גוט, גוט, א דאנק. דו וועסט זי שפעטער זעהן.

— וואו איז זי דען?

— זי מאכט וויזיטען. מיר האבען דא א סך בעקאנטע, און עס איז אין אלגעמיין זעהר א שעהנע שטאדט.

— איך האב אויך אזוי גערענקט.

אבער די טיר האט זיך געעפענט און מאדאם פאדאיע איז אריין. זי איז, ניט איילענדיג זיך, צוגעגאנגען צו איהר ברודער, איהם אויסגעשטעלט די באקען און געזאגט:

— ביזט שוין לאנג דא?

— ניין, ביי א האלבע שטונדע.

— אך, און איך האב גערענקט, אז דער צוג וועט זיך פער־שפעטיגען. ווילסטו אריינגעהן אין סאלאן?

זיי זיינען אריין אין א צווייטען צימער און האבען איבער־געלאזט פאדאיע'ן מיט זיינע פאפירען און ציפערן.

אזוי שנעל ווי זיי זיינען געבליבען אליין, האט זי זיך אב־גערופען:

— איך האב פון דיר געהערט שעהנע געשיכטען.

— וואס מיינסטו?

— ווי עס שיינט, פיהרסטו זיך אויף זעהר שעהן; שיכור'סט, מאכסט אן שולדען.

ער האט זיך געמאכט, ווי ער וויים ניט פון וואס צו זאגען:

— איך? עס הויבט זיך גאר ניט אן.

—לייקען עס ניט, איך וויים אלעס.

ער האט זיך נאך אמאל פרובירט פערטהיידיגען, אבער זי האט איהם פערמאכט דאס מויל מיט אזא מענה־לשון, אז ער האט געמוזט אנשוויגען ווערען. דאן האט זי געזאגט:

— מיר עסען זעקס א זייגער, ביז דאן ביזטו פריי. איך קען מיט דיר ניט פערברענגען, ווייל איך האב א מאסע צו טהאן.

ווען ער איז געבליבען אליין האט ער זיך ניט געקענט קיין עצה געבען, צי ער זאל זיך לייגען שלאפען, אדער זאל געהן שפא־ציערען. ער האט געקוקט דא אויף דער טיר, וואס פיהרט אין זיין צימער און דא אויף דער צווייטער, וואס פיהרט צו דער גאס צו. צום סוף האט ער זיך בעשלאסען צו געהן אין גאס.

ער איז אוועק און לאנגזאם ארומגעבלאנקעט איבער דער טרויעריגער ברעטאנישער שטאדט, וועלכע איז געווען אזוי רוהיג, אזוי פערשלאפען, אזוי טויט. ער האט געקוקט אויף די קליינע, גרויע הייזער, אויף די עטליכע פארביינעהער, אויף די לעדיגע געשעפטען און געברומט פאר זיך: — ווי עס שיינט איז וואננעס ניט גאר קיין פרעהליכע שטאדט. עס איז געווען א פעררייקטע אידעע צו קומען אהער־צו.

ער איז אוועק צום האפען, וועלכער איז אויך געווען טרויעריג און האט זיך אומגעקעהרט דורך א שרעקליך אומעדיגע, איינזאמע גאס, און פאר פינף איז ער שוין געווען צוריק אין דער היים. ער האט זיך אריינגעווארפען אין בעט כדי צו שלאפען ביז צום עסען.

דאס דיענסטמיידעל האט אנגעקלאפט אין טיר און איהם אויפגעוועקט:

— דער טיש איז געגרייט!

ער איז ארונטערגעגאנגען.

אין דעם פייכטען עס־צימער, וועמעס טאפעטען עס זיינען גע־ווען אבגעבליאקירט און זיינען אבגעשטאנען פון די ווענט, האט אויף א רונדען טיש אהן א טישטוך געווארט א שיסעל זופ מיט דריי איינזאמע טעלער.

הערר און מאדאם פאדאיע זיינען אריין אין איין צייט מיט באראזשאו'ן.

מען האט זיך געזעצט. מאן און ווייב האבען געמאכט א קרייץ איבער'ן ברוסט, דאן האט פאדאיע גענומען טהיילען די זופ.

די זופ איז געווען א גערייכטע. נאכדעם האט מען דערלאנגט רינדפלייש, צו פיעל אויסגעקאכט, צו פעט און ס'איז צופאלען אויף די טעלער. דער אונטעראפיציער האט עס געקיים לאנגזאם, מיט עקעל, מיעד און פול פערצווייפלונג.

מאַדאַם פּאַדאָיע האָט זיך אָבגערופן צו איהר מאַן:

— געהסטו היינט ביי נאַכט צום פּרעזידענט?

— יאָ, מיין ליעבע.

— פערברענג דאָרט ניט צו לאַנג, דו ווערסט מיעד יעדעס מאָל, ווען דו געהסט אַוועק. דו, מיט דיין שוואַכען געזונד, ביזט ניט געשאַפן פאַר געזעלשאַפט.

דאַן האָט זי גענומען רעדען פון דער געזעלשאַפט פון וואַנ־נעס, פון דער אויסגעצייכענטער געזעלשאַפט, אין וועלכער זיי ווע־רען אויפגענומען מיט גרויס אַכטונג, א דאַנק זייער פרומקייט.

דאַן האָט מען דערלאַנגט צוריבענע קאַרטאָפעל מיט קאַלטע פליייש לכבוד דעם גאַסט.

דאַן קעז, דערמיט האָט זיך דאָס עסען געענדיגט. קיין קאַפע איז ניט געווען.

ווען באַראַזשאַו האָט דערזעהן, אַז ער וועט מוזען פערברענגען דעם אָבענד מיט זיין שוועסטער אַליין, וועט מוזען אויסהערען איהרע פּאַראָווירפע, איהרע טענות און דרשות און וועט ניט קריגען אַפילו א גלעזעל שנאַפּס מיט וואָס זיי צו פערטרינקען, האָט ער דערפיהלט, אַז ער וועט עס ניט קענען אויסהאַלטען און האָט ער־קלעהרט, אַז ער מוז געהן אין דער פּאָליציי, אום דאָרט עפּעס צו ברייננגען אין אָרדנונג וועגען זיין אורלויב.

א זייגער זיעבען האָט ער זיך אַרויסגערוקט.

ווי נאָר ער איז געשטאַנען אויף דער גאַס, האָט ער זיך אָב־געטרייסעלט, ווי א הונד וועלכער קומט פון וואַסער אַרויס, און געברומט: — דער טייפעל זאָל מיך נעהמען, דער טייפעל זאָל מיך נעהמען, וואו איך בין דאָס אַריינגעפאַלען!

און ער איז אַוועק זוכען א קאַפע, דעם בעסטען קאַפע אין שטאָדט. אויף א פּלאַץ, בעלויכטען פון צוויי גאַז לאַנטערנעס, האָט ער געפונען וואָס ער האָט געזוכט. אינעווייניג זיינען געזעסען פינף אָדער זעקס מענער, האַלב־דזשענטעל־לייט מיט טעמפּע פּנימ־ער, און האָבען געטרונקען און שטיל גערעדט, אָנשפּאַרענדיג זיך אויף די קליינע טישלאַך, וועהרענד צוויי ביליאַרד־שפּיעלער זיי־נען געשטאַנען אַרום דעם גרינעם טיש און געשפּיעלט ביליאַרד.

מען האָט געהערט זייערע שטימען צעהלענדיג:—אכטצעהן— נײנצעהן — אַ! דאָס איז גאָרנישט. פיין! גוט געשפּילט. — איהר מוזט שפּיעלען מיט דעם רויטען. — צוואַנציג — צוועלף. בין איך ניט געווען גערעכט?

באַראַזשאַו האָט בעשטעלט שווארצען קאפע און אַ שנאַפּס. אָבער פון דעם בעסטען!

דאַן האָט ער זיך געזעצט און געוואַרט ביז מען האָט עס איהם געבראַכט.

ער איז געווען געוועהנט צו פערברענגען די אבענדען מיט זיינע קאַמעראַדען אין טומעל און געפּילדער אין אַ צימער פול רויך פון זייערע ליולקעס. די שטילקייט און די רוהיגקייט האָט איהם געמאַכט פערצווייפעלט. ער האָט גענומען טרינקען פריהער די קאַפע, דאַן זיין שנאַפּס, איינעם און אַ צווייטען. איצט איז איהם געוואָרען פרעהליכער. עס האָט זיך איהם פערוואָלט לאַכען, שרייען, זינגען, אימעצען שלאָגען.

ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין: נו, איצט איז שוין נישקשה, מען קאָן נאָך לעבען. היינט ביי נאַכט מוז איך זיך אַמוזירען. און גלייך איז איהם געקומען אויף די געדאַנקען, אויפצוזוכען אַ פּאָאַר מיידלאַך, אום זיך מיט זיי צו אונטערהאַלטען.

ער האָט אַ רוף געטהאָן דעם קעלנער:

— העי, קעלנער!

— וואָס פערלאַנגט איהר?

— זאָגט מיר נאָר, הערר קעלנער, וואו אַמוזירט מען זיך דאָ?

ביי דער דאָזיגער פראַגע האָט דער מאַן געמאַכט אַ נאַריש פּנים און געענטפערט:

— איך ווייס ניט, מיין הערר... מאַנכע קומען אַהער.

— וואָס, אַט דאָ? וואָס הייסט ביי דיר זיך אַמוזירען?

— איך ווייס ניט, מיין הערר, טרינקען גוטען ביער אָדער גוטען וויין.

— נו, הער אויס, אַלטער עזעל, זיינען דען דאָ נישטאָ קיין מיידלאַך?

— מיידלאַך? אַך אַזוי, אַזוי גאָר!

— יא, זיינען דא פאראן מיידלאך?

— מיידלאך?

— נו יא, יא, מיידלאך.

דער קעלנער איז צוגעקומען נעהענטער צו איהם און געזאגט שטיל:

— איהר מיינט אודאי דאס הייזעל, וואו עס געפינט זיך?

— יא, געוויס.

— די צווייטע גאס לינקס און דאן די ערשטע רעכטס, נומער פופצעהן.

— א דאנק, מיין אלטער; אט דאס איז פאר דיר.

— א דאנק, מיין העךר.

און באראזשאו איז ארויס, איבער׳חזר׳ענדיג פאר זיך: — די צווייטע און די ערשטע רעכטס, נומער פופצעהן. אבער אין א פאר סעקונדען האט ער א טראכט געטהאן: די צווייטע לינקס, דאס שטימט שוין, אבער ווי דארף מען געהן ארויסקומענדיג פון קאפעי, רעכטס אדער לינקס? איך וויים, מיר וועלען שוין זעהן.

און ער איז אוועק ווייטער, האט זיך פערקירעוועט אין דער צווייטער גאס לינקס, דאן אין די ערשטע רעכטס און גענומען זוכען דעם נומער פופצעהן. עס איז געווען א גרוים הויז, וועמעס בעלויכטענע פענסטער מען האט געקענט זעהן דורך די לאדען אויף׳ן צווייטען שטאק. די טיר איז געווען האלב אפען און אין פאר־הויז האט געברענט א לאמפ.

דער אונטעראפיציער האט א טראכט געטהאן:

— דא איז עס.

ער איז אריין אינעווועניג, און אזוי ווי קיינער האט זיך ניט געוויזען, האט ער א רוף געטהאן:

— הע, וואו זייט איהר דארט?

א קליין דיענסטמיידעל איז אריינגעקומען און איז געבליבען שטעהן צושראקען, ווען זי האט דערזעהען דעם סאלדאט. ער האט געזאגט:

— א גוטען אבענד, מיין קינד. זיינען די דאמען אויבען?

— יא.

— אין זאאל?

— יא.

— איך האב נאר ארויפצוגעהן די טרעפ?

— יא.

— די טיר איז גלייך אנטקעגנען?

— יא.

ער איז ארויף אויבען, געעפענט א טיר און האט דערזעהן אין א העל בעלויכטענעם זאאל פיער דעקאלטירטע דאמען, וועלכע האבען געשיינט אויף עמיצען צו ווארטען.

דריי פון זיי, די אינגערע, זיינען געזעסען אויף רויטע סאַ־מעטענע שטולען מיט געמאכטע שמייכלען אויף זייערע ליפען, די פיערטע, א יאהר פינף און פיערציג אלט, האט אריינגעשטעקט בלומען אין א וואזע. זי איז געוועזן זעהר דיק און האט געטראגען א גרינע זיידענע קלייד, פון וועלכער עס האבען ארויסגעקוקט איהרע שטארקע, מעכטיגע ארעמס און דער ריעזיגער בוזעם, ווי א בלום צווישען בלעטער.

דער אונטער־אפיציער האט זיי בעגריסט:

— גוטען אבענד, מיינע דאמען.

די אלטע האט זיך ערשטוינט אומגעקוקט, האט זיך אבער א נייג געטהאן און געענטפערט:

— גוטען אבענד.

ער האט זיך געזעצט.

דערזעהן, אז מען נעהמט איהם ניט אויף אזוי בעגייסטערט, האט ער א טראכט געטהאן, אז אהער קומען הפנים נאר אפיצירען, און דער דאזיגער געדאנק האט איהם אביסעל בעאונרוהיגט. אבער ער האט געזאגט צו זיך אליין: אך, איך וועל שפעטער דאגה'נען, טאמער קומען אפיצירען וועל איך דאן זעהן וואס איך האב צו טהאן. און ער האט געזאגט:

— נו, ווי געהט עס אייך עפעס?

די דיקע פרוי, הפנים די בעל־הבית'טע, האט געענטפערט:

— זעהר גוט, א דאנק.

דאַן האָט ער ניט געוואוסט וואָס מעהר צו זאָגען, און אַלע זיינען אַנשוויגען געוואָרען.

אָבער צום סוף האָט ער זיך פערשעהמט פאר זיין ניט־דרייסט־קייט און גענומען לאַכען צומישט:

— וואָס איז דאָס? איהר אַמוזירט זיך גאָר ניט? איך טראַקטיר אייך מיט אַ פלאַש וויין.

ער האָט קוים צייט געהאַט צו ענדיגען דעם זאַץ, ווי די טיר האָט זיך געפענט און פּאַהאָיע, אין אַ שוואַרצען פראַק, איז אין צימער אריין.

דאַ האָט באַראַזשאַו ארויסגעלאָזט אַ פריידענסגעשריי, איז אויפגעשטאַנען, געלאָפען זיין שוואָגער אַנטקעגען, איהם אַרומגע־נומען, גענומען מיט איהם טאַנצען איבער'ן זאַאַל און געשריען:

— אָט איז פּאַדאָיע, אָט איז פּאַדאָיע! אָט איז פּאַדאָיע!...

דאַן האָט ער איינגעלאָזען דעם צושראָקענעם און ערשטוינטען שטייער־קאָלעקטאָר און גענומען טענה'ן צו איהם:

— האַ, האַ! אַזוי גאָר, אַלטער חברה־מאַן! דו שלעפּסט זיך אַלזאָ אויך ארום וואו עס איז פרעהליך, אַלטער בעל־עברה'ניק דו, און מיין שוועסטער לאָזטו זיצען אין דערהיים... שעהן, זעהר שעהן!

איהם איז איינגעפאַלען, וואָס פאַר אַ נוצען ער קען האָבען פון דער בעגעגעניש אויף דעם דאָזיגען פּלאַץ, אַז דער אַנדערער וועט איהם איצט מוזען לייהען געלד, אַז ער, דער פרומער שוואָ־גער זיינער, וועט זיך איצט בשום אופן ניט קענען ארויסדרעהען פון זיינע הענד. און ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אין דער גאַנ־צער לענג אויף דער זאָפע און גענומען לאַכען אַזוי מורא'דיג, אַז דאָס גאַנצע מעבעל האָט געקראַכט.

די דריי יונגע דאַמען האָבען אַלע מיט אַ מאָל אַ שפּרונג גע־טהאָן און זיינען אַנטלאָפען, בעת די אַלטע האָט אָבגעטראָטען ביז צו דער טיר, בערייט צו פאַלען אין חלשות.

נאָך צוויי העררען זיינען אריינגעקומען, ביידע אין פראַקען מיט אָרדענס אויף דער ברוסט. פּאַדאָיע האָט זיך אַ וואָרף גע־טהאָן צו זיי:

— אך, הערר פרעזידענט, ער איז משוגע, דאס איז דאך א משוגענער. מען האט איהם צו אונז געשיקט, ער זאל זיך ביי אונז אביסעל פאפראווען. איהר זעהט דאך, אז ער איז משוגע.

באראזשאו האט זיך אויפגעהויבען. ער האט נאך ניט בע־גריפען וואס דא טהוט זיך, אבער ער האט זיך פלוצים אנגעשטוי־סען אז ער איז בעגאנגען עפעס א גרויסע נארישקייט. ער איז אויפגעשטאנען און זיך געווענדעט צו זיין שוואגער:

— וואו געפינען מיר זיך דען?

אבער אויף פאדאיע'ן איז פלוצים אנגעפאלען א משוגענער כעס און ער האט גענומען אויף איהם שרייען:

— וואו? וואו? וואו? אונגליקליכער, מיאוסער שופט! וואו מיר זיינען? ביי דעם פרעזידענט! ביי דעם פרעזידענט לומפ!...



# איינזאַמקייט





אָס איז געווען נאָך אַ מאַנסבילשען דינער. מיר זיינען געווען זעהר פרעהלאָך און איינער פון די געסט, מיינער אַן אַלטער פריינד, האָט מיך געפרעגט:

— קומסטו מיט איבער דער עוועניו פון טשאַמפּס עליזעעס, אָבער צופוס?

— מיר האָבען זיך אויפגעהויבען און זיינען אוועק מיט לאַנגזאַמע טריט איבער דער לאַנגער פּראָמענאַדע אונטער די בוימער, וועלכע האָבען זיך ערשט אָנגעהויבען צו בעדעקען מיט דאָס ערשטע גרינס.

עס האָט זיך ניט געהערט קיין טומעל, נור דער אונבעשטימטער, שטענדיגער זשומען פון פּאַריז. אַ פרישער ווינד האָט געבלאָזען אונז אין פּנים און אַ ים מיט שטערן האָט דעם שווארצען הימעל ווי מיט גאָלד בעשטויבט.

מיין בעגלייטער האָט געזאָגט:

— איך ווייס ניט פאַרוואָס, אָבער ביינאַכט אָטהעם איך לייכטער. איך האָב אַ געפיהל, ווי מיינע געדאַנקען וואָלטען טיעפער, ברייטער געוואָרען. מאַנכעס מאָל טהוט מיר עפּעס אַ געדאַנק אַ בליץ אין מוח און אויף אַ סעקונדע דאַכט זיך מיר, אַז איך דערגעה צום גרונד פון אַלע זאַכען, אַלע פראַגען; באַלד אָבער לעשט זיך דער בליץ אויס. אַלעס ווערט ווידער ווי פריהער.

פון צייט צו צייט האָבען מיר ארום די הייזער געזעהן צוויי געשטאַלטען פארביישוועבענדיג. מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען אַ באַנק, וואו צוויי ווזענס זיינען געזעסען זייט ביי זייט, ווי איין דונקעלער שאָטען.

מיין בעגלייטער האָט געזאָגט:

— אָרימע מענשען! מיך עקעלט עס קיינמאָל ניט; עס ערוועקט נור אין מיר אַ אונענדליכען מיטלייד. אונטער אַלע וואונדער פון'ם מענשליכען לעבען איז דאָ נור איינס, וואָס ריהרט מיך טיעף. איך דענק, דער גאַנצער עלענד, די אַלע יסורים פון אונזער עקזיסטענץ קומט נור דערפון, וואָס מיר זיינען אימער אליין, און אַלע אונזערע פערזוכען, אַלע אונזערע בעמיהונגען און שטרעבונגען האָבען נור איין צוועק — צו אַנטלויפען פון דער איינזאַמקייט. דאָס פערליעבטע פּאָאָר'ל אָן דאָרט אויף דער באַנק אונטער'ן פרייען הימעל זוכט, ווי מיר אַלע, נור די דאָזיגע אייביגע איינזאַמקייט כאָטש אויף איין מינוט צו פערטרייבען. אָבער זיי בלייבען אליין און וועלען אימער אליין בלייבען, זיי און מיר אַלע.

מאַנכעס מאָל פיהלט מען עס מעהר, מאַנכעס מאָל ווייניגער.

פון אַ געוויסער צייט אָן האָב איך דערפיהלט דעם גאַנצען שרעק פון דער אימה'דיגער איינזאַמקייט, אין וועלכער איך לעב און איך וויים, אז קיין זאַך קען דאָ ניט העלפען, קיין זאַך, דו הערסט! וואָס מיר זאָלען ניט זאָגען און טהאָן, ווי אונזער הארץ זאָל זיך ניט בעמיהען, וואָס אונזערע ליפּען זאָלען ניט זאָגען, ווען אפילו אונזער אָרעם לייגט זיך אויף אַ האלז ארויף, מיר זיינען דאָך אימער אליין.

איך האָב דיך היינט בייגאַכט מיטגעשלעפּט, ניט אום צו געהן אהיים, וואָרים די איינזאַמקייט פון מיין וואָהנונג מוטשעט מיך צו שטאַרק. אָבער וואָס קען עס מיר איצט העלפען: איך רעד צו דיר, דו הערסט מיך אויס, אָבער דאָך זיינען מיר ביידע, הגם מיר געהען זייט ביי זייט, אליין, פארשטעהסטו מיך?

גליקליך זיינען די, וועלכע זיינען גייסטיג אָרעם, זאָגט די הייליגע שריפט. זיי האָבען נאָך דעם גלויבען אין גליק, זיי פיהלען ניט אונזער איינזאַמען עלענד, זיי בלאָנדזשען ניט, ווי איך אין לעבען ארום, אָהן וועלכע ניט איז אנדערע בעריהרונג אויסער מיט די עלענבויגענס, אָהן וועלכע ניט איז אנדערע פרייד אויסער די עגאָאיסטישע בעפרידיגונג צו פערשטעהן, צו זעהן, צו ליידען אָהן אַ סוף און בעוואוסטזיניג פיהלען די אייביגע איינזאַמקייט.

דו מיינסט הפּנים, אַז איך בין משוגע.

הער אויס.

זייט איך האָב די איינזאַמקייט פון מיין נשמה ענטדעקט, דאַכט זיך מיר, ווי איך וואָלט יעדען טאָג טיעפער אין און אונטער־ערדישען געוועלב איינגעדרונגען, וועמעס וועגט איך קען ניט גע־פינען און איך וויים ניט ווי גרוים עס איז, אפשר איז עס גאָר אונ־ענדליך. גאַנץ אליין, אָהן וועמען עס איז אַרום זיך, אָהן דעם, אז עפּעס אַן אַנדערער זאָל איבער דער זעלבער גאַס געהן, שטייג איך אַרונטער. דאָס דאָזיגע טיעפע געוועלב איז דאָס לעבען. פון צייט צו צייט הער איך שטימען, גערויש, רופען, איך טאַפּ מיין וועג פאַרוועררטס אנטקעגען די אונבעשטימטע גערוישען, אָבער איך וויים קיין מאָל ניט פון וואַנען זיי קומען, איך טרעף קיין מאָל ניט אַן קיין אַנדער מענשען, איך פיהל קיין מאָל ניט אימיצענס האַנד אין דער פינסטערניש, וועלכע רינגעלט מיך אַרום. פאַרשטעהסטו מיך?

נור עטליכע מענשען האָבען וועגן ניט וועגן עטוואָס פון די דאָזיגע מורא׳דיגע יסורים דערפיהלט.

מוסעט האָט אין אַזאַ מינוט אויסגערופען:

„ווער קומט, וואָס רופט מיין נאָמען?

קיין מענש! איך בין אליין, דער זייגער קלאַפּט...

אָ, איינזאַמקייט! אָ, אָרעמקייט!...“

אָבער ביי איהם איז דאָך דאָס בלויז געווען א פאַרבייגעהענ־דיגער צווייפעל און ניט קיין אונבעדינגטע געוויסהייט ווי ביי מיר. ער איז געווען א דיכטער, ער האָט באַפעלקערט דאָס לעבען מיט זיינע טרוים געשטאַלטען. אין גאַנצען אליין איז ער קיין מאָל ניט געווען; איך בין אליין.

האָט גוסטאַוו פלאָובער, איינער פון די גרעסטע אונגליקליכע אויף דיעזער ערד, ווייל ער איז איינער פון די ליכטיגע שטערן געווען, ניט געשריעבען צו א פריינדין די דאָזיגע פערצווייפעלטע ווער־טער: „מיר זיינען אַלע אין א וויסטעניש, קיינער פערשטעהט ניט דעם אַנדער׳ן“.

ניין, קיינער פערשטעהט ניט דעם אַנדערן, וואָס מען זאָל ניט דענקען און וואָס מען זאָל ניט טהאָן. וויים די ערד דאָ אונטען, וואָס עס טהוט זיך אויבען אויף די שטערן, וועלכע זיינען ווי פייער־

דיגע זוימען איבער׳ן הימעל צושאָטען? זיי זיינען אזוי ווייט פון אונז, אַז מיר זעהען בלויז דאָס ליכט פון איינצעלנע, בעת די אונצעהליגע מאַסע פון די איבעריגע ווערען פערלאָרען אין אייביגען רוים, הגם זיי שטעהען אפשר נאָהענט איינער צום אַנדערען און בילדען איין גאַנצעס, ווי די טהיילען פון איין קערפּער.

— נו, אלזאָ, דער מענש וויים ניט מעהר וואָס עס טהוט זיך אין דער נשמה פון אַן אַנדער מענשען, ווי דאָס, אַז מיר זיינען ווייטער איינער פון דעם אנדער׳ן ווי די דאָזיגע שטערן אין הימעל. איינזאַמער זיינען מיר דאָ, וויייל דער געדאַנק איז אונערפאַרשליך.

קענסטו זיך פאַרשטעלען עטוואָס מורא׳דיגערעס, ווי די שטענדיגע בעריהרונג מיט מענשען, וועלכע מיר קענען דאָך ניט דורכדרינגען. מיר ליעבען איינער דעם אַנדער׳ן, ווי מיר וואָלטען געווען גאַנץ ענג פערבונדען, מיר שטרעקען אוים די הענד, אָבער אויף אַן אמת קענען מיר זיך ניט פעראייניגען. אַ פּלאַגענדע בעדירפעניש צו קומען איינער צום אנדערען פייניגט אונז, אָבער אונזערע אַנשטרענגונגען זיינען אומזיסט, אונזער איבערגעבענהייט ארויסגעוואָרפען, אונזער פערטרויען איבעריג, אונזער ליעבע שוואַך, אונזער צערטליכקייט נאַריש. ווען מיר ווילען זיין נאָהענט איינער מיט׳ן אנדערען שטויסען מיר זיך בלויז איינער אויף דעם אַנדערן.

קיינמאָל פיהל איך זיך ניט מעהר אליין, ווי ווען איך עפען מיין הארץ פאַר אַ פריינד, ווייל דאַן פיהל איך אַם שטאַרקסטען דעם אָבגרונד צווישען אונז ביידען. דאָרט שטעהט דער מענש, איך זעה ווי ער קוקט אויף מיר מיט זיינע קלאָהרע אויגען, אָבער די נשמה הינטער זיי זעה איך ניט, ער הערט זיך צו צו מיינע רייד. וואָס דענקט ער? יאָ, וואָס דענקט ער אין דער מינוט? פאַרשטעהסטו די דאָזיגע ליידען? אפשר האַסט ער מיך, פעראַכטעט מיך, לאַכט זיך אוים פון מיר, אפשר טראַכט ער נאָך וואָס איך זאָג און קריטיקירט מיך, פערשפּאָטעט און פעראורטהיילט מיך, האַלט מיך פאַר אַ מיטעלמעסיגען מענשען, אָדער אפשר גאָר פאַר אַ נאַר? ווי קען איך וויסען, וואָס ער דענקט? ווי זאָל איך וויסען, צי ער ליעבט מיך אזוי ווי איך ליעב איהם? וואָס געהט פאָר אין דעם קליינעם, רונדען געהירן, וואָס פאַר אַ רעטעניש איז דער

גערדאַנק פון אַן אַנדער׳ן, וועלכער איז אונז פרעמד, דער דאָזיגער פרייער, פערבאָרגענער געדאַנק, וועלכען מיר קענען ניט פערשטעהן, ניט ערגרייפען, ניט בעהערשען, ניט בעצווינגען?

און איך, וואָס טויג עס מיר, וואָס איך בין בערייט זיך אין גאַנצען אָבצוגעבען, אַלע טויערען פון מיין נשמה אויפצועפענען, עס געלינגט מיר סיי ווי סיי ניט; אינעווייניג, טיעף אינעווייניג אין מיין איך דרינגט דאָך קיין מענש ניט אריין. קיינער קען אהין ניט אריין, קיינער קען ניט אויפהויבען דעם שלייער, וואָס פאַר־דעקט מיין נשמה, ווייל קיינער איז ניט עהנליך צו מיר, ווייל קיינער בעגרייפט ניט דעם אַנדער׳ן.

פערשטעהסטו מיך וועניגסטענס אין דיעזען אויגענבליק? ניין, דו דענקסט מסתמא, אַז איך בין משוגע, דו קוקסט מיך אָן, פאַרשענדיג קוקסטו אויף מיר, דו ווילסט זיך היטען פאַר מיר, דו פרעגסט זיך, וואָס איז מיט איהם היינט אַזוינס? אָבער ווען דו וועסט אמאָל קומען דערצו, אַז דו וועסט דערפיהלען די דאָזיגע מורא׳דיגע ליידען, דאַן קום צו מיר, נור כדי מיר צו זאָגען: „איך האָב דיך פערשטאַנען“. דאַן וועסטו מיך גליקליך מאַכען, כאָטש אויף איין מינוט.

די פרויען לאָזען מיר אַם מיינסטען פיהלען מיין איינזאַמקייט. אָך, וויפיעל איך האָב צוליעב זיי געליטען, ווייל זיי האָבען מיר מעהר ווי די מענער געגעבען אילוזיאָן, אַז איך בין ניט אַליין.

ווען די ליעבע קומט צו אונז, דאַן דאַכט זיך אונז, ווי מיר וואָל־טען פליגעלען בעקומען, אַן איבערמענשליכע גליקזעליגקייט שטראָמט אונז דורך. ווייסטו פאַר וואָס? ווייסטו פון וואַנען דער דאָזיגער אונענדליכער גליקסגעפיהל שטאַמט? נור ווייל מען רעדט זיך איין, אַז מען איז ניט מעהר אַליין. עס דאַכט זיך, אַז איינ־זאַמקייט פערשווינדט. וואָס פאַר אַ טעות!

די פרוי, אין וועמעס האַרץ עס לעבט נאָך שטאַרקער די איי־ביגע בעדירפעניש נאָך ליעבע, איז דער גרויסער ליגען אין דעם דאָזיגען טרוים.

דיר זיינען בעקאַנט די וואונדערבאַרע שטונדען אין געזעל־שאַפט פון דער באַשעפעניש מיט די לאַנגע האָאָר, מיט די ריי־

צענדע שטריכען, וועמעס בליק עס פערכישופט. וואָס פאַר א גליק־זעליגקייט צוטומעלט און פאַרפיהרט אונזער גייסט! וואָס פאַר אַ אילוזיאָן רייסט אונז מיט מיט זיך!

זי און איך ווילען גלייך בילדען איין וועזען, אָבער דאָס דאָ־זיגע „גלייך" קומט קיין מאָל ניט. און נאָכדעם ווי מען האָט וואָכענלאַנג געוואַרט, וואָכענלאַנג געהאָפט און דאָס גליק האָט וואָכענלאַנג אָבגענאַרט, דערפיהלט מען זיך אין אַ געוויסען טאָג איינזאַמער, ווי ווען ניט איז פריהער.

נאָך יעדען קוש, נאָך יעדער אומאַרמונג ווערט די איינזאַמקייט גרעסער! אָה, זי איז מורא'דיג! האַרצברעכענד!

דאַן קומט דער סוף און אַלעס איז אויס. די פרוי, וועלכע איז אַמאָל, אין אַ געוויסער מינוט פון אונזער לעבען געווען פאַר אונז אַלעס אויף דער וועלט, ווערט אונז פרעמד און מיר דערקע־נען זי ניט, ווייל איהר נשמה און אפילו איהרע אָבערפלעכליכע געדאַנקען האָבען מיר וואהרשיינליך קיינמאָל ניט געקענט.

אפילו אין די שטונדען פון בענקעניש, פון הייסע פערלאַנגען, ווען צוויי וועזענס געטריבען דורך עפּעס א וואונדערליכער קראַפט פערליערען זיך איינער אין אַנדערן, און עס דאַכט זיך, אַז מען האָט אין דער טיעפסטער טיעפעניש פון דער נשמה איינער ביין אנדערן אריינגעקוקט, דאַן ווייזט מאַנכעס מאָל איין וואָרט, איין איינציגער וואָרט אונזער טעות, ווייזט אונז ווי אַ פּלוצימדיגער בליץ אין מיטען דער נאַכט דעם אָבגרונד, דעם שווארצען אָבגרונד, וועלכער ליגט צווישען אונז.

און דאָך צו פערברייינגען אַן אָבענד ביי אַ פרוי, וועלכע מען ליעבט, ניט רעדענדיג, גליקליך פון דעם געפיהל אליין, אַז זי איז דאָ נעבען אייך, דאָס איז דאָס שעהנסטע אויף דיזער ערד! מעהר דאַרפען מיר ניט פערלאַנגען, ווייל קיינמאָל וועלען צוויי וועזענס ניט ווערען איינס.

איך אָבער האָב איצט מיין נשמה פאַרשלאָסען, קיין מענשען זאָג איך ניט מעהר, וואָס איך דענק, אין וואָס איך גלויב, וואָס איך ליעב. איינמאָל ווייס איך, אַז איך בין צו דער דאָזיגער מורא'־דיגער איינזאַמקייט פעראורטהיילט, קוק איך זיך צו צו דעם, וואָס

עס טהוט זיך אַרום, אָבער קיין מיינונג זאָג איך ניט אַרויס. וואָס זיינען מיר אַנזיכטען, שטריים, פערגעניגען, גלויבען. אַזוי ווי איך האָב מיט קיינעם גאָרנישט געמיינשאַפטליכעס, אינטערעסירט מיך מעהר קיין זאַך ניט. מיינע אונזיכטבאַרע געדאַנקען בלייבען ניט אויסגעפּאָרשט און פערשלאָסען. איך האָב צוגעגרייט גלייכגיל־טיגע פראַזען מיט וועלכע צו ענטפערען אויף די טעגליכע פראַגען און א שמייכעל, וואָס בעדייטעט „יאָ“ אין פאַל ווען איך וועל זיך ניט וועלען נעהמען די מיה צו רעדען.

פערשטעהסטו מיך?

* * *

מיר זיינען דורכגעגאַנגען די לאַנגע עוועניו ביז צו דער טריאומף אַרק, דאַן האָבען מיר זיך אומגעקעהרט און אַוועק צו דעם פּלאַץ דע־לאַ־קאָנקאָרד, ווייל ער האָט דאָס אַלעס לאַנגזאַם ערקלעהרט און האָט אויסגעשפּראָכען נאָך פיעלע אַנדערע געדאַנ־קען, אויף וועלכע איך קען זיך איצט שוין מעהר ניט דערמאָנען.

איצט איז ער פּלוצים געבליבען שטעהן, האָט אָנגעוויזען מיט דער האַנד אויף דעם הויכען אָבעליסק פון גראַניט, וואָס איז דאָרט אויף דעם פּאַריזער ברוק געשטאַנען און וועמעס ריעזיגער עגיפּטי־שער פּראָפיל האָט, דאַכט זיך, ביז צו די שטערען אָנגעשפּאַרט, יענער מאָנומענט, אויף וועמעס זייטען די געשיכטע פון זיין לאַנד איז אויסגעקריצט מיט אַזעלכע וואונדערליכע אותיות. דאַן האָט מיין פריינד אויסגערופען:

— דו זעהסט, אַזוי ווי דער שטיין דאָרט, זיינען מיר אַלע!

דאַן האָט ער מיך פערלאָזען, ניט רעדענדיג א וואָרט.

האָט ער צופיעל געטרונקען? איז ער געווען משוגע? האָט די חכמה פון איהם אַרויסגערעדט? איך ווייס ניט. מאַנכעס מאָל דאַכט זיך מיר, אַז ער איז גערעכט און מאַנכעס מאָל קומט מיר פאָר, אַז ער האָט געמוזט זיין פערשטאַנד פערלירען.

# אַ ווייהנאַכטס־מעשה׳לע





אָקטאָר באַנענפאַנט האָט אַ ווײַלע געטראַכט און ווידערהאָלט שטיל פאַר זיך:

— אַ ווייהנאַכטסגעשיכטע? אַ ווייהנאַכטס־געשיכטע?

און פּלוצים האָט ער אויסגערופען:

— איך האָב עס, און דערצו נאָך זעהר אַ מערקווירדיגע. עס איז אַן אמת וואונדערליכע מעשה׳לע. איך האָב איבערגעלעבט אַ וואונדער אין דער נאַכט פון ווייהנאַכטען. איהר וואונדערט זיך, מײַנע דאַמען? ווייל ווי בעוואוסט בין איך ניט קיין גלויביגער. אָבער איך האָב עס געזעהען מיט מײַנע אייגענע אויגען.

אויב איך בין זעהר איבערראַשט געוואָרען? ניין, דאָס ניט. דען ווען איך טייל ניט מיט אייך אייער גלויבען, אַנערקען איך אָבער דעם גלויבען און ווייס, אַז ער איז אימשטאַנד איבערצוקעהרען בערג! איך וואָלט אייך געקענט ברייינגען בײַשפּיעלען, אָבער איך וואָלט אייך בלויז בייז געמאַכט און מסתמא דעם איינדרוק פון מײַן ערצעהלונג אָבגעשוואַכט.

צוערשט מוז איך פאַר אייך מודיע זיין, אַז אויב דאָס וואָס איך האָב געזעהען, האָט מיך ניט איבערצייגט אָדער בעקעהרט, האָט עס מיך אָבער יעדענפאַלס זעהר געריהרט. איך וועל פּרובירען אייך דערצעהלען די געשיכטע איינפאַך, אָהן בעפּוצונגען, ווי איך וואָלט געווען אַ גוטער און פרומער מאַן.

איך בין דעמאָלט געווען אַנגעשטעלט אַלס דאָקטאָר אויפ׳ן לאַנד און האָב געוואָהנט אין באַללעוויל, אין מיטען פון נאָרמאַנדיע. מיר האָבען גראַד דאַן געהאַט אַ שרעקליך קאַלטען ווינטער.

פון ענדע נאָוועמבער אָן, נאָך דעם ווי עס זיינען אַ גאַנצע וואָך געשטאַנען ביטערע פרעסט, האָט געגומען שיטען אַ שנעע. מען האָט שוין פון ווייטען דערזעהן די ריעזיגע וואָלקענס זיך ציהענדיג פון נאָרד און באַלד איז די לופט פול געוואָרען מיט ווייסינקע שנעעלאַך.

איבער נאַכט איז די גאַנצע ערד אונטער אַ ווייסע דעקע בע־גראָבען געוואָרען.

די פויערשע מאַיאָנטקעס, וואָס זיינען איינזאַם אין זייערע פיערקאַנטיגע הויפען געשטאַנען הינטער די פאַרשנעעטע בוימער, זיינען עפּעס אַזוי ווי איינגעשלאָפען אונטער דעם געדיכטען און לייכטען, ווייסען קאָוויאָר.

קיין זאַך אַרום האָט זיך ניט בעוועגט. עס האָט זיך ניט געהערט קיין פּיפּס. נור די ראָבען האָבען אין גרויסע סטאַיעס זיך געדרעהט איבער'ן הימעל, זוכענדיג אומזיסט שפּייז און האָבען זיך סטייעס־ווייז אַרונטערגעלאָזען אויף די וויסטע פעלדער, כדי מיט זייערע שנאָבלען אין שנעע צו פּיקען.

מען האָט בלויז געהערט דעם אונבעשטימטען, לייכטען גערויש פון דעם נאָכאַנאַנד פאַלענדיגען שנעע.

דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטען גאַנצע אַכט טאָג. דאַן האָט אויפגעהערט צו שנעען. אָבער אויף דער ערד איז געלעגען אַ גע־דיכטע דעקע פינף פוס הויך.

און דריי וואָכען נאָכאַנאַנד איז דער הימעל געווען בלוי און קלאָהר ווי קריסטאַל ביי טאָג, אָבער ביינאַכט העל אויסגעשטע־רענט.

די פעלדער, די לאָנקעס, די אַרומיגע בוימער, אַלעס איז גע־לעגען ווי טויט, פון פראָסט דערשלאָגען. ניט קיין מענש און ניט קיין הונד האָט געוואַגט אויף דער גאַס אַרויסצוגעהן. נור די קוי־מענס פון די ווייסע פאַרשאָטענע הייזער האָבען אָנגעוויזען אויף פערבאָרגענעם לעבען דורך דינע פאַסען רויך, וועלכע האָבען זיך גלייך אין די אייז קאַלטע לופט געצויגען.

פון צייט צו צייט האָט מען געהערט ווי די בוימער קראַכען, ווי די קאָרע אויף די צווייגען פּלאַצט און דאָ און דאָרט האָט זיך

א גרויסער סטוואָל אַבגעבראָכען און צו דר'ערד געפאַלען. פון דער מורא'דיגער קעלט איז אַלעס ארום פערגליווערט געוואָרען.

עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אז די מענשליכע וואָהנונגען, וואָס זיינען צואוואָרפען געווען איבער די פעלדער, געפינען זיך הונ־דערטע מיילען איינס פון דאָס אנדערע. מען האָט געלעבט ווי מען האָט געקענט. נור איך האָב פּרובירט מיינע נאָהענטסטע קראַנקע צו בעזוכען, אונטער דער שטענדיגער געפאהר, ערגעץ וואו אין א לאָך אויף אייביג בעגראָבען צו ווערען.

באַלד האָב איך בעמערקט, אז עפּעס א מאָדנע אנגסט האָט זיך איבער'ן דאָרף פארשפּרייט. ביי אזא גאָט'ס צאָרן, האָט דער עולם געטראַכט, קען ניט אַלעס אָבגעהן גלאַט. עס האָט זיך פער־שפּרייט א קלאַנג, אז מען האָט ביי דער נאַכט געהערט שטימען, שאַרפע פּייפעריייען און געשרייען.

די דאָזיגע געשרייען און פּייפערייען זיינען אָהן צווייפעל גע־קומען פון די וואנדער פויגלען, וועלכע זיינען ביינאַכט גאַנצע סטאַיעס־ווייז אין די וואַרימע לענדער אוועקגעפלויגען. אָבער ווי זאָלען פּראָסטע מענשען און נאָך דערצו אָנגעשראָקענע קלאָהר דענקען. אָן אַלגעמיינער שרעק איז אָנגעפאַלען אויף די מענשען. זיי האָבען ערוואַרטעט, אז עפּעס אונגעוועהנליכעס וועט געשעהן.

די קוזינע פון'ם אַלטען באַטינעל האָט זיך געפונען אויפ'ן עק פון'ם קליינעם דערפעל, אויף דער גרויסער גאַס, וועלכע איז איצט געלעגען טיעף אונטער'ן שנעע, אז מען האָט זי גאָרנישט געקענט ארויסזעהן. אזוי ווי די לייטע האָט אָנגעהויבען צו פעהלען ברויט, האָט דער שמיעד בעשלאָסען צו געהן ביז'ן דאָרף. ער האָט פארבראַכט עטליכע שטונדען אין די זעקס הייזער, וועלכע זיינען געשטאַנען צוזאַמען אין מיטען דאָרף, האָט דאָרטען געפלוידערט א ווייל'ע, געקריגען ברויט, געהערט די לעצטע נייעס און אויך פון דער מורא, וואָס איז איבער דער גאַנצער געגענד פארשפּרייט גע־ווען.

איידער עס איז נאַכט געוואָרען, האָט ער זיך געלאָזט געהן צוריק אהיים.

און אזוי געהענדיג האָט זיך איהם פּלוצים געדאַכט, אז ער

זעהט פון ווייטען אויפ׳ן שנעע אן איי ליגענדיג. יאָ, טאַקע אן איי, ווייס ווי די גאַנצע פארשנעעטע נאַטור. ער האָט זיך איינגעבויגען. עס איז געווען אן אמת׳ע איי. פון וואנען האָט עס זיך דאָ גע־נומען? וואָס פאַר אַ הוהן איז פון איהר לאָך ארויסגעלאָפען, אום אויף דעם דאָזיגען אָרט איהר איי צו לעגען? דער שמיעד איז געוואָרען ערשטוינט און האָט עס ניט געקענט פערשטעהן, אָבער ער האָט אויפגעהויבען די איי און עס געבראַכט זיין ווייב.

— אַלטע, אָט האָסטו אן איי, וואָס איך האָב געפונען אויפ׳ן וועג אין דאָרף.

די פרוי האָט אַ שאָקעל געטהאָן דעם קאָפּ:

— אן איי אויפ׳ן וועג אין דאָרף, אין אזא וועטער? דו האָסט דאָרטען הפנים גוט ארייגעשנאָסקעט?

— אָבער ניין, אַלטע, עס איז געלעגען אין גאַס נאָך גאַנץ וואַרעם, עס איז אָפּילו ניט געווען געפראָהרען. אָט איז עס. איך האָב עס אריינגעלעגט אין קעשענע, אז עס זאָל ניט קאַלט ווערען. דו קענסט עס אויפעסען אויף וועטשערע.

דאָס איי האָט מען אריינגעלעגט אין טאָפּ, וואו די זופּ האָט געקאָכט, און דער שמיעד האָט דערצעהלט, וואָס פאַר אַ קלאַנגען עס טראָגען זיך אַרום איבער דער געגענד.

די פרוי איז געוואָרען בלייך ווי דער טויט ביי זיינע ווערטער:

— איך האָב לעצטע נאַכט אויך געהערט פייפערייען; פון קוימען זיינען זיי אַרויסגעקומען.

מען האָט זיך געזעצט צום טיש און געגעסען צו־ערשט די זופּ און בעת דער מאַן האָט אָנגעשמירט פוטער אויף זיין ברויט האָט די פרוי גענומען די איי און עס אָנגעקוקט מיט פערדאַכט:

— טאָמער איז עפּעס פאַראַן אין דער איי?

— וואָס קען דאָרט זיין?

— דאָס ווייס איך ניט.

— אַך, פּרעס און דרעה נישט קיין קאָפּ!

זי האָט אויפגעקלאָפּט דאָס איי. עס איז געווען ווי אַלע אַנ־דערע אייער און דערצו גאַנץ פריש.

צעגערנד האָט זי גענומען עסען, עס פערזוכט, אוועקגעלייגט און ווידער פערזוכט. דער מאַן האָט געפרעגט:

— נו, אַלטע, ווי שמעקט עפּעס די איי?

זי האָט ניט געענטפערט און עס אין גאַנצען מיט געוואלד ארונטערגעשלונגען. אָבער פּלוצים האָט זי אָנגעשטעלט אויף איהר מאַן א פּאָאַר שטאַרע, צושראָקענע, פערשטערטע אויגען, האָט אויפגעהויבען די אַרעמס, גענומען ברעכען מיט די הענד, און איהר גאַנצער קערפּער פון קאָפּ ביז די פיס האָט זיך גענומען טרייסלען. דאַן איז זי געפאַלען צו דר׳ערד און אַרויסגעלאָזען א מורא׳דיגען געשריי.

די גאַנצע נאַכט נאָכאַנאַנד האָט זי געהאַט שרעקליכע שמערצען און האָט זיך געדרעהט און געצאַפּעלט פון מורא׳דיגע קרעמפּפען. דער שמיעד האָט זי מעהר ניט געקענט איינהאַלטען און האָט זי געמוזט בינדען.

און זי האָט נאָכאַנאַנד געשריען אין איין קול:

— איך האָב עס אין בויך, איך האָב עס אין בויך!

אויף מאָרגען אין דער פריה האָט מען מיך אַהין גערופען. איך האָב איהר געהייסען איינגעבען אַלע בעקאַנטע בערוהיגונגס מיטלען, אָבער ער האָט גאָרנישט געהאָלפען. זי איז געווען משוגע.

און דאָ האָט זיך מיט אַן אונגלויבליכער שנעלקייט, ניט קוקענדיג אויף דעם הויכען שנעע, פון הויף צו הויף פארשפּרייט די זעלטענע נייעס: „אין דעם שמיעד׳ס ווייב איז דער טייפעל אריין“.

און מען האָט זיך א שאָט געטהאָן פון אַלע זייטען, אָבער קיינער האָט ניט געוואַגט אריינצוגעהן אין הויז. מען האָט פון דער וויטענס זיך צוגעהערט צו דעם מורא׳דיגען געשריי, וועלכער האָט אָבגעקלונגען מיט אַזא אימה, אז מען האָט גאָר ניט געקענט פאַרשטעהן, אז א מענש זאָל אַזוי קענען שרייען.

מען האָט דערפון צואוויסען געגעבען דעם גלח פון דאָרף. דאָס איז געווען אַן אַלטער איינפאַכער פּריסטער. ער איז גלייך געקומען צולויפען אָנגעטהאָן אין זיינע פּריסטערליכע קליידער, ווי ער וואָלט געגאַנגען צו א שטערבענדען, כדי מיט איהם ווידוי צו זאָ־

גען. ער האָט אויסגעצויגען די הענד און גענומען זאָגען א שפּרוך, אום דעם טייפעל פון איהר אַרויסצוטרייבען, בעת פיער מענער האָבען מיט אַלע קרעפטען געהאַלטען די פרוי, וועלכע האָט מיט שוים אין מויל זיך פון זייערע הענד געריסען.

אָבער דער בייזער גייסט האָט ניט געוואָלט זי אָבלאָזען.

און ווייהנאַכטען האָט זיך אָנגערוקט, אָהן דעם אז דער וועטער זאָל זיך ענדערען.

דעם זעלבען טאָג איז דער פריסטער געקומען צו מיר און געזאָגט:

— איך וואָלט זעהר וועלען, אז די אונגליקליכע זאָל היינט ביינאכט בייוואָהנען דעם גאָטעס דיענסט. אפשר וועט גאָט לאָזען געשעהן א נס אין דער שטונדע, ווען ער אליין איז פון דער פרוי געבאָרען געוואָרען.

איך האָב געענטפערט דעם פריסטער:

— איך בין אין גאנצען מיט אייער מיינונג, הערר אבבע, אויב זי וועט גערי'הרט ווערען פון דער הייליגער גאָטעס דיענסט (און קיין זאַך קען אויף איהר ניט ווירקען שטארקער), דאַן וועט זי אפשר געהאָלפען ווערען אָהן אנדערע מיטלען.

דער אַלטער פריסטער האָט געמורמעלט:

— הערר דאָקטאָר, איהר זייט אפילו ניט קיין גלויביגער, אָבער דאָך וועט איהר מיך העלפען, ניט אמת? ווילט איהר זי צו מיר ברענגען?

איך האָב איהם צוגעזאָגט צו טהאָן אַלעס וואָס איך וועל קענען.

דער פארנאכט איז אָנגעקומען און דאַן איז נאכט געוואָרען. דער קירכען גלאָק האָט גענומען קלינגען אין זיינע פייערליכע און קלאָגעדיגע קלאַנגען האָבען אָבגעקלונגען ווייט אין דער נאכט אריין איבער דער ווייסער, אייזיגער, מיט שנעע בעדעקטער ווייטקייט.

שווארצע געשטאַלטען האָבען זיך לאַנגזאַם גענומען בעוועגען גרופּענווייז, פאָלגענדיג דעם רוף פון׳ם גלאָק. א פולע לבנה האָט מיט א העלען, קאַלטען גלאַנץ בעלויכטען דעם גאנצען הימעל און נאָך שארפער אָבגעצייכענט די בלייכע פוסטקייט פון די פעלדער.

איך האָב מיט גענומען פיער שטאַרקע מענער און בין אוועק צו דער קוזינע.

די געריהרטע איז געלעגען אַ געבונדענע אויף איהר בעט און האָט נאָכאַנאַנד געשריען. מען האָט איהר אָנגעטהאָן אַנדערע קליידער טראָץ איהר פערצווייפעלטען וועהרען זיך און מען האָט זי אוועקגעטראָגען.

די קירכע איז געוועזען פול געפּאַקט, בעלויכטען און קאַלט. דער קירכען כאָר האָט געזונגען זייגע אייגטאָניגע געזאַנגען, דער אָרגעל האָט געברומט און דער כאָר איינגלאָך מיט זייערע דינע קול'כעלאָך האָבען אונטערגעהאָלפען.

איך האָב איינגעשלאָסען די פרוי מיט איהרע וועכטער ביים פּריסטער אין קיך און האָב געוואַרט אויף אַ מאָמענט, וועלכער זאָל זיין גינסטיג.

איך האָב אויסגעקליבען דעם מאָמענט נאָך דעם אָבענד מאָהל. אַלע פּויערים, מענער ווי פרויען, האָבען שוין געהאַט געקריגען דעם לייב און דאָס בלוט פון זייער גאָט, און דערמיט זיך זיין גנאָד צו פערדינען. בעת דער פּריסטער האָט דעם געטליכען וואונדער צו ענד געפיהרט, האָט אָרום געהערשט אַ פייערליכע שטילקייט.

אויף מיין בעפעהל איז די טהיר געעפענט געוואָרען און מיינע פיער העלפער האָבען אַריינגעבראַכט די משוגענע.

אַזוי גיך ווי זי האָט דערזעהן די ליכט, דעם קניענדען עולם, דעם בעלויכטעטען כאָר און די פערגאָלדעטע פיגור פון קריסטוס'ן, האָט זי זיך גענומען וועהרען מיט אַ קראַפט, אַז זי האָט זיך שיער פון אונזערע הענד ניט אַרויסגעריסען און אַנטלאָפען. דערביי האָט זי גענומען שרייען מיט אַזעלכע בענומענע קולות, אַז אַ שוידער איז איבער דער גאַנצער געמיינדע אַריבערגעלאָפען. אַלע האָבען אויפגעהויבען די קעפּ, איינציגע זיינען פאַר שרעק אַנטלאָפען.

און ווי זי איז אַזוי געלעגען אונטער אונזערע הענד, זיך קריי־מענדיג און שרייענדיג מיט ווייט אויסגעפּוטשעטע משוגענע אויגען, האָט זי גאַרנישט אויסגעזעהן מעהר ווי אַ מענשליכע בעשעפעניש.

מען האָט זי צוגעשלעפּט ביז צו די טרעפּ פון אַלטאַר און זי דאָרט צוגעהאַלטען אויף דר'ערד.

דער פּריסטער איז אויפגעשטאַנען און געוואַרט. אַזוי שנעל ווי זיי האָבן זיך אָבגעשטעלט, האָט ער גענומען די פּאַרגאָלדעטע, גלענצענדע קריסטוס פיגור אין האַנד, האָט געטהאָן אַ פּאָאַר טריט אין פּאַראויס, זי אויפגעהויבען מיט ביידע אַרעמס איבער׳ן קאָפּ און זי געהאַלטען דער גרייהרטער פאַר די צופּוטשעטע אויגען.

זי האָט נאָך אַלץ געשריען און מיט אַ שטאַרקען, גלעזערנעם בליק געקוקט אויף דער בלישטשענדיגער זאַך.

דער פּריסטער איז אַזוי געבליבען שטעהן אונבעוועגליך אַ לאַנגע, לאַנגע צייט.

עס איז קענטיג געווען, אַז אַ שרעק איז אויף דער פרוי אָנ־געפאַלען, און זי האָט שטאַר אָנגעקוקט די פיגור. איהר קערפּער האָט זיך נאָך אַלץ קאָנוואַלסיוו געטרייסעלט, אָבער ניט אַזוי שטאַרק. זי האָט אפילו נאָך געשריען, אָבער שוין ניט מיט אַזוינע בענומענע קולות.

ווידער איז אַוועק אַ צייט.

זי האָט קענטיג ניט געקענט מעהר אָברייסען די אויגען, וועל־כע זיינען ווי צוגעשמידעט געוואָרען צו דער קריסטוס פיגור, זי האָט נאָך געקרעכצט און איהר שטאַרער לייב איז ווייך געוואָרען און שלאַף און זי איז צוזאַמענגעזונקען.

דער עולם האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף די קניע און מיט זייערע שטערנס די ערד אָנגעריהרט.

צום סוף האָט די גרייהרטע עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד שנעל פאַרמאַכט און געעפענט די אויגען, ווי פאַרבלענדעט פון דעם אָנבליק.

זי האָט געשוויגען. און פּלוצים האָב איך דערזעהן, אַז איהרע אויגען זיינען געבליבען געשלאָסען. זי איז געשלאָפען מיט דעם שלאָף פון אַ נאַכטוואַנדלער אָדער אַ היפּנאָטיזירטען.

איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, איך דענק, נאַטירליך, אַז דאָס נאָכאַנאַנדיגע אָנקוקען פון דעם בלישטשענדער פיגור האָט אויף איהר געווירקט, דער טריאומפירענדער קריסטוס האָט זי איינגע־שלעפערט.

בעת דער פּריסטער איז צוריק צום אַלטאַר אַרויף, האָט מען

זי פון דאנען אוועקגעטראָגען. זי האָט זיך ניט געריהרט. די פארציטערטע געמיינדע האָט געדאנקט גאָט פאר דעם גרויסען נס.

און דעם שמיעד׳ס ווייב איז אָבגעשלאָפען פיערציג שעה נאָכ־אנאנד און ווען זי האָט אויפגעוואכט האָט זי פון קיין זאך ניט געוואוסט צו זאָגען, ניט פון דעם אז זי איז פעררוקט געוואָרען און ניט ווי זי איז געהיילט געוואָרען.

מיינע דאמען, אָט דאָס איז געווען מיין וואונדער.

דאָקטאָר באנענפאנט איז אנשוויגען געוואָרען, דאן האָט ער צוגעלייגט אביסעל מיט פעררדום:

— איך האָב די זאך דערנאָך געמוזט זאָגאר שריפטליך בע־שטעטיגען.



# דער מערדער.



ער אָנגעקלאָגטער איז פערטהיידיגט געוואָרען פון א יונגען אדוואָקאט, וועלכער איז צום ערשטען מאָל ארויסגעטראָטען פאר א געריכט. ער האָט זיין פערטהיידיגונגס רעדע אָנגעהויבען אויף אזא אופן:

מיינע הערען געשוואָרענע! די טהאט קען מען ניט פערלייקענען; מיין קליענט, אן עהרליכער מאן, א גוטער בעאמטער, מיט א שטילען, רוהיגען כאראקטער, האָט אין אן אָנפאל פון כעס, וועלכער שיינט צו זיין אונפערשטענדליך, ערמאָרדעט זיין פאָרגעזעצטען. ערלויבט מיר אייך קלאָהר צו מאַכען די פסיכאָלאָגיע פון דעם דאָזיגען פערברעכען. איך וועל קיין זאך ניט ענטשולדיגען און קיין זאך ניט מילדערן. איך בעט אייך, הערט מיך אויס און דאן משפט איהם.

יאָהאן ניקאָלאַי לאַוזשער איז א זוהן פון אָנשטענדיגע עלטערן, וועלכע האָבען איהם ערצויגען פאר אן איינפאכען, רעספעקטפולען מענשען.

אָט דאָ שטעקט זיין פערברעכען: אין רעספעקט. דאָס איז אזא געפיהל, מיינע הערען, וועלכער איז אונז כמעט פרעמד היינט צו טאָג; דער וואָרט עקזיסטירט נאָך אפילו, אָבער זיין בעדייטונג האָט ער אין גאנצען פערלאָרען. מען מוז אויפזוכען געוויסע איינפאכע אלטמאָדישע פאמיליעס, וועלכע לעבען נאָך אויף דעם אלטען שטייגער, אום ביי זיי צו געפינען די שטרענגע טראַדיציאָנען, די פערעהרונג פון זאכען און מענשען, פון געפיהל און גלויבען. און פעסט איז זייער גלויבען און שטארק, אז קיין שמייכעל, קיין צווייפעל, ניט אפילו דער קלענסטער פערדאכט קען איהם אָנריהרען.

אן אמת'ער אנשטענדיגער מענש קען מען זיין ערשט דאן, ווען מען האָט רעספּעקט. דער מענש, וואס האָט רעספּעקט מאַכט צו די אויגען. ער גלויבט. מיר, וועלכע קוקען מיט אָפענע אויגען אויף דער וועלט, מיר, וועלכע זיצען דאָ אין דיעזען יוסטיץ פּאַלאַץ, וואו עס ווערען פערהאנדעלט אַלע פערברעכענס און אַלע פערברעכער, מיר קענען ניט האָבען קיין רעספּעקט פאר קיינעם און קיין זאך. מיר קענען צו גענוי דעם דאָזיגען שטראָם פון קאָררופּציאָן, וועלכער פליסט פון די גרויסע, די מעכטיגע ביז צו דעם לעצטען אָרימען טויגעניכטס, מיר ווייסען צו גוט, ווי אַלעס ווערט געמאַכט, ווי אַלעס איז שוואך און פערקויפליך: שטעלען, הויכע אמטען, טיטול'ן קען מען לייכט קויפען פאר געלד, אָדער נאָך איינפאַכער, פאר דעם קוש פון א פרוי... אונזער פליכט און אונזער בערוף צווינגען אונז קיינעם ניט צו גלויבען, די גאַנצע וועלט צו פערדעכטיגען, ווייל די גאַנצע וועלט איז פערדעכטיג. און מיר ווערען שטארק איבעראשט, ווען מיר דערזעהען פאר זיך א מענשען, ווי אָט דער מערדער, וועלכער שטעהט איצט פאר אייך, וואָס האָט איינגעהאַלטען אין זיך דעם רעספּעקט און דעם גלויבען אויף אַזוי פיעל, אז ער איז געוואָרען זייער מאַרטירער.

פאַר אונז, מיינע העררן, איז די הייראט עטוואָס אַזוינס ווי די ריינקייט. מיר האַלטען דערפון, ווייל אונז עקעלט פאַר דעם שמוץ און ווייל מיר האָבען א געפיהל פון ווירדע און עהרגייץ. אָבער טיעף ביי אונז אין הארצען האָבען מיר ניט דעם אונבעגרענצטען, בלינדען, איינגעבאָרענעם גלויבען ווי דער מאַן.

לאָזט מיר אייך דערצעהלען זיין לעבען.

ער איז ערצויגען געוואָרען אַזוי, ווי מען האָט פריהער די קינדער ערצויגען. אַלעס וואָס די מענשען טהוען האָט מען זיי ערקלעהרט פון צוויי שטאַנדפּונקטען. פון איין זייט איז אַלעס געווען גוט, פון דער אַנדערער, אַלעס שלעכט. מיט גרויס אוטאָריטעט האָט מען איהם געצייגט דאָס גוטע, אום ער זאָל עס קענען אונטערשיידען פון דאָס שלעכטע ווי דעם טאָג פון דער נאַכט. זיין פאָטער האָט ניט געהערט צו יענע גרויסע מענשען, וועלכע בעטראַכטען אַלעס פון א העכערען שטאַנדפּונקט, וועלכע זיינען בע־

קאַנט מיט די קוועלען פונ'ם גלויבען און פערשטעהען די סאציאלע אומשטענדען, וועלכע שאפען די פערשיעדענהייטען.

ער איז אלזאָ אויסגעוואַקסען, איז געוואָרען גלויביג און פול צוטרויען, בעגייסטערט און בעשרענקט.

צו צוויי־און־צוואַנציג יאָהר האָט ער חתונה געהאַט. מען האָט איהם געגעבען פאר א פרוי א קוזינע, וועלכע איז ערצויגען געוואָרען איינפאַך אזוי ווי ער, ריין און אונשולדיג ווי ער. ער האָט געהאַט יענעם זעלטענעם גליק צו געפינען אַן עהרליכע פרוי, עטוואס וואס איז אין אונזער וועלט אזוי זעלטען און דאַרף אזוי הויך געשעצט ווערען. ער האָט פאר זיין מוטער געהאַט גרויס דרך ארץ, ער האָט זי געליעבט און פערגעטערט. אַט דעם דאָזיגען דרך ארץ און פערגעטערונג, וועלכע איז אזוי שטארק אין די אלטע פאַט־ריארכאלישע פאמיליען, האָט ער איצט איבערגעטראָגען אויף זיין פרוי. ער האָט געלעבט ניט וויסענדיג קיין זאַך פון דער וועלט, פון שווינדעל און בעטרוג, געלעבט א רוהיגער און א גליקליכער, גאָר אַן אנדער מענש, ווי די אלע ארומיגע. אזוי ווי ער האָט קיינעם ניט גענארט, האָט ער זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, אז עמיצער זאָל איהם נארען.

מיט אייניגע מאָנאטען פאר זיין חתונה איז ער געוואָרען קאסירער ביי הערר לאַנגלאַיס, וועלכען ער האָט מיט א קורצער צייט צוריק ערמאָרדעט.

מיינע הערען געשוואָרענע, מיר ווייסען פונ'ם עדות זאָגען פון דער מאדאם לאנגלאַיס, איהר ברודער, הערר פערטהויס, וועלכער איז אויך געווען א קאמפאניאָן אין געשעפט, דורך דעם עדות זאָגען פון דער גאַנצער פאמיליע און אלע העכערע אַנגעשטעלטע פון באַנק, אז לאַיזשער איז געווען א מוסטער־האפטער בעאַמטער, עהרליך, געהאָרכזאם, פינקטליך און פול אכטונג פאר זיין שעף.

מען מוז צוגעבען, אז ער אליין איז אויך בעהאַנדעלט געוואָרען מיט דער גרעסטער אכטונג. ער איז צוגעוואָהנט געוואָרען צו דער דאָזיגער אכטונג און אויך צו דעם, אז מען זאָל זיין פרוי, וועמען אלע האָבען שטארק געלויבט, בעהאַנדלען מיט רעספּעקט און זאָגאר מיט פערעהרונג.

זי איז געשטאָרבען אין עטליכע טעג פון א טיפוס.

ער האָט געוויס געפיהלט א טיעפען וועהטאָג, אָבער דעם קאַלטען און רוהיגען וועהטאָג פון א ציפּער־מענשען. נור אויף זיין בלייכען פּנים און די איינגעפאַלענע באַקען האָט מען געקענט זעהן, ווי טיעף ער ליידעט.

דאַן מיינע העררן, איז געשעהן עטוואס גאַנץ נאַטירליכעס.

דער מאַן איז געווען פערהייראַט צעהן יאָהר. זייט צעהן יאָהר איז ער געוואָהנט געווען אימער צו האָבען א פרוי ביי זיין זייט, ער איז געוואָהנט געווען צו איהר אויפפאַסונג, צו איהר ליעבער שטימע, ווען ער איז אהיים געקומען, צו דעם „גוטען אָבענד" ביי נאַכט און „גוט מאָרגען" אין דער פריה, צו דעם לייכ־טען רוישען פון איהר קלייד, צו דער צערטליכקייט, וואס מאַכט דאָס לעבען לייכט, צו איהר געליעבטער געגענוואַרט, וואס פערקירצט די שטונדען. ער איז צוגעוועהנט געוואָרען, אפשר ווייל ער איז מאַטעריאַל ניט אימשטאַנד געווען צו געהן אין די רעסטאָראַנען, צו געוויסע היימישע עסענס, איז געוואָהנט געווען צו אַלע יענע אויפמערקזאַמקייטען, וועלכע מען פיהלט ניט, ווען מען האָט זיי, און אָהן וועלכע מיר קענען דערנאָך גאָרנישט אויסקומען. ער האָט מעהר ניט געקענט לעבען אַליין. און אום צו פערטרייבען די שרעקליך לאַנגע אָבענדען, האָט ער גענומען געהן אויף צוויי דריי שטונדען אין א דערבייאיגען סאַלון. ער האָט געטרונקען א גלאָז ביער און געקוקט מיט פערטראַכטע בליקען ווי עס קייקלען זיך די בילליאַרד באָלס, האָט זיך צושטרייט צוגעהערט צו דעם שטרייט פון די שפּיעלער און צו די דעבאַטען איבער פּאָליטיק פון די דערביי־איגע שכנים. ער האָט געהערט דאָס געלעכטער, וואס איז צייטענ־ווייז אויסגעבראָכען פון עפּעס א וויץ און אָפּט איז ער איינגע־שלאָפען אויף זיין שטוהל פאַר מיעדקייט און לאַנגווייליגקייט. אָבער טיעף אין זיין הארצען און אין זיין פלייש האָט ער געפיהלט א שטאַרקע בעדערפעניש נאָך א פרויען הארץ און א פרויען לייב. און גאַנץ אונבעוואוסט האָט ער יעדען אָבענד זיך צוגערוקט אַלץ נעהנטער צו דעם פּלאַץ, וואו די קאַסירערין איז געזעסען, א קליין,

בלאַנד בעשעפעניש, צו וועלכער עס האָט איהם געצווינגען מיט א אונווידערשטעהליכער קראַפט, ווייל זי איז געווען א פרוי.

באלד האָבען זיי ביידע געפלוידערט, און איהם איז אנגענעהם געווען צו פערברענגען די אָבענדען נעבען איהר. זי איז געווען ליעבענסווירדיג און פריינדליך. און פון טאָג צו טאָג האָט לאוזשער זיך אַלץ מעהר און מעהר צוגעוואָהנט צו דער מיידעל, וועלכע ער האָט ניט געקענט און ניט געוואוסט, וועמעס לעבען איז איהם אין גאַנצען פרעמד געווען און וועלכע ער האָט בלויז דערפאר געליעבט, ווייל ער האָט קיין אַנדערע ניט געזעהן.

דאָס מיידעל איז געווען כיטרע, זי האָט באלד בעמערקט, אז זי קען פון דעם דאָזיגען נאאיווען מענשען ציהען נוצען און זי האָט זיך איבערלייגט ווי איהר אם בעסטען אויסצונוצען. דאָס קליג־סטע איז געווען, איהם צו ברענגען דערצו, ער זאָל מיט איהר חתונה האָבען.

און דאָס האָט זיך איהר איינגעגעבען גאָר אָהן פיעל מיהע.

דארף איך אייך נאָך, מיינע הערען געשוואָרענע, ערקלעהרען, אז דאָס דאָזיגע מיידעל האָט געפיהרט א לוסטיגען לעבען, און אז נאָך דער חתונה איז זי ניט בעסער און ניט אנשטענדיגער גע־וואָרען, אין געגענטהייל, זי האָט איהר פריהערדיג לעבען נאָך פער־שטארקט.

זי האָט זיך עפּעס אזוי ווי געשפּיעלט מיט איהם, ווי עס וואָלט איהר געמאכט שפּאס, צו בעטריגען דעם דאָזיגען נאאיווען, עהרליכען מענשען, און זי האָט געלעבט הינטער זיין רוקען מיט אלע בעאמטע פון באנק. איך זאָג מיט אלע, מיינע הערען, און די בריעף אָט דאָ, בעווייזען עס. באלד איז דערפון געוואָרען אן עפענטליכער סקאנדאל, פון וועלכען עס האָט געוואוסט די גאַנ־צע וועלט, אויסער דעם מאַן, וועלכער האָט, ווי געוועהנליך, פון גאָר נישט געוואוסט.

די פרוי האָט זיך פאר קיין זאך ניט אָפּגעשטעלט און צום סוף איז איהר געפעלען געוואָרען דעם שעף'ס זוהן און זי האָט איהם פערפיהרט. ער איז געווען א יונגער מאַן פון א יאָהר ניינצעהן, און זי האָט געהאט אויף איהם א זעהר שלעכטען איינפלוס. ביז

אהער האָט דער שעף, הערר לאַנגלאַיס, געשוויגען. אוים גוטסקייט און פריינדליכקייט צו זיין קאסירער האָט ער אויף אַלצדינג צור־געמאכט מיט אַן אויג, אבער ווען ער האָט דערזעהן זיין אייגען קינד אין די הענד, אַדער בעסער געזאָגט אין די אָרעמס פון דער דאָזיגער געפעהרליכער פרוי, איז אויף איהם אָנגעפאַלען אַ גע־רעכטער צאָרן.

ער איז בעגאַנגען אַן אונרעכט, דערמיט וואָס ער האָט גלייך אויפ'ן אָרט געלאָזט רופען צו זיך לאַוזשער'ן און אונטער דעם פרישען איינדרוק פון דעם וואָס ער האָט נור וואָס געהערט וועגען זיין זוהן, האָט ער נאָך אַן אויפגערעגטער און בייזער מיט איהם געהאַט אַ געשפּרעך.

מיינע הערן, איך דאַרף אייך בלויז פּאַרלעזען, ווי אַזוי דער מאָרד איז בעגאַנגען געוואָרען. אָט זיינען די ווערטער פון דעם גוסס'ען שעף אליין, וועלכע דער אונטערזוכונגס ריכטער האָט פער־שריעבען:

„איך האָב נור וואָס געהערט, אַז מיין זוהן האָט מיט אַ טאָג צוריק געגעבען דער דאָזיגער פרוי צעהן טויזענד פראַנק, און מיין כעס איז געוואָרען גרעסער, ווי מיין שכל. איך האָב געוויס קיין מאָל ניט געצווייפעלט אין לאַוזשער'ס עהרליכקייט, אָבער עס איז דאָ אַ געוויסע בלינדקייט, וואס איז נאָך געפעהרליכער ווי פער־ברעכען.

„און איך האָב איהם געלאָזט רופען צו זיך און איהם געזאָגט, אַז איך בין געצוואונגען איהם צו ענטזאגען פון דער שטעלע.

„ער איז געבליעבען שטעהן פאַר מיר אַ צושראָקענער און ניט פערשטאַנען, וואס דאָס מיינט. צום סוף איז ער צו מיר צור־געשטאַנען, איך זאָל איהם געבען אַן ערקלעהרונג.

„איך האָב זיך ענטזאגט עס צו טהאָן און האָב איהם געזאָגט, אַז איך טהו דאָס פון ריין פּריוואַטע גרינדע. ער האָט געמיינט, אַז איך האָב עפּעס אויסצוזעצען געגען זיין האַלטונג, אַז ער האָט ניט געטהון טאַקט און ער איז געוואָרען בלייך ווי קאַלך. ער האָט מיך ניט אָבגעלאָזט, מיך בעשוואָרען, איך זאָל איהם זאָגען, וואס איך

האָב געגעגן איהם. ער האָט געדענקט, אז ער האָט א רעכט עס צו וויסען און האָט עס פון מיר געפאָדערט מיט א הארבען קול.

„אזוי ווי איך האָב נאָך אלץ געשוויגען, האָט ער מיך בעליי־דיגט און דאן איז ער אריינגעפאלען אין אזא פערצווייפלונג, אז איך האָב פשוט פאר איהם גענומען מורא האָבען.

„דאן פלוצים, נאָך עפּעס א שטארקער בעליידיגונג, האָב איך איהם א וואָרף געטהאָן אין פּנים אריין דעם גאנצען אמת.

„א פּאָר מאָמענטען איז ער געבליבען שטעהן אָהן לשון, האָט מיך אָנגעקוקט פערצווייפעלט, מיט אויסגעפּוטשעטע אויגען און דאן האָב איך געזעהן, ווי ער האָט פּלוצים גענומען פון מיין שרייב־טיש די גרויסע שעהר, וועלכע איך האָב בענוצט אויף צו עפענען בריעף, האָב געזעהן, ווי ער טהוט זיך א וואָרף אויף מיר מיט אויפגעהויבענע הענד און איך האָב דערפיהלט, ווי עפּעס רוקט זיך פון אויבען אין מיין ברוסט אריין, הגם איך האָב דערביי ניט גע־פיהלט קיין שום וועהטאָג.״

דאָס, מיינע העררן געשוואָרענע, איז די איינפאכע ערצעה־לונג, ווי אזוי דער מאָרד איז בעגאנגען געוואָרען. וואס זאָל איך נאָך זאָגען צו זיין פערטהיידיגונג? ער האָט זיין צווייטע פרוי בלינד רעספּעקטירט, ווייל זיין ערשטע פרוי האָט דעם דאָזיגען רעספּעקט פערדיענט. —

נאָך א קורצער בעראטונג איז דער אָנגעקלאָגטער בעפרייט געוואָרען.



# די שאַפּע.

---



אָכ'ן טיש האָט מען גערעדט פון ווייבער. פון וואס אנדערש זאָלען מענער רעדען צווישען זיך?

איינער פון אונז האָט געזאָגט:

— הערט אָקאָרשט, מיט מיר האָט אמאָל פּאסירט א קאָמישע געשיכטע

און ער האָט דערצעהלט:

לעצטען ווינטער איז איין מאָל אין אבענד אויף מיר אָנגעפאַלען איינע פון יענע פּערצווייפעלטע שטימונגען, וואָס דריקען פון צייט צו צייט אי די נשמה, אי דעם קערפּער. איך בין געזעסען איינער אַליין אין הויז און האָב געפיהלט, אַז ווען איך זאָל דאָ פערבלייבען, וועל איך אַריינפאַלען אין אַ מורא'דיגען אומעט. דאָס איז איינע פון יענע שטימונגען, וועלכע ווען זיי קומען אָפּט, קענען זיי טרייבען צו זעלבסטמאָרד.

איך האָב אָנגעטהאָן מיין ראָק, און נאָך אַליין ניט וויסענדיג, וואָס איך וועל טהאָן, בין איך אַרויס פון הויז. איך בין געגאַנגען ביז צו די בולוואַרען און האָב אַרומגעבלאָנדזשעט אַרום די כמעט ליידיגע קאַפעים, דען עס האָט גערעגענט. אַ געדיכטער רעגען האָט מיך דורכגענומען דורך און דורך און מיר נאָס געמאַכט ניט נאָר דעם קערפּער, נאָר אַפילו די נשמה אויך. ניט קיין שטאַרקער קראַך פון וואָלקענס, וועלכער פעראורזאַכט אַ שלאַקסרעגען פון וועלכעם אַלעס אַנטלויפט אָהן איין אָטהעם אין די פירהייזער, נאָר אַ קליין רעגענדעל, וועלכען מען קען קוים זעהן. אַ מין פייכטקייט, וועלכע שפּריצט אויף איין נאָכאַנאַנד מיט אונזיכטבאַרע טראָפּענס און באַלד ווערען אייערע גאַנצע קליידער ווי מיט אייזוואַסער איבערגעצויגען.

וואָס האָב איך געזאָלט טהאָן? איך בין געגאַנגען היין און

צוריק און געטראַכט, וואו איך זאָל זיך אַהין טהאָן אויף אַ פּאָאר שטונדען און איך האָב ענטדעקט צום ערשטען מאָל, אַז אין גאַנץ פּאַריז איז נישטאָ קיין איין פּלאַץ, וואו מען זאָל זיך אין אבענד קענען אויף אַן אמת צושטרייען. צום סוף האָב איך זיך ענטשלאָסען צו געהן אין די פּאָליעס בערזשער, דעם לאָקאַל פון שפּאַסהאַפטע מיידלאַך.

אין דעם גרויסען זאַאל זיינען געווען וויניג מענשען. דער לאַנגער אַריינגאַנג אין דער פאָרמע פון אַ פּאָדקאָווע איז געווען בעלעבט נאָר פון עטליכע מענער, וועלכע האָבען געהאַט עטוואָס געמיינעס, עטוואָס פּראָסטעס אין גאַנג, אין דער קליידונג, אין דער אַרט ווי זיי האָבען געטראָגען די באָרד, די וואָנצעס, אין דער הוט און דעם גאַנצען אויסזעהן. מען האָט נור ווען ניט ווען בעמערקט אימעצען, פון וועמען מען איז געווען זיכער, אַז ער האָט זיך אַרומגעוואַשען, איך מיין ריכטיג אַרומגעוואַשען, און וועמעס קליידער עס האָבען זיך געפּאַסט איינס צום צווייטען. די מיידלאַך זיינען געווען דיזעלבע ווי אימער. די מיאוסע ווייבער, וועלכע מיר אַלע קענען: העסליך, אויסגעמאַטערט, ווי אויסקוקענדיג אויף רויב, האָבען זיי זיך אַרומגעשלעפּט הין און צוריק מיט זייער בעזונדערען נאַרישען אויסדרוק פול מיט פעראַכטונג, וועלכען זיי נעהמען אַלע אָן, איך ווייס ניט פאַר וואָס.

איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין, אַז קיין איינציגע פון די דאָזיגע אַלע פונאַנדערגעשרויפטע בעשעפּענישען, וועלכע זיינען געווען מעהר אָנגעבלאָזען ווי פעט — דאָ דיק און דאָרט מאָגער, דאָ קרום און דאָ לאָהם, איז ניט ווערט געווען דעם גאָלדשטיק, וואָס זי האָט ביי אונז אַרויסגעריסען נאָכדעם ווי זי האָט אַפריהער אויסגעבעטען גאַנצע פינף.

פּלוצים האָב איך בעמערקט אַ קליינע פרוי, וועלכע האָט אויף מיר געמאַכט אַ גאַנץ גוטען איינדרוק. זי איז שוין ניט געווען מעהר גאָר יונג, אָבער פריש, אינטערעסאַנט און עטוואָס אַרויספאָדערענדיג. איך האָב זי אָבגעשטעלט, און ניט לאַנג טראַכטענדיג, האָב איך מיט איהר אָבגעמאַכט. איך האָב ניט געוואָלט געהן אַליין אַהיים, ניט געוואָלט בלייבען גאַנץ אַליין. די געזעל־

שאַפּט און דער קוש פון דער דאָזיגער מיידעל איז מיר שוין ליע־בער געווען.

און איך בין אוועק מיט איהר. זי האָט געוואָהנט אין א גרויס, הויך הויז אין דער רי מאַרטיר. אויף די טרעפ האָט שוין ניט געברענט מעהר קיין גאַז. איך בין לאַנגזאַם געגאַנגען אַרויף און האָב פון ציים צו ציים אָנגעצונדען אַ שוועבעלע. אַפּט האָב איך זיך אָנגעשטויסען אָן די טרעפ און אונצופרידען געטאַפּט דעם וועג הינטער דער מיידעל, וועמעס גערויש איך האָב געהערט פאַר זיך.

אויף'ן פיערטען שטאָק האָט זי זיך אָבגעשטעלט, און נאָכדעם ווי זי האָט געעפענט די אַריינגאַנגס־טיר, האָט זי געפרעגט:

— דו בלייבסט ביי מיר ביז מאָרגען?

— געוויס. דו ווייסט דאָך, אַז מיר האָבען אַזוי אָבגעמאַכט.

— גוט, קליינער. איך האָב עס בלויז געוואָלט וויסען. וואַרט נאָר איין מינוט, איך קום גלייך אַרויס.

זי האָט מיך געלאָזען שטעהן אין דער פינסטער. איך האָב געהערט ווי זי האָט געעפענט און צוגעמאַכט צוויי טירען. דאַן האָט זיך מיר אויסגעוויזען, ווי זי וואָלט גערעדט. איך בין גע־וואָרען איבערראַשט און עטוואָס אונרוהיג. דער געדאַנק וועגען אַ שטערער איז מיר אויפ'ן זינען אַרויף. אָבער איך האָב געהאַט אַ פּאָאַאר געזונדע פויסטען און איך האָב געטראַכט: נו, מיר וועלען שוין זעהן.

איך האָב אָנגעשטרענגט מיין אויער און זיך צוגעהערט. עט־וואָס האָט זיך בעוועגט, איז געגאַנגען אַהער און אַהין, גאַנץ שטיל, מיט דער גרעסטער פאַרזיכטיגקייט. דאַן האָט זיך די טיר גע־עפענט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך הער ווידער רעדענדיג, אָבער גאַנץ שטיל.

זי האָט זיך אומגעקעהרט מיט אַ ברענענדיגע ליכט.

— דו קענסט אַריינקומען! — האָט זי געזאָגט.

איך בין אַריין איגעווענינ. נאָך דעם ווי איך בין דורכגע־גאַנגען אַן עס צימער, אין וועלכען מען האָט קענטיג קיינמאָל ניט געגעסען, בין איך אַריין אין אַ צימער, ווי אַלע אַזעלכע מיידלאַך

האָבען. א ריכטיגער מעבלירטער צימער פון דעם סאָרט מיט ריפּ־סענע גאַרדינען און א פּעדער בעט פון העל רויטען זייד מיט פּער־דעכטיגע פלעקען.

זי האָט געזאָגט:

—מאַך זיך בעקוועם, קל ינער.

איך האָב זיך פּאָרזיכטיג ארומגעקוקט, אָבער איך האָב קיין אונגעוועהנליכע זאַך ניט בעמערקט.

זי האָט זיך אזוי שנעל אויסגעטהאָן, אַז זי איז שוין געלעגען אין בעט, נאָך איידער איך האָב מיין אויבער ראָק אויסגעטהאָן. און זי האָט גענומען לאַכען:

— נו, וואָס איז דאָרט מיט דיר? ביזט דאָך געוואָרען א זייל פון זאַלץ. מאַך עס שנעל.

איך האָב זיך צוגעאיילט און איהר געפאָלגט.

אין פינף מינוטען ארום האָב איך געפיהלט א משוגענעם פערלאַנג זיך ווידער אָנצוטהאָן און אוועקגעהן. אָבער דיעזעלבע שרעקליכע מאַטקייט און לאַנגווייליגקייט, וועלכע זיינען אויף מיר אין דערהיים אָנגעפאַלען, האָבען מיך אָבגעהאַלטען און ביי מיר צוגענומען יעדע ענערגיע, און איך בין געבליעבען טראָץ דעם עקעל, וואָס איך האָב געפיהלט אין דעם עפענטליכען בעט. דער קער־פּערליכער רייץ, וועלכער עס האָט זיך געדאַכט, אַז איך זעה אין איהר אונטער דער בעלייכטונג פון טהעאַטער, איז איצט, ווען זי איז געווען אין מיינע אָרעמס, אין גאַנצען פון איהר פערשוואונדען און איך האָב נור געפיהלט ביי מיין זייט, לייב אָן לייב, די גע־וועהנליכע פּראָסטיטוטקע, פון וועלכע איינע איז פּונקט ווי די אַנ־דערע און וועמעס גלייכגילטיגע, געמאַכטע צערטליכקייט לאָזען אי־בער נאָך זיך א ווידער־טעם פון קנאָבעל.

איך האָב גענומען מיט איהר פּלוידערן:

— וואָהנסטו שוין לאַנג דאָ?

— דעם פופצעהנטען יולי ווערט א האַלב יאָהר.

— וואו האָסטו פריהער געוואָהנט?

— אין די קלאָוסעל. אָבער דעם הויזוועכטער'ס ווייב האָט מיר געמאַכט שוועריגקייטען און איך בין פון דאָרט אוועק.

און זי האָט מיר גענומען דערצעהלען אַ מעשה אָהן אַן עק פון דעם וועכטער'ס ווייב, וועלכע האָט איהר אָנגעטהאָן צרות.

אָבער פּלוצים האָט זיך עפּעס בעוועגט גאַנץ נאָהענט נעבען אונז. צוערשט האָט זיך דערהערט עטוואס, ווי אַ שטילער זיפץ, דאַן אַ לייכטער גערויש, אָבער גאַנץ דייטליך, ווי עמיצער וואָלט זיך אויף זיין שטול אָבגערוקט.

איך האָב זיך אַ כאַפּ געטהאָן אין בעט און געפרעגט:

— וואס איז דאָס פאר אַ גערויש?

זי האָט געענטפערט רוהיג און זיכער:

— אָך, זיי נור ניט אונרוהיג, קליינער. דאָס איז אַ שכנה. די וואַנט איז אַזוי דין, אַז מען הערט דורך, ווי עס וואָלט גע־ווען דאָ אין צימער. אַזאַ פּאַסקודנע געביידע, די ווענט זיינען ווי פּאַפּיר.

איך בין געווען אַזוי פויל, אַז איך האָב זיך ווידער געלייגט אין בעט און מיר האָבען ווידער גענומען רעדען.

און איצט איז אויף מיר אָנגעפאַלען יענע נארישע נייגעריג־קייט פון די מענער, די דאָזיגע בעשעפענישען אויסצופרעגען, צו דערגעהן ביי זיי פון זייער ערשטער ליעבע. עס ווילט זיך אויפ־הייבען דעם שלייער פון זייער ערשטען פאַל, מען זוכט אַ ווייטע אָנדייטונג פון אמאָליגער אונשולד און מיט דער ערינערונג אָן זייער אמאָליגער פרישקייט און ריינקייט זוכט מען ארויסצורופען ביי זיי עטוואס פון זייער אמאָליגען רייץ.

איך האָב אַלזאָ איהר געפרעגט וועגען איהר ערשטען געליעב־טען. איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זי וועט לייגען, אָבער וואס מאכט עס אויס? פיליכט וועל איך צווישען איהרע ליי־געגס דערהערען עטוואס אויפריכטיגעס און ריהרענדעס.

— נו זאָג מיר אַלזאָ, ווער איז עס געווען?

— עס איז געווען אַ רודער ספּאָרטסמאַן

— אָך, דו מוזט עס מיר דערצעהלען. וואו האָט עס פּאַסירט?

— אין ארזשאַנטעיל.

— וואָס האָסטו דאָרט געטהאָן?

— איך בין געוויי אַ קעלנערין אין אַ רעסטאָראַן.

— וועלכער רעסטאָראַן ?
— „שיפער רעסטאָראַן“. איז עס דיר בעקאַנט ?
— יאַ, געוויס, ביי באָנאַפּאַן.
— יאַ, ריכטיג.
— נו, איז ווי האָט דער רודערער מיט דיר אָנגעפאַנגען ?
— איך האָב געמוזט מאַכען זיין בעט, האָט ער מיך איין מאָל פערגוואַלדיגט.

אָבער פּלוצים האָב איך זיך דערמאָנט אָן דעם, וואס אַ בע־קאַנטער דאָקטאָר האָט מיר אַמאָל דערצעהלט. יענער דאָקטאָר איז געוועזען אַ בעאָבאַכטער און פילאָזאָף און האָט יאָהרען לאַנג פער־בראַכט אין אַ שפּיטאָל, וואו ער איז געקומען אין טעגליכער בע־ריהרונג מיט עפענטליכע מיידלאַך, מיט מיידלעך־מוטערס, מיט אַל־דער שאַנדע און דעם עלענד פון דער פרוי, דער אָרימער פרוי, וועל־כע איז געוואָרען דער אונגליקליכער אָפּפער פון די מענער, ביי וועמען אין די קעשענעס עס קלינגט געלד.

ער האָט מיר געזאָגט: אַ מיידעל וועדט שטענדיג פער־פיהרט דורך אַ מאַן פון איהר שטאַנד, פון איהר קרייז. איך האָב וועגען דעם געמאַכט גאַנצע ביכער מיט בעאָבאַכטונגען. די ריי־כע קלאַסען ווערען געוועהנליך בעשולדיגט, אַז זיי פערפיהרען די מיידלעך פונ׳ם פאָלק. דאָס איז אין גאַנצען פאַלש. די רייכע בעצאָהלען פאַר אָבגעריסענע בלומען. זיי רייסען אויך אַמאָל אויס אַ בלום, אָבער זיי קריגען נור די צווייטע בליהונג. די ערשטע שניידען זיי קיינמאָל ניט.

איך האָב זיך אַ קעהר געטהאָן צו מיין בעקאַנטער און גענומען לאַכען:

— הער אויס, די געשיכטע קענען מיר אַלע. דער רודערער איז ניט געוועזען דער ערשטער.
— אָבער געוויס, קליינער, איך שווער עס דיר.
— קינד, דו זאָגסט ליגען!
— ניין, איך שווער דיר.
— דו זאָגסט ליגען. איצט זיי זיך מודה און זאָג דעם אמת.

זי איז געוואָרען ערשטוינט און האָט געצעגערט. איך האָב ווייטער גערעדט:

— זאָלסט וויסען, אז איך בין אַ מכשף. איך בין אַ היפּנאָ־טיסט. ווען דו זאָגסט מיר ניט דעם אמת מיט גוטען, שלעפּער איך דיך איין און ערפאהר עס סיי ווי סיי.

זי האָט מורא געקראָגען, וואָרים זי איז געווען נאַריש, ווי זיי זיינען געוועהנליך אַלע. זי האָט געפרעגט:

— ווי אזוי האָסטו עס געטראָפען?

איך האָב געענטפערט:

— נו, אלזאָ פאָררוערטס, רעד!

— אָה, דאָס ערשטע מאָל איז געווען כמעט אַ גאָרנישט. עס איז געווען אַ גרויסער יום טוב, און מען האָט צוליעב דעם געלאָזט קומען אַ קוכער, הערר אַלעקסאַנדער. אזוי שנעל ווי ער איז גע־קומען, האָט ער געטהאָן אין הויז אַלץ וואס ער האָט געוואָלט. ער האָט מיט אַלעמען קאָמאַנדעוועט. מיט דעם בעל הבית, דער הבית׳טע, ווי ער וואָלט געווען אַ קייזער. ער איז געווען אַ הויי־כער, שעהנער יונג, וועלכער איז ניט איינגעשטאַנען קיין איין מי־נוט ביי זיין אויווען. און נאָכאַנאַנד האָט ער געהאַלטען אין איין שרייען: „שנעל, פּוטער אהער, — אייער — מאַדעירא". און אַלעס וואס ער האָט פערלאַנגט, האָט מען איהם גלייך געמוזט ברענ־גען, אַז ניט איז ער געוואָרען צוקאָכט און איך געזאָגט זאַכען, פון וועלכע מען איז רויט געוואָרען ביז אונטער די קליידער.

ווען דער טאָג איז אריבער, איז ער געזעסען פאַר דער טיר און געריכערט זיין ליולקע. און ווען איך בין איהם אזוי פערביי־געגאַנגען מיט אַ הויפען טעלער, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— הער, מיידעל, קום מיט מיר אַביסעל צום וואַסער. דו קענסט מיר צייגען די געגענד. איך בין מיט איהם אַוועק. עס איז געווען זעהר נאַריש. און ווי נור מיר האָבען זיך געזעצט ביים ברעג, האָט ער מיך אזוי שנעל אַ כאַפּ געטהאָן אונטער זיך, אַז איך האָב גאָר נישט געוואוסט, וואס אייגענטליך ער טהוט מיט מיר. און מיט דעם ניין אוהר צוג איז ער אַוועקגעפאָהרען. איך האָב איהם מעהר קיינמאָל ניט געזעהן.

איך האָב געפרעגט:

— איז דאָס אַלעס?

זי האָט געשטאַמעלט:

— יאָ! איך גלויב, אַז פלאָרענטין איז פון איהם.

— ווער איז דער פלאָרענטין?

— מיין אינגעל.

— אַך, דאָס איז אינטערעסאַנט. און דו האָסט מסתמא איינגערעדט דעם רודערער, אַז ער איז דער פאָטער, ניט אמת?

— נו, יאָ.

— האָט דען דער רודערער געהאַט געלד?

— יאָ, ער האָט מיר געמוזט געבען פאַר פלאָרענטינ'ען דריי הונדערט פראַנק אַ יאָהר.

איצט האָט די געשיכטע מיר אָנגעהויבען מאַכען שפּאַס און איך האָב ווייטער גערעדט:

— דאָס איז אויסגעצייכענט, מיין ליעבע, אויסגעצייכענט! איהר זייט דאָך ניט אַזוי נאַריש, ווי מען דענקט. ווי אַלט איז איצט דער פלאָרענטין?

זי האָט געזאָגט:

— איהם איז צוועלף יאָהר. צו פּסח ווערט ער קאָנפירמירט.

— אויסגעצייכענט. און זייט דאַן טרייבסטו דיין געשעפט גאַנץ רוהיג?

זי האָט אַ זיפץ געטהאָן:

— יאָ, יעדערער טהוט, וואָס ער קען.

אָבער איצט האָט זיך אין צימער פּלוצים דערהערט אַזא ליארעם, אַז איך בין מיט איין שפּרונג ארויס פון בעט. מען האָט געהערט אַ גערויש פון אַ קערפּער, וועלכער פאַלט, הויבט זיך ווי־דער אויף און קלאַמערט זיך אָן וואַנט.

איך האָב גענומען דאָס ליכט, זיך ארומגעקוקט צומישט און אין כעס. זי איז אויך אויפגעשטאַנען, האָט זיך געסטאַרעט מיך צוריקהאַלטען און געפּליסטערט:

— עס איז גאָר נישט, קליינער. איך פערזיכער דיך, עס איז גאָר נישט.

אָבער איך האָב בעמערקט פון וואַנען דער מאָדנער גערויש איז געקומען, און בין גלייך צוגעגאַנגען צו אַ טיר צוקאַפּענס פון בעט און זי געעפענט מיט איין רוק. איך האָב דערזעהן פאַר זיך אַ ציטערנ־דיגען קליינעם, מאָגערן אינגעל, וועלכער האָט מיך אָנגעקוקט מיט צושראָקענע, בלישטשענדע אויגען. ער האָט זיך געהאַלטען אָן אַ שטול פון וועלכען ער איז נאָר וואס ארונטערגעפאַלען.

אזוי שנעל ווי ער האָט מיך דערזעהן, האָט ער זיך צוואווינט אויפ'ן קול און אויסגעשטרעקט צו דער מוטער זיינע אָרעמס:

— איך בין ניט שולדיג, מאמא, איך בין ניט שולדיג. איך בין איינגעשלאָפען און ארונטערגעפאַלען. זיי ניט בייז, עס איז ניט מיין שולד.

איך האָב זיך צוריק אומגעקעהרט צו דער מיידעל און גע־פרעגט:

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען?

זי איז געווען פערלעגען, אויסער זיך און געשטאַמעלט:

— אַך, וואס קען איך טהאָן. איך פערדיען ניט גענוג אום איהם צו האַלטען ערגעץ אין דער פרעמד און פאַר איהם צאָהלען און איך בין געצוואונגען איהם צו האלטען ביי זיך. און נאָך אַן עקסטרא צימער פאַר איהם קען איך זיך אויך ניט פערגינען. ווען קיינער איז נישטאָ שלאָפט דער אינגעל מיט מיר. און ווען עמי־צער קומט צו מיר אויף צוויי דריי שטונדען איז אויך קיין אונ־גליק, אזוי לאַנג קען ער אויסהאַלטען אין שאַפע. ער זיצט דאָרט גאַנץ רוהיג. ער איז שוין געוואָהנט. אָבער ווען איינער בלייבט ביי מיר די גאַנצע נאַכט, אזוי ווי דו, דאַן איז ער אויף גרויסע צרות.... דאַן מוז דאָס קינד, דער אינגעל געבעך אָבזיצען די גאַנצע נאַכט אויף אַ שטול און אזוי איבערשלאָפען. נו, איז ער ארונ־טערגעפאַלען פונ'ם שטול. ער איז ניט שולדיג. איך וואָלט דיך געוואָלט זעהן אזוי אויף אַ שטול די גאַנצע נאַכט פערשפּאַרט אין אַ שאַפע. איך וואָלט עס טאַקע געוואָלט זעהן און הערען וואס דו וואָלסט געזאָגט.

זי איז געווארען אויסער זיך, שטארק אויפגערעגט און האָט געשריען.

דאָס קינד האָט נים אויפגעהערט צו וויינען. איין אָרימער, צוטומעלטער, פערהונגערטער אינגעל. דאָס דאָזיגע קינד, וועל־כעס איז געשלאָפען אין שאפּע, אין א קאַלטער, פינסטערער שאַ־פּע און איז נור פון צייט צו צייט געקומען זיך אָנוואַרעמען אין בעט, ווען עס איז אויף א פּאָר מינוטען געבליבען אונבענוצט.

מיר איז געוואָרען אזוי טרויעריג אויפ'ן הארצען, אז עס האָט זיך מיר אויך געוואָלט וויינען.

און איך בין אוועק אהיים.



# דאָס קינד.



שאק באַרדיליער האָט אימער געשוואָרען, אז ער וועט קיין מאָל ניט חתונה האָבען. פלוצים האָט ער געביטען זיין מיינונג. און דאָס האָט מיט איהם פּאַסירט גאַנץ אונ־ערוואַרטעט, איין מאָל זומער־צייט אין אַ באַדע פּלאַץ ביים ים.

ווען ער איז איין מאָל אַ אין דער פריה געלעגען ביים ברעג און געקוקט אויף די דאַמען, ווי זיי זיינען פון'ם וואַסער אַרויס, האָט זיך איהם געוואָרפען אין די אויגען אַ קליינער פּוס מיט זיין שעהנער פאָרמע און זיין צאַרטקייט. ער האָט זיך נעהנ־טער צוגעקוקט און איצט האָט איהם די גאַנצע פּערזאָן פּעראיקט געמאַכט. אגב, האָט ער פון דער דאָזיגער גאַנצער פּערזאָן ניט גע־זעהן מעהר ווי די קנעבעל פון קאָפּ, וועלכער האָט זיך פון אַ פעסט פערמאַכטען לאַנגען באַדע מאַנטעל פון ווייסען פּלאַנעל, אַרויסגערוקט. דער יונגער מאַן האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ צור־לאָזענעם און פאַר אַ פרויען קענער. דערפאַר איז נאַטירליך, וואָס צוערשט האָט דער אויסערער חן אויף איהם אַן איינדרוק געמאַכט. באַלד אָבער האָט איהם צוגעצויגען צו זיך דער ליעבררייץ פון איהר זאַנפטען כאַראַקטער. זי איז געוועזן איינפאַך, גוט ערצויגען, אונ־פערדאָרבען און ריין, ווי איהרע פרישע באַקען און ליפּען.

ער איז בעקאַנט געוואָרען מיט איהר פאַמיליע, איז זיי גע־פעלען און באַלד איז ער געווען משוגע פערליעבט. ווען ער האָט בערטהא לאַנגים געזעהן פון ווייטען, האָט ער זיך איינפאַך גענומען טרייסלען. נעבען איהר איז ער געווען שטום, אונפעהיג עפּעס צו זאָגען אָדער צו דענקען. אַזוי גרויס איז די בעוועגונג אין זיין האַרצען געווען. עס האָט איהם געזשומעט אין די אויערען און

ער האָט זיך געפּיהלט, ווי אַ צומישטעד. איז דאָס געווען די ליעבע? ער האָט ניט געוואוסט; ער האָט עס ניט פערשטאַנען. אָבער אין יעדען פאַל איז ער געווען ענטשלאָסען, דאָס יונגע מיידעל פאַר זיין פרוי צו מאַכען.

די עלטערען האָבען אַ לאַנגע צייט ניט געוואָלט איינוויליגען, צוליעב דעם שלעכטען נאָמען, וואָס דער יונגער מאַן האָט געהאַט. מען האָט גערעדט, אַז ער האָט עפּעס אַן אַלטע ליעבע, איינע פון יענע אויביגע קייטען, וועלכע מען דענקט, אַז מען האָט זיי צוריסען און וועלכע האַלטען איינעם אימער פעסט.

אויסער דעם האָט ער אביסעל לענגער אָדער קירצער, כמעט אַלע פרויען געליעבט, וועלכע זיינען איהם אין וועג געקומען.

איצט האָט ער געמאַכט אַ סוף צו דעם אַלעמען און האָט אפילו דאָס מיידעל, מיט וועלכער ער האָט אַ צייט לאַנג געלעבט, קיין איין מאָל מעהר נישט געוואָלט זעהן. זיינער אַ פריינד האָט זייערע פערהעלטניסע אויסגעגליכט און ער האָט איהר בעשטימט אַ געוויסע סומע אַ יאָהר אָבטריט געלד. זשאַק האָט געצאָהלט, אָבער ער האָט מעהר פון איהר ניט געוואָלט הערען און זעהן; ער האָט זי פון איצט אָן אין גאַנצען פאַרגעסען, אפילו איהר נאָמען. זי האָט איהם געהאַלטען אין איין שרייבען בריעף, ער האָט זיי ניט געעפענט. יעדע וואָך האָט ער דערקאַנט די אומגעלומפּערטע שריפט פון דער פערלאָזענער און יעדע וואָך איז זיין כעס צו איהר גרעסער געוואָרען און ער האָט צוריסען דעם קאָנווערט מיט די בריעף, ניט לעזענדיג אפילו קיין איין שורה. ער האָט אין פאָראויס געוואוסט, אַז דאָרט זיינען נור פאָרווירפע און קלאָגען געשטאַנען.

אָבער אַזוי ווי מען האָט געצווייפעלט אין פעסטקייט פון זיין כאַראַקטער, האָט מען דעם גאַנצען ווינטער איהם געשטעלט אויף אַ פּראָבע און ערשט אין פריהלינג איז ער אָנגענומען געוואָרען אלס חתן.

די חתונה איז געווען אין פּאַריז, אין די ערשטע טעג פון מאַי.

זיי האָבען ביידע בעשלאָסען ניט צו מאַכען קיין האָכצייטס רייזע, ווי עס איז געוועהנליך די מאָדע. אין דער היים האָט גע־זאָלט זיין אַ קליינער באַל, וועלכער זאָל ניט געדויערען מעהר ווי

ביז עלף אזייגער, אום די אנשטרענגונגען פון דעם לאנגען חתונה טאָג ניט צו פיעל אויסצוציהען. דאָס יונגע פּאָאר זאָל די ערשטע געמיינזאמע נאכט אין דער היים פון דער כלה פארברענגען און דאן, אויף מאָרגען אין דער פריה, זאָלען זיי אליין אָבפאָהרען צום ברעג ים, וועלכער איז זייערע הערצער טהייער געוואָרען און וואו זיי האָבען זיך דערקענט און ליעב געקריגען.

די נאכט איז געקומען און מען האָט געטאנצט אין גרויסען זאאל. חתן־כלה האָבען זיך צוריקגעצויגען אין א קליין, יאפּאָנע־זישען בודואר, וועלכער איז אין גאנצען מיט העלען זייד בעשלאָ־גען געוואָרען, און היינטיגען אָבענד איז ער נור בעלויכטען געוואָ־רען דורך די מאטע שטראהלען פון א גרויסען פארביגען קאָלפּאַק, וועלכער איז ווי א ריעזיגער קוגעל אויפ׳ן באלקען געהאנגען. פון צייט צו צייט האָט א פרישער ווינטעל דורך דאָס האלב אָפענע פענסטער אריינגעוועהעט, ווייל דער אָבענד איז געווען מילד און ווארעם און פול מיט שמעקעדיגע רוחות.

זיי האָבען ניט גערעדט; זיי האָבען זיך געהאלטען פאר די הענד און פון צייט צו צייט זיי געדריקט מיט אלע קרעפטען. זי איז געווען אביסעל צומישט דורך דער גרויסער ענדערונג אין איהר לעבען, אָבער זי האָט געשמייכעלט און מאנכעס מאָל איז זי גאנץ שוואך געוואָרען פון פרייד, ווארים איהר האָט זיך געדאכט, אז צוליעב איהר חתונה איז די גאנצע וועלט פערענדערט געוואָרען. דאָס הארץ האָט איהר אביסעל געשראָקען, זי האָט ניט געוואוסט פאר וואָס און לייב און זעעל האָט א זיסע מיעדקייט אָנגעפילט.

ער האָט געקוקט אויף איהר מיט א שטענדיגען שמייכעל. ער האָט געוואָלט רעדען, האָט אָבער קיין ווערטער ניט געפונען און געשוויגען. נור דער דרוק פון זיין האנד האָט גערעדט. פון צייט צו צייט האָט ער געמורמעלט: „בערטהא“ און יעדעס מאָל האָט זי די אויגען אויפגעהויבען און איהם אָנגעקוקט מיט א זיסען, צערט־ליכען בליק. א מאָמענט האָבען זיי זיך אין די אויגען געקוקט, און דאן האָט זי ווידער אונטער זיין בליק די לידער אראָבגעלאָזען.

זיי האָבען ניט געהאט וואָס צו זאָגען איינער צום צווייטען. מען האָט זיי געלאָזען אליין, אָבער צייטענווייז האָט א פּאָארעל,

וואָס איז פון באַל זאַאל פאַרביינגאַנגען, אויף די ביידע אַ בליק געוואָרפען, אָבער אַזוי פער׳גנב׳עט, ווי זיי וואָלטען דערמיט גע־היימע עדות געוואָרען פון אַ גרויסען געהיימנים.

אַ זייטען טהיר האָט זיך געעפענט, אַ דיענער איז אַריינגע־קומען, ער האָט אויף אַ טאַץ אַ בריעף אַריינגעטראָגען, וועלכען אַ דיענער האָט נור וואָס געבראַכט. ציטערענדיג האָט זשאַק דאָס פּאַפּיר אין האַנד גענומען און אַ פּלוצימדיגע, אונבעשטימטע אַנגסט איז אויף איהם אָנגעפאַלען, אַן אַנגסט ווי פאַר אַן אונגעריכטען אונגליק.

ער האָט לאַנג געקוקט אויפ׳ן קאָנווערט, אויף וועלכען די האַנד־שריפט איז איהם פרעמד געוועזען, און ניט געוואַגט עס צו עפענען. ער האָט געהאַט נור איין וואונש: פון גאַרנישט צו וויסען, גאָר־נישט צו לעזען, דעם בריעף אין קעשענע אַריינלעגען און צו זיך אַליין צו זאָגען: „מאָרגען, מאָרגען וועל איך עס לעזען. דאַן וועט מיר שוין ניט אַרען, וואָס דאָרט זאָל ניט שטעהן“. אָבער צוויי ווערטער אויף אַ זייט פון׳ם בריעף האָבען זיך איהם אין די אויגען געוואָרפען, זיין בליק צוגעשמידט און איהם מיט שרעק אָנגעפילט. דאָרט איז געשטאַנען אונטערגעשטריכען: „זעהר נויטיג“. ער האָט געפרעגט:

— דו ערלויבסט, מיין ליעבע?

דאַן האָט ער אויפגעריסען דעם קאָנווערט און געלעזען. ער האָט געלעזען, איז שטאַרק בלייך געוואָרען און האָט נאָך אַמאָל איבערגעקוקט דעם בריעף לאַנגזאַם, ווי ער וואָלט יעדע שורה אויף איינציגע בוכשטאַבען צונומען. ווען ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט זיין פּנים אויסגעדריקט שרעק און ער האָט גע־שטאַמעלט:

— ליעבעס קינד, מיין בעסטען פריינד האָט אַ גרויס, זעהר אַ גרויס אונגליק געטראָפען! ער דאַרף מיך גלייך, שוין האָבען, עס האַנדעלט זיך וועגען לעבען און טויט. ערלויבסטו מיר אויף צוואַנציג מינוט אַוועקצוגעהן. איך קום באַלד צוריק.

זי האָט אַרויסגעשטאַמעלט ציטערענד און גאַנץ צושראָקען:

— געה, ליעבער זשאַק.

זי האָט זיך נאָך ניט געפּיהלט גענוג פרוי, אום צו וואגען איהם פראגען צו שטעלען און אַן ענטפער צו פערלאנגען. ער איז אוועק. זי איז געבליבען אליין און זיך צוגעהערט, ווי זיי האָבען אין זאאל געטאנצט.

ער האָט אַ כאַפּ געטהאָן דעם ערשטען בעסטען הוט, עפּעס אימיצענס אַ ראָק און האָט זיך געלאָזט לויפען פון די טרעפּ. איידער ער איז ארויס אין גאַס, איז ער נאָך אויף אַ מאָמענט אין פאָרהויז שטעהן געבליבען, און אונטער דעם שיין פון אַ גאַז ברענער דעם בריעף נאָך אַ מאָל איבערגעלעזען. אין איהם איז געשטאנען:

„זעהר געעהרטער הערר! אַ געוויסע פריילען ראוועט, אייער פריהערדיגע געליעבטע האָט נור וואָס געבאָרען אַ קינד. זי פער־זיכערט, אַז איהר זייט דער פאָטער. די יונגע מוטער האלב ביים שטאַרבען און בעט אייך, איהר זאָלט זי נאָך אַ מאָל בעזוכען. איך נעהם מיר די פרייהייט אייך צו שרייבען און צו בעטען, דער דאָזי־גער מיידעל, וועלכע שיינט צו זיין זעהר אונגליקליך און וועלכע פערדינט זיכער אייער מיטלייד, איהר לעצטע ביטע ניט צו ענט־זאגען.

ערגעבען,

דאָקטאָר באָננארד“.

ווען ער איז אריין אין'ם צימער פון דער שטערבענדער, איז זי געלעגען און גע'גוסס'עט. אין אָנהויב האָט ער זי כמעט ניט דערקאָנט. דער דאָקטאָר און צוויי וועכטערינען זיינען געווען נעבען איהר. ארום זיינען געשטאַנען עמער מיט אייז און עס איז געלעגען וועש מיט בלוט פאַרפלעקט.

אַ וואַסער פלאַש איז געשטאַנען אויפ'ן פלאָר. צוויי ליכט האָבען געברענט אויפ'ן טיש, און הינטער'ן בעט אין אַ קליין קאָרב ויגעל האָט געשריען דאָס קינד, און ביי יעדען פון די דאָזיגע גע־שרייען האָט די, פון וועהטאָג געפּייניגטע, מוטער פּרובירט אַ בע־וועגונג צו מאַכען, בעת זי האָט זיך געטרייסעלט פון פראָסט און

אין גאַנצען געציטערט פון די אייז, מיט וועלכער זי איז געווען אַרום און אַרומגעלעגט.

זי איז אָבגעגאַנגען מיט בלוט פון דער ענטבינדונג. איהר לעבען האָט פון איהר אַוועק געשטראָהמט. טראָץ דעם אייז און טראָץ דער פּפלעגע האָט די פערבלוטונג אַלץ אָנגעהאַלטען און איהר לעצטע שטונדע אַלץ נעהנטער גערוקט.

זי האָט דערקאָנט זשאַק'ן און געוואָלט אויפהויבען די הענד. זי האָט עס אָבער ניט געקאָנט, אַזוי שוואַך איז זי געוואָרען, נור פון איהרע בלייכע באַקען האָבען זיך לאַנגזאַם טרעהרען געקייקעלט. ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניע נעבען בעט, האָט אָנגענומען איהר אַראָבהענגענדיגע האַנד און עס מיט הייסע קושען בעדעקט. דאַן איז ער ביסלעכווייז צוגעקומען נעהנטער, גאַנץ נאָהענט צו דעם מאָגער'ן פּנים, וועלכער האָט זיך געטרייסעלט פון זיין בעריהרונג. א וועכטער איז געשטאַנען מיט א ליכט אין האַנד און צוגעלויכטען. און דער דאָקטאָר איז אָבגעטראָטען אָן א זייט און פון א ווינקעל פון צימער זיי נאָכגעקוקט.

דאַן האָט זי געזאָגט אָהן אטהעם מיט א שוואַכער שטימע:

— מיין געליעבטער, איך שטאַרב. פאַרשפּרעך מיר ביז צום סוף ביי מיר צו בלייבען. אָה, פערלאָז מיך איצט ניט, פערלאָז מיך ניט אין דעם לעצטען אויגענבליק!

ער האָט זי געקושט אין שטערן, אויף די האָאָר און געשלוכצט. ער האָט געמורמעלט:

— זיי רוהיג, איך בלייב ביי דיר.

עס האָט גענומען אייניגע מינוטען, ביז זי האָט ווידער געקאָנט רעדען, אַזוי שוואַך און מאַט איז זי געווען. דאַן האָט זי ווידער אָנגעהויבען:

— דאָס קינד איז דיינס, דאָס שווער איך דיר פאַר גאָט. איך שווער עס דיר ביי מיין אייביגער זעליגקייט. איך שווער עס דיר אין דעם אויגענבליק פון טויט. איך האָב קיין אַנדער מאַן, אויסער דיר, ניט געליעבט. פאַרשפּרעך מיר, אז דו וועסט איהם ניט פערלאָזען.

דאָ האָט ער נאָך א מאָל פּרובירט דעם דאָזיגען אָרימען, עלענ־

רען, בלוטלאָזען, צוריסענעם קערפּער אין זיינע אָרעמס צו נעהמען. ער האָט געשטאַמעלט און פון זיין שטימע האָט געקלונגען געוויסענסביסע און קומער.

— איך שווער עס דיר; איך וועל עס ערציהען און ליעב האָבען. עס וועט שטענדיג זיין מיט מיר און וועט מיך קיין מאָל ניט פערלאָזען.

דערביי האָט זשאַק זי געוואָלט אַ קוש טהאָן. אָבער זי האָט איהר מיעדען קאָפּ שוין ניט געקאָנט מעהר אויפהויבען און האָט איהם נור איהרע בלייכע ליפּען פערלאַנגענד אַנטקעגען געהאַלטען. ער האָט זיך צוגערוקט צו איהר מויל, אום די דאָזיגע קלעגליכע, בעטענדיגע צערטליכקייטען אַנצונעהמען.

דאַן האָט זי אַרויסגעמורמעלט עטוואָס בערוהיגט:

— ברענג דאָס קינד אַהער, איך וויל זעהן צו דו האָסט עס ליעב.

און ער איז אַוועק ברענגען דאָס קינד. ער האָט עס פאַרזיכטיג אַוועקגעלעגט אויפ'ן בעט צווישען זיך און איהר און דאָס קליין נפש'ל האָט אויפגעהערט צו וויינען. זי האָט געמורמעלט:

— איצט זייט גאַנץ שטיל.

ער איז געזעסען און זיך מעהר ניט בעוועגט. אין זיין האַנד האָט ער געהאַלטען איהר האַנד, אין וועלכער אַ שוידער'ן פון טויט איז אַלע ווייל דורכגעלאָפען, גראַדע אַזוי ווי ער האָט פריהער אין זיין האַנד אַן אַנדערע געהאַלטען, וועלכע האָט פון ליעבע געציטערט. פון צייט צו צייט האָט ער געקוקט אויפ'ן זייגער. מיט אַ שנעלען בליק האָט ער בעטראַכט דעם ווייזער, וועלכער איז אויף האַלבע נאַכט געשטאַנען. דאַן איז דער זייגער געוואָרען איינס, דערנאָך צוויי.

דער דאָקטאָר איז אַוועק. די ביידע וועכטערינען זיינען זיך אַ פּאָאָר מאָל מיט שטילע טריט דורך דעם צימער דורכגעגאַנגען, איצט זיינען זיי אויך אַנדרימעלט געוואָרען, זיצענדיג אויף זייערע שטוהלען. דאָס קינד האָט געשלאָפען און די מוטער האָט, קענטיג, מיט געשלאָסענע אויגען זיך אויך אויסגערוהט.

פּלוצים, ווען דער גרויער טאָג האָט זיך דורך די פאָרהאַנגען

דורכגעריסען, האָט זי מיט אַ האַסטיגער בעוועגונג די הענד אויס־געשטרעקט, אָבער אַזוי האַסטיג, אַז דאָס קינד איז שיער נישט געפאַלען צו דער ערד. אַ כאַרכלען איז פון איהר האַלז אַרויס. דאַן איז זי געבליבען ליגען אונבעוועגליך אויפ'ן רוקען. זי איז געווען טויט.

די וועכטערינען זיינען צוגעלאָפען און ערקלעהרט: עס איז אויס מיט איהר.

נאָך אַ מאָל, אַ לעצטען מאָל האָט ער בעטראַכט די פרוי, וועל־כע ער האָט אַזוי געליעבט. דאַן האָט ער אַ קוק געטהאָן אויף דעם זייגער, וועלכער האָט געצייגט אויף פיער, און איז אַנטלאָפען אין פראַק, איבערלאָזענדיג דעם אויבער ראָק, מיט דאָס קינד אויף די הענד.

נאָכדעם ווי ער האָט זי פערלאָזען, האָט די יונגע פרוי צוערשט גאַנץ שטיל אין דעם קליינעם יאַפּאַנישען בודואַר אויף איהם גע־וואַרט. ווען זי האָט געזעהן, אַז ער קומט ניט צוריק, איז זי מיט אַ גלייכגילטיגער מינע צוריק אין זאַאַל אַוועק, פון אויבען איז זי געווען כלומרש'ט גאַנץ רוהיג, אָבער אינעווייניג מורא'דיג אויפ־געדרעגט.

ווען די מוטער האָט זי דערזעהן אליין, האָט זי געפרעגט:

— וואו איז דיין מאַן?

און די יונגע פרוי האָט געענטפערט:

— אין זיין צימער; ער וועט גלייך אריינקומען.

ווען אין אַ שטונדע אַרום האָט זיך דער גאַנצער עולם גענומען אויף איהם נאָכפרעגען, האָט זי דערצעהלט פון דעם בריעף און פון זשאַק'ס צושראָקענעם פנים און די מורא, אַז איהם האָט אַן אונגליק געטראָפען, האָט זיך אין איהר יעדען וואָרט אויסגעדריקט.

און מען האָט אויף איהם געוואַרט און געוואַרט. די געסט זיינען זיך צוגאַנגען. נור די נאָהנטע קרובים זיינען פערבליבען. אַרום האַלבע נאַכט האָט מען די וויינענדיגע יונגע פרוי צו בעט געבראַכט, און די מוטער און צוויי מוהמעס, וועלכע זיינען אין שטומער פערצווייפלונג נעבען איהר בעט געזעסען, האָבען געהערט,

ווי זי האָט געשלוכצט. דער פּאָטער איז אוועק אין פּאָליציי, אום זיך דאָרט אויף איהם נאָכצופרעגען.

אַרום פינף אַזייגער האָט מען דערהערט אַ גערויש אין קאָ־רידאָר. אַ טהיר האָט זיך געעפענט און פאַרזיכטיג ווידער צוגע־מאַכט. דאַן האָט פּלוצים אַ שטיל געשריי, ווי דאָס מיאַקען פון אַ קעצעלע, די שטילקייט פון דעם הויז איבערגעריסען.

די פרויען זיינען גלייך אויפגעשפרונגען פון אָרט, בערטהאַ די ערשטע, אין איהר שלאָף־ראָק, ווי זי איז געווען, טראָץ דער אָנוועזענהייט פון איהר מוטער און איהרע מוהמעס.

זשאַק איז געבליבען שטעהן אין מיטען צימער, בלייך, אָהן אַטהעם, מיט אַ קינד אויף די הענד.

די פיער פרויען האָבען איהם צושראָקען אָנגעקוקט. אָבער בערטהאַ, וועלכע האָט אין איהר אנגסט און פערצווייפלונג פּלוצים צוריק איהר מוט געקראָגען, איז צוגעלאָפען צו איהם און געזאָגט:

— וואָס איז געשעהן? וואָס איז געשעהן? זאָג! רעד!

ער האָט אויסגעזעהן, ווי אַ משוגענער און מיט אַ געבראָכען קול האָט ער געענטפערט:

— דאָס איז... דאָס איז... איך האָב אַ קינד... און די מוטער איז נור וואָס געשטאָרבען.

און מיט אויסגעשטרעקטע הענד האָט ער דאָס וויינענדיגע קינד איהר אנטקעגען געטראָגען.

ניט רעדענדיג קיין וואָרט, האָט בערטהאַ גענומען דאָס קינד, עס אַ קוש געטהאָן און צוגעדריקט צו זיך. דאַן האָט זי אָנגעקוקט איהר מאַן, מיט אויגען פול טרעהרען:

— דו זאָגסט, אַז די מוטער איז טויט?

האָט געענטפערט:

— יא, נור וואָס איז זי אויף מיינע הענד געשטאָרבען. שוין זומער, ווי איך האָב זיך מיט איהר פונאַנדערגעגאַנגען. איך האָב פון קיין זאַך ניט געוואוסט. דער דאָקטאָר האָט מיך געשיקט רופען.

בערטהאַ האָט אַרויסגעמורמעלט:

— נו, דאַן וועלען מיר דאָס קינד צוזאַמען ערציהען.

# וואָס מיט וואַלטער שנאַפּס האָט פּאַסירט



יים וואַלטער שנאַפּס איז מיט דער דייטשער אַרמעע געקו־מען נאָך פראַנקרייך, האָט ער זיך געהאַלטען פאַר דעם אונגליקליכסטען מענשען אין דער גאַנצער וועלט. ער איז געוועזן דיק, דאָס מאַרשירען איז איהם אָנגעקומען זעהר שווער, ווי נאָר עפּעס איז ער געוואָרען אָהן אַיין אָטהעם און זיינע פּיס האָבען שטענדיג וועה געטהאָן. דערצו איז ער געוועזן אַ גוטמוטיגער, פריעדליכער מענש, גאָר ניט פון דעם מין, פון וועלכען עס קומען אַרויס העלדען. ער האָט געהאַט פיער קינדער, וועלכע ער האָט געליעבט איבער אַלעס, און איז געוועזן פערהייראַט מיט אַ יונגער, בלאָנדער פרוי, וועגען וועמעס צערטליכקייט און קושען ער האָט יעדען אָבענד געטראַכט מיט בענקעניש.

ער האָט ליעב געהאַט אויפצושטעהן שפּעט און איז גערן גע־גאַנגען פריה שלאָפען, האָט ליעב געהאַט לאַנגזאַם צו עסען, גוט צו עסען און אַ סך ביער צו טרינקען. אין אַלגעמיין האָט ער געדענקט, אַז אַלדאָס שעהנעס, וואָס איז דאָ אויף דער וועלט ענדיגט זיך צוזאַמען מיט דעם לעבען. און אין דער טיפעניש פון זיין הארצען האָט ער אויס אינסטינקט און אויס איבערלייגונג צוגלייך געהאַסט קאַנאָנען, ביקסען און שווערדען, אָבער מעהר ווי אַלעס דעם באַיאָנעט, דען ער האָט זיך געפיהלט ניט פעהיג און ניט געשיקט גענוג צו בענוצען דאָס דאָזיגע געוועהר, אום זיין דיקען בויך צו פערטהיידיגען.

און ביי דערנאַכט, ווען ער איז געלעגען אין זיין מאַנטעל איינגעוויקעלט נעבען אַ כהאָפּעדיגען קאַמעראַד אויף דער ערד, האָט ער לאַנג געטראַכט וועגען די זייניגע, וועלכע ער האָט איבער־

געלאָזט אין דערהיים, און אַן אַלע געפאַהרען וועלכע וואַרטען אויף איהם אין דער מלחמה. ווען ער זאָל אומקומען, וואָס וועט ווערען פון זיינע קינדערלאַך? ווער וועט זיי ערנעהרען און אויפ־האָדעווען? איצט אפילו פערמאָגען זיי אויך ניט פיעל, ניט קוקענ־דיג אויף אַל די חובות, וואָס ער האָט געמאַכט איידער ער איז אַוועקגעגאַנגען, אום זיי איבערצולאָזען מיט אביסעל געלד. און ווען ער האָט וועגען דעם געטראַכט, האָט וואָלטער שנאַפּף מאַנכעס מאָל זיך אין דער שטיל גוט אויסגעוויינט.

צוערשט איז אויף איהם בעת אַ שלאַכט אַנגעפאַלען אַזאַ שוואַכקייט אין די פיס, אַז ער וואָלט זיך אַם ליעבסטען אויסגע־צויגען אויף ד'ערערד, ווען ער וואָלט ניט מורא געהאַט, אַז די גאַנצע אַרמעע וועט זיך אַ לאָז טהאָן איבער איהם און איהם צוטרעטען מיט די פיס. ביים פייפען פון די קוילען האָט זיך איהם די האָאר געשטעלט קאַפּויר.

זיין מאָנאַטען ווי ער לעבט אַזוי אין שטענדיגער אנגסט און אויביגען פּחד.

זיין אבטהיילונג האָט מאַרשירט אנטקעגען נאָרמאַנדיע. און איינמאָל אין אַ געוויסען טאָג איז ער מיט נאָך אַ פּאָאַר מענער גע־שיקט געוואָרען אויף פּאַטרול. זיי האָבען געזאָלט נאָכזעהן אַ געוויסע שטרעקע און דאַן זיך צוריקקעהרען צו זייער טרופּע. דאָס גאַנצע פעלד האָט געשיינט צו ליגען פריעדליך און רוהיג. אין ערגעץ האָט זיך ניט געזעהען קיין זאַך, וואָס זאָל אָנווייזען אויף אַ געפּלאַנטען ווידערשטאַנד.

און די פּרייסען זיינען זיך גאַנץ רוהיג ארונטער אין אַ קליין טהאָל, וועלכע איז דורכגעשניטען געוואָרען פון טיעפע גריבער. פּלוצים האָט אַ שטאַרקע שיסעריי זיי געצוואונגען זיך אָבצושטע־לען. ארום צוואַנציג מאַן זיינען גלייך געפאַלען צו דער ערד, און אַ הויפען פראַנצויזישע מיליטער איז ארויסגעשפּרונגען פון אַ דערבייאיגען וועלדעל און איז אויף זיי אַנגעפאַלען.

וואָלטער שנאַפּף איז צוערשט געבליבען שטעהן אונבעוועגליך. ער איז געווען אַזוי ערשטוינט און צושראָקען, אַז ער האָט אפילו ניט געטראַכט וועגען אַנטלויפען. דאַן איז אויף איהם פּלוצים

אַנגעפּאַלען אַ משוגענער פערלאַנג צו מאַכען פּיס. אָבער קוקענדיג אויף די מאָגערע פּראָנצוויזען, וועלכע זיינען שפּרינגענדיג געלאָפען אַנטקעגען זיי, האָט ער פערשטאַנען, אַז ער וועט מיט זיינע קורצע, גראָבע פיס ווייט פון זיי נישט אַוועקגעהן. ער האָט זיך פערצווייפעלט ארומגעקוקט, און דאָ האָט ער דערזעהען עטליכע טריט פון זיך אַ טיעפען גראָבען, אין וועלכען עס זיינען געוואַקסען ווילדע גרינסען און וועלכער איז געווען בעדעקט מיט טרוקענע בלעטער. מיטביידע פיס איז ער אריינגעשפּרונגען אהין, ניט טראַכטענדיג ווי טיעף די לאָך קען זיין, אַ שטייגער ווי מען שפּרינגט פון בריק אין וואַסער אריין. ווי אַ פייל פון בויגען האָט ער דורכגעשאָסען די געדיכטע דעקע פון ווילדע קרייטיכער און דערנער, וועלכע האָבען איהם צוריסען דאָס פּנים און די הענד און איז שווער געבליבען זיצען אויף אַ הויפען שטיינער.

און ווען ער האָט ארויפגעקוקט אויבען דורך דער לאָך וואָס ער האָט געמאַכט, האָט ער דערזעהן איבער זיך דעם הימעל. אָבער די דאָזיגע עפענונג האַרט אויבען האָט איהם געקענט פערראַטען, און פאָרזיכטיג, אויף אַלע פיער, האָט ער גענומען זיך אָברוקען, איז פערקראָכען אונטער די גרינסען און זיך אזוי שנעל ווי מעגליך בעהאַלטען פון דעם קאַמפּף־פּלאַץ. דאָן איז ער געבליבען שטעהן און האָט זיך איינגענורעט, ווי אַ האַז, אין טרוקענעם קרויט.

אַ צייט לאַנג האָט ער נאָך געהערט שיסען, קולות און וועה־געשרייען. דאַן איז דער גערויש פון קאַמפּף שוואַכער געוואָרען, און צום סוף אין גאַנצען אויפגעהערט. אַלעס איז ווידער געוואָרען שטום און שטיל.

פּלוצים האָט זיך נעבען איהם עפּעס בעוועגט. ער האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן מיט'ן גאַנצען קערפּער, אַ צושראָקענער אויף טויט. דאָס איז געווען אַ קליין פויגעלע, וואָס האָט זיך געזעצט אויף אַ צווייגעל דאָ דערביי. אַ שטונדע נאָכאַנאַנד האָט ביי וואָלטער שנאַפּף דאָס הארץ שטיל געקלאַפּט.

די נאַכט איז צוגעפּאַלען און עס איז טונקעל געוואָרען. און דער סאָלדאַט האָט גענומען טראַכטען: וואָס זאָל ער טהאָן? וואָס וועט פון איהם ווערען? זאָל ער זיך ווידער דערשלאָגען צו זיין

אבטהיילונג מיליטער? אָבער ווי אזוי און אויף וועלכען וועג? און דאַן וועט זיך פאַר איהם ווידער אָנהויבען א לעבען פול אנגסט, פול פּיין, פול שרעק, א לעבען פון ליידען, פון מיעדקייט, ווי ער האָט געפיהרט, זייט די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען. ניין, אויף דעם האָט ער מעהר קיין מוטה נים. ער האָט ניט מעהר קיין קרעפטען, צו מאַרשירען נאָכאַנאַנד און אויסצושטעהן די שטענדיגע געפאַהרען.

אָבער וואָס טהוט מען? ער קען דאָך ניט בלייבען זיצען דאָ, אין דער לאָך, ביז עס וועט שלום ווערען צווישען דיביידע לענדער. ניין, דאָס געהט ניט. ווען ער זאָל ניט דאַרפען עסען, וואָלט איהם די אויסזיכט דאָ צו פערבלייבען ניט אויסגעוויזען אזוי שרעקליך, אָבער ער מוז דאָך עפּעס עסען, יעדען טאָג מוז ער דאָך עפּעס קריגען צו עסען.

און איצט האָט ער זיך דאָ געפונען איינער אליין, א בעוואַפענטער, אין זיין אוניפאָרם, אין דעם שונא׳ס לאַנד, ווייט פון אייגענע מענשען, פון פריינד, וועלכע זאָלען איהם קענען קומען צו הילף. און א שווידער איז איהם איבער׳ן גאַנצען לייב אריבער.

פּלוצים איז א געדאַנק איהם דורכגעלאָפען אין מוח: ווען מען וואָלט מיך גענומען געפאַנגען!

און זיין האַרץ האָט גענומען ציטערען און שפּרינגען אין דער ברוסט פון א שטאַרקען פערלאַנג, אז די פראַנצויזען זאָלען איהם כאַפּען. דער בעסטער אויסוועג וואָלט עס געווען. כאַפּען איהם די פראַנצויזען, דאַן איז ער געדעטעט; זיי וועלען איהם געבען עסען און טרינקען, ער וועט קריגען א פּלאַץ וואו צו שלאָפען און וועט זיין זיכער פון קוילען און שווערדען. קיין מענש וואָלט ניט געקענט צוקומען נאָהענט צו איהם אין זיין זיכערען, גוט-בעוואַכטען געפענגניס. אָך, ווי גוט דאָס וואָלט געווען!

און ער האָט גלייך ביי זיך אָבגעמאַכט:

— איך וועל זיך לאָזען נעהמען געפאַנגען.

ער איז אויפגעשטאַנען מיט דער אבזיכט זיין פּלאַן גלייך דורכצופיהרען. אָבער ער איז געבליבען שטעהן אונבעוועגליך.

נייע אונאַנגענעהמע געדאַנקען זיינען איהם אין קאָפּ געקומען און עס איז אויף איהם אָנגעפאַלען אַ נייע אַנגסט.

וואו זאָל ער זיך לאָזען נעהמען געפאַנגען און ווי אַזוי, אויף וועלכער זייט? און מורא'דיגע געדאַנקען, טויט־שרעק האָט זיין נשמה צורודערט.

ווען ער זאָל וואַגען אַרויסצוגעהן איינער אַליין אין דעם שונא'ס לאַנד מיט זיין שפּיציגער, דייטשער היטעל, קען ער אַריינ־פּאַלען ווער ווייס אין וועלכע געפאַהרען.

טאָמער בעגעגענט ער פּויערים אויף'ן וועג, וועלכע יענע, זעהענדיג פאַר זיך אַ פערבלאָנדזשעטען, שוצלאָזען פּריים, איהם דערשיסען ווי אַ משוגענעם הונד, זיי וועלען איהם הרגע'נען מיט זייערע גראַבליעס, מיט די קאָסעס, מיט די שופּלעס און העק, זיי וועלען איהם צורייסען אין שטיקער, ווי פּאַגראָמשציקעס, מיט דער רציחה פון פערצווייפעלטע בעזיעגטע.

און טאָמער בעגעגענט ער אַ טרופּע פרייוויליגע פראַנצויזישע סאָלדאַטען, דאַן איז ער אודאי פערלאָרען. יענע לייטע, וועלכע שטעהען אויסער דעם געזעץ, וועלכע האָבען ניט אפילו קיין דיס־ציפּלין, וועלען איהם אָנטהאָן געברענטע צרות פון ריינעם שפּאַס וועגען, נאָר אום צו האָבען אַ לוסטיגע שטונדע און צו קענען דערצעהלען, וואָס פאַר אַ נאַריש פּנים ער האָט געמאַכט. און אין די געדאַנקען האָט ער זיך שוין געזעהען, אָנגעשפּאַרט אָן עפּעס אַ וואַנד, צוועלף אָנגעלאָדענע ביקסען אויסגעשטעלט אַנט־קעגען איהם, וועמעס קליינע, קיילעכדיגע, שוואַרצע לעכער קוקען איהם אין די אויגען אַריין.

און טאָמער שטויסט ער זיך איצט אָן אויף דער פראַנצויזישער אַרמעע, וועלען איהם די פאָרפּאָסטען דערשיסען, דענקענדיג אַז ער איז איינער פון יענע געוואַגטע סאָלדאַטען, וועלכע געהען גאַנץ אַליין אַרויס אין פעלד כדי נאָכצוקוקען דעם שונא. און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט שוין אַ שיסעריי פון סאָלדאַטען, וואָס ליגען בעהאַלטען צווישען די בושעס, בעת ער שטעהט אין מיטען פון אַ פרייען פעלד און ער ווערט דורכגעלעכערט ווי אַ זיעפּ

פון קוילען, וועלכע ער פיהלט, ווי זיי רייסען זיך איהם אין פלייש אריין.

און א פערצווייפעלטער האָט ער זיך צוריק אוועקגעזעצט. ער האָט ניט געזעהען פאר זיך קיין אויסוועג.

די נאכט איז צוגעפאלען, די שטומע, שווארצע נאכט. ער האָט זיך מעהר ניט בעוועגט. ביי יעדען אונבעקאנטען גערויש, וואָס האָט אָבגעקלונגען אין דער פינסטערניש, האָט ער זיך א צאפּעל געטהאָן. ווען א פויגעלע האָט אויף א נאָהענטען בוים גענומען קלאפען מיט איהרע פליגעלאך, שפּרינגענדיג פון איין צווייגעל אויף דעם צווייטען, האָט וואלטער שנאָפף זיך א כאפּ געטהאָן און שיעור ניט גענומען אנטלויפען. דער געשריי פון די סאָוועס האָט איהם געריסען ביי דער נשמה. ער האָט אלע ווייל׳ע אויפגעציטערט, ווי מען וואָלט איהם א שווערע וואונד געמאכט. ער האָט ברייט פונאנדערגעעפענט די גרויסע אויגען, אום אריינ־צודרינגען אין דער דונקעלהייט און אלע ווייל׳ע האָט זיך איהם געדאכט, אז אימעצער געהט נעבען גראָבען.

נאָך לאנגע שטונדען פון ליידען און מאַטערניש, האָט ער צום סוף דורך זיין בלעטער־דאך דערזעהען, אז עס האָט אָנגעהויבען צו טאָגען. דאן איז איהם געוואָרען א סך גרינגער אויפ׳ן האר־צען. ער האָט אויסגעצויגען זיינע צובראָכענע ביינער און זיך אביסעל בערוהיגט. זיין הארץ האָט אויפגעהערט אזוי הויך צו קלאפען, זיינע אויגען האָבען זיך צוגעמאכט — ער איז אנשלאָפען געוואָרען.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאפּט, איז די זון געשטאנען הויך, אין מיטען הימעל. עס האָט געמוזט זיין מיטאג־צייט. קיין לויט האָט זיך ניט געהערט אין דער טיעפער שטילקייט פון די פעלדער. און וואלטער שנאָפּף האָט געפיהלט א מורא׳דיגען הונגער. ער האָט א גענעץ געטהאָן, און דאָס שפּייעכץ האָט איהם גענומען לויפען פון מויל ביים געדאנק וועגען ווארשט, וועגען גוטע דייטשע ווארשטלאך. די קישקעס האָבען איהם געשניטען און וועה גע־טהאָן פאר הונגער.

ער איז אויפגעשטאנען, געטהאָן א פּאָאר טריט און דער־

פּיהלט, אַז זיינע פּיס זיינען איהם גאַנץ שוואַך געוואָרען, און ער האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט, אום נאָכצודענקען. ער האָט גע־וואויגען און געמאָסטען זיין לאַגע, געטראַכט אַהין, געטראַכט אַהער, דאָ האָט ער בעשלאָסען איין זאַך, דאָ אַן אַנדערע און די אַלע פּערשיעדענע געדאַנקען האָבען איהם געפּלאָגט און פערמאַטערט.

צום סוף איז איהם איינגעפאַלען אַן אידעע, וועלכע האָט איהם אויסגעוויזען אי ריכטיג, אי פּראַקטיש. ער וועט אָבוואַרטען עפּעס אַ פויער, וועלכער וועט פּאַרבייגעהן אויף'ן וועג צו זיין אַרבייט, און ווען יענער וועט ניט זיין בעוואַפענט, וועט ער איהם אַנטקעגען געהן און זיך איבערגעבען איהם אין די הענד אַריין. ער וועט איהם ווי עס איז געבען צו פערשטעהן, אַז ער וויל, מען זאָל איהם נעהמען געפאַנגען.

ער האָט דעריבער אויסגעטהאָן דאָס היטעל, וועמעס שפּיץ האָט איהם געקענט פעררעטען און מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיג־קייט האָט ער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון לאָך אַרויס.

ווייט און ברייט ארום האָט זיך ניט געזעהן קיין מענשליך בעשעפעניש. פון ווייטען, רעכטס, האָט פון אַ קליינעם דאָרף זיך אויפגעהויבען אַ רויך פון די קוימענס, דער רויך פון די קיכען, וואו מען האָט מיטאָג געקאָכט. און לינקס אויף דער אַנדער זייט, האָט ער אויפ'ן עק פון אַ לאַנגער אַלעע בעמערקט אַ גרויסען שלאָס מיט זייטיגע טורעמס.

ער האָט געוואַרט ביז עס איז דונקעל געוואָרען און מורא'דיג געליטען. ער האָט נאָר געזעהן עטליכע סטאַיעס קראָהען פּאַרביי־פליהענדיג און געפיהלט די קרעמפּפען פון זיין ליידיגען מאָגען.

און ווידער איז די נאַכט צוגעפאַלען.

ער האָט זיך אויסגעצויגען אויף'ן דעק פון זיין בעהעלטעניש און איז אַריינגעפאַלען אין אַ פיבערישען שלאָף, וואו בייזע חלומות האָבען איהם ניט אויפגעהערט צו פּלאָגען: דער שלאָף פון אַ האַלב פערהונגערטען מענשען.

דער מאָרגענשטערן האָט זיך ווידער אויפגעהויבען איבער זיין קאָפּ און ער האָט ווידער גענומען בעאָבאַכטען. אָבער די גאַנצע לאַנדשאַפט איז געבליבען פּוסט, ווי מיט אַ טאָג פריהער. און

איצט איז אויף וואָלטער שנאַפּף אָנגעפאַלען אַ נייע אַנגסט: די מורא צו שטאַרבען פאַר הונגער. אין די געדאַנקען האָט ער זיך שוין געזעהען ליגענדיג אויף'ן דעק פון זיין לאַף אויף'ן רוקען, מיט געשלאָסענע אויגען און חיה'לאך און פליגעלאך פון אַלע פערשיעדענע סאָרטען זיינען געקראָכען אויף איהם, אונטער איהם, איבער איהם, אין זיינע קליידער און האָבען איהם די הויט געפרעסען, און אַ גרויסע שווארצע קראָה האָט איהם מיט איהר שפּיציגען שנאָבעל די אויגען אויסגעפּיקעט.

דאָ איז ער געוואָרען אויסער זיך, איהם האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט חלש'ט ער און איז ניט אימשטאַנד מעהר איינצושטעהן אויף זיינע פיס. ער האָט געוואָלט זיך אויפהויבען, לויפען אין דאָרף אריין, אַלעס צו וואגען. ערשט דאָ האָט ער דערזעהען דריי פּויערים, וועלכע זיינען געגאַנגען איבער'ן פעלד מיט די אַקער־אייזענס איבער די פּלייצעס. און ער האָט זיך גלייך צוריק בעהאַלטען אין זיין לאַף.

אָבער אַזוי שנעל ווי עס איז ווידער דונקעל געוואָרען, איז ער לאַנגזאַם אַרויסגעקראָכען פון דעם גראָבען און זיך גענומען געהן מיט אַן איינגעבויגענעם רוקען, אַ קלאַפּעדיגען האַרצען, פול אַנגסט אין דער ריכטונג פון'ם שלאָס. ער האָט בעסער געוואָלט געהן אַהין איידער אין דאָרף, וועלכער האָט זיך איהם אויסגעוויזען געפעהרליך, ווי אַ לייבען־גרוב.

די פענסטער פון דעם אונטערשטען עטאַזש זיינען געווען בעלויכטען. איינער פון זיי איז אַפילו געווען אָפען, און אַ שטאַרקער גערוך פון געבראָטענע פלייש האָט זיך געטראָגען פון דאָרטען און אַ זעץ געטהאָן וואָלטער שנאַפּף אין נאָז אריין, אַזוי אַז ער האָט זיך גענומען טרייסלען. דער גערוך האָט איהם געצווייגען צו זיך מיט אַ מאַגנעטישער קראַפט און איהם געגעבען דעם מוט פון פערצווייפלונג.

און פּלוצים, ניט נאָכטראַכטענדיג, האָט ער אַריינגערוקט דעם קאָפּ מיט דער מיליטערישער היטעל אין דעם אָפענעם פענסטער אריין.

אַכט דיענער זיינען געזעסען ביי אַ לאַנגען טיש און געגעסען.

אָבער פּלוצים האָט זיך אַ מיידעל דערשראָקען און די גלאָז איז איהר פון די הענד ארויסגעפאלען. אַלע בליקען האָבען געפאָלגט איהר בליק.

און זיי אַלע האָבען דערזעהען דעם שונא.

— אום גאָטעס ווילען, די פּרייסען זיינען בעפאַלען דעם שלאָס!

צוערשט האָבען אכט שטימען זיך ארויסגעריסען פון אכט פערשיידענע העלזער און ארויסגעלאָזען איין איינציגען געשריי. דאַן זיינען אַלע אויפגעשפּרונגען, האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אָן אַ זייט און גענומען לויפען מיט אַלע זייערע קרעפטען צו דער טיהר. די שטוהלען זיינען אומגעפאַלען, די מענער האָבען אומגעוואָרפען די פרויען און אריבערגעטראָטען איבער זיי. אין צוויי מאָמענטען איז דער צימער געווען ליידיג און פערלאָזען. און דער טיש מיט דעם עסען איז געשטאַנען פאר וואלטער שנאַפּף, וועלכער איז געבליבען ביים פענסטער פערוואונדערט און צומישט.

אַ מינוט האָט ער געצעגערט, דאַן האָט ער ארויפגעקלעטערט אויף דער וואַנד, אַ שפּרונג געטהאָן אינעווייניג און איז צוגעגאנגען צו די טעלער.

ער איז געווען אַזוי הונגעריג, אַז ער האָט זיך געטרייסעלט, ווי פון פיעבער. און דאָך האָט איהם די אַנגסט נאָך אָבגעהאַלטען און זיינע בעוועגונגען געלעהמט. ער האָט זיך צוגעהערט. דאָס גאַנצע הויז איז ווי געגאַנגען אויף רעדלאַך. טיהרען האָבען זיך צוגעמאכט, אייליגע טריט זיינען געלאָפען איבער איהם, אויף דעם אויבערשטען שטאָק. דער פּריים האָט מיט אַנגסט זיך צוגעהערט צו די פערשיעדענע גערוישען. דאַן האָט ער געהערט אַ דומפּפּען ליאַרעם, עפּעס ווי אימעצער וואָלט פון פענסטער ארויסגעפאלען אויף די ווייכע ערד פון גאָרטען, הפּנים אַז מענשען זיינען דורך די פענסטער ארויסגעשפּרונגען.

דאַן האָט אויפגעהערט יעדע בעוועגונג, יעדער טומעל און גערויש און דער גאַנצער שלאָס איז געוואָרען שטיל, ווי אַ קבר.

וואַלטער שנאַפּף האָט זיך אוועקגעזעצט פאר אַ ניט אָנגעריהרטען טעלער און גענומען עסען. ער האָט געקיים מיט פולע

באַקען, געשטאָפּט אין זיך וויפיעל ער האָט נאָר געקענט, ווי ער וואָלט מורא האָבען, אַז אָט־אָט וועט מען איהם פון דאַנען אַוועקרייסען און ער וועט זיך ניט קענען זאַט אָנעסען. מיט ביידע הענד האָט ער געשטופּט די ביסענס אין מויל אַריין, וועלכען ער האָט אויפגעריסען, ווי אַ בער, און גאַנצע מאַסען שפּייז האָבען נאָכאַנאַנד זיך אין מאַגען אַריינגעקייקעלט. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אָבגעשטעלט. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער וועט באַלד פּלאַצען, ווי אַ צו־פיעל אָנגעפּילטע פּאַס. דאַן האָט ער גענומען דעם קרוג מיט'ן עפּעל־וויין און זיך דורכגעשווייינקט דעם האַלז, ווי מען וואַשט אויס אַ פערשטאָפּטע רעהר.

ער האָט אויסגעליידיגט אַלע שיסלען, אַלע טעלער, אַלע פּלאַשען. דאַן איז ער געוואָרען אָנגע'שיכור'ט פון דעם סך טרינקען און עסען, אָנגעשטאָפּט פול און רויט ווי אַ בוריק; ער האָט גע־נומען שלוקערצען, זיין קאָפּ איז געוואָרען צומישט און פון זיינע ליפּען האָט געקאָפּעט אַ פעטס. ער האָט געעפענט די קנעפּ פון זיין אוניפאָרם, אום צו קענען אָבבאַפען דעם אָטהעם, ניט אים שטאַנד צו מאַכען אַן איינציגען טריט. זיינע אויגען האָבען זיך צוגעמאַכט. זיינע געדאַנקען האָבען זיך פערטומעלט און ער האָט אַרויפגעלייגט דעם שווערען שטערען אויף די פערלייגטע הענד, אויפ'ן טיש. און גאַנץ לאַנגזאַם האָט ער פערלאָרען דעם זכרון, און באַלד האָט ער ניט געוואוסט וואָס מיט איהם טהוט זיך און וואו ער איז אויף דער וועלט.

* * *

די לבנה איז געשטאַנען אַ מאַטע, אַ בלאַסע אויבען אויפ'ן הימעל איבער די בוימער פון פּאַרק. עס איז געווען די קאַלטע שעה איידער עס נעהמט טאָגען. אַ סך שטומע שאָטענס האָבען זיך בעוועגט הינטער די שטאַכעטען און פון צייט צו צייט איז אַ שטראַהל פון דער לבנה געפאַלען אויף אַ בליסטשענדיגען גע־וועהר.

דער שווארצער סילועט פון'ם שלאָס האָט זיך שוואַרץ און שווייגענדיג פון הימעל אָבגעטהיילט. נאָר אין צוויי פענסטער פון'ם אונטערשטען שטאָק איז נאָך געווען פייער.

פּלוצים האָט אַ מעכטיגע שטימע אַרויסגעבראָמט:

— פאַרוועטס, צום טייפעל נאָך אַמאָל! פאַרוועטס, קינ־דער!

און דאָ אין איין מאָמענט זיינען די טירען, די לאַדענס, די פענסטער צוטראַסקעט געוואָרען פון אַ מאַסע מענער, וועלכע האָ־בען זיך אַ לאָז געטהאָן אין פאַראויס און צובראָכען און צושטאָכען און גלייך אָנגעפילט דאָס גאַנצע הויז. אין איין אויגענבליק זיינען פּופציג פון קאָפּ ביז די פיס בעוואָפענטע סאָלדאַטען אַריינגע־שפּרונגען אין קיך, וואו וואָלטער שנאַפּף האָט פריעדליך געשלאָפען און פופציג אָנגעלאָדענע ביקסען האָבען זיך אָנגעשטעלט אויף זיין ברוסט. עמיצער האָט איהם אומגעוואָרפען און ער האָט זיך אַראָבגעקייקעלט אויף דער ערד. זיי האָבען איהם אַ נעהם געטהאָן און געבונדען הענד און פיס.

ער האָט זיך געטרייסעלט פאַר שרעק, ווי אַ דערשלאָגענער פאַר אנגסט.

פּלוצים האָט אַ הויכער, דיקער סאָלדאַט אין אַ אוניפאָרם, וואָס האָט געבליסטשעט מיט גאָלד, איהם אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויפ'ן בויך און אויסגערופען:

— איהר זייט מיין געפאַנגענער! שטעהט אויף!

דער פריים האָט געהערט בלויז איין וואָרט „געפאַנגענער", און ער האָט געענטפערט:

— יאָ, יאָ, יאָ.

מען האָט איהם אויפגעהויבען, צוגעבונדען צו אַ שטוהל און די זיעגער האָבען איהם גענומען בעטראַכטען מיט גרויס אינטערעס. זיי האָבען געסאָפּעט, ווי די גענז. אייניגע האָבען זיך געמוזט זעצען פאַר מיעדקייט און אויפרעגונג.

ער אָבער האָט געשמייכעלט אַ גליקליכער, וואָס ענדליך איז איהם געלונגען צו ווערען געפאַנגען.

אַן אַנדער אָפיציער איז אריין און האָט געמעלדעט:

— הערר קאָלאָנעל, דער שונא איז אַנטלאָפען. ווי עס שיינט זיינען אַ סך פון זיי פערוואונדעט געוואָרען. אָבער דעם שלאָס האָבען מיר געוואונען.

דער דיקער סאָלדאַט האָט זיך אָבגעווישט דעם שטערן און אויסגערופען:

— זיעג! זיעג!

און ער האָט אַריינגעשריבען אין אַ ביכעלע, וועלכען ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע:

„נאָך אַ פערביטערטען קאַמפּף האָבען די פּרייסען זיך געמוזט אָבטראָגען, מיטשלעפענדיג מיט זיך זייערע טויטע און פערוואונדעטע, וועלכע מען קען רעכענען אַ מאַן טויזיג. פיעל פון זיי זיינען געבליבען אין אונזערע הענד".

דער יונגער אָפיציער האָט געפּרעגט:

— הערר קאָלאָנעל, וועלכע פּערזיכערונגס מיטלען זאָל איך איצט אָנווענדען?

דער קאָלאָנעל האָט געענטפערט:

— מיר וועלען זיך צוריקציהען און אויסמיידען דעם שונא, וועלכער וועט זיך אודאי צוריקקעהרען פערשטאַרקט מיט נייע קרעפטען און אַרטילעריע.

און ער האָט געגעבען אַ בעפעהל אויף צוריק.

די לייטע האָבען זיך אין דער דונקעלהייט אויסגעשטעלט הינטער די מויערען פון'ם שלאָס און דאַן גענומען מאַרשירען. וואָלטער שנאַפּף, אין קייטען געשמיעדט, איז אַרומגערינגעלט געוואָרען פון אַלע זייטען מיט סאָלדאַטען און פיער קריעגער מיט געלאָדענע ביקסען האָבען פון איהם קיין אויג ניט אַראָבגענומען.

פּאַטרול-מענער זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען, אָנצוקוקען דעם וועג. גאַנץ פּאָרזיכטיג האָבען זיי זיך געלאָזט געהן אין פאָראויס. פון צייט צו צייט זיינען זיי שטעהן געבליבען.

ווען עס איז טאָג געוואָרען, זיינען זיי אָנגעקומען אין דער אונטערפּרעפעקטור פון לאַראָש-אַיזעל, וועמעס נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט עס אַזוי זיעגעריש איינגענומען דעם שלאָס מיט דעם שונא.

די גאַנצע בעפעלקערונג האָט זיי שוין ערוואַרט אויפגערעגט און מיט אָנגסט.

ווען מען האָט דערזעהען די היטעל פון דעם געפאַנגענעם,

האָט אויסגעבראָכען אַן אַלגעמיינער פריידענס-געשריי. די וויי־בער האָבען געוואונקען מיט די הענד, די אַלטע לייט האָבען גע־וויינט, אַ גרייז האָט אַ וואָרף געטהאָן זיין קוליע אויף דעם פּרייס און דערביי אַ זעץ געטהאָן איינעם פון זיינע וועכטער אין נאָז.

דער קאָלאָנעל האָט אַ געשריי געטהאָן:

— איהר זייט מיר פעראַנטוואָרטליך פאַר דער זיכערהייט פון דעם געפאַנגענעם!

צום סוף איז מען צונעקומען צום ראטהויז. מען האָט גע־עפענט האָס געפענגניס, אַראָבגענומען פון וואָלטער שנאַפּף זיינע קייטען און איהם אַהין אריינגעזעצט.

צוויי הונדערט בעוואפענטע סאָלדאטען האָבען בעוואַכט די געביידע.

און הגם דעם פּריים איז געווען גאַנץ שלעכט צו מוט, דאָך האָט ער גענומען שפּרינגען און טאַנצען, ווי משוגע פאַר פרייד, האָט געמאַכט מיט די הענד, מיט די פּיס, געדעוועט, געברומט הויך אויפ'ן קול, ביז ער איז פערמאטערט געוואָרען און זיך אַראָב־געלאָזען אויף דער ערד נעבען דער וואַנד פון זיין געפענגניס.

זיי האָבען איהם געפאַנגען! ער איז געדעטעט! גערעטעט!

* * *

אָט אַזוי איז דער שלאָס שאַמפּיגנעט צוריקגענומען געוואָרען פון'ם שונא, וועלכער האָט עס געהאַט בלויז זעקס שעה אין זיין בעזיץ.

קאָלאָנעל ראַדיער, אַ טוך הענדלער, וועלכער האָט אַן דער שפּיצע פון דער נאציאָנאַל-גוואַרדיע פון לא-ראָש-אָיזעל דעם דאָ־זיגען זיעג געוואונען, האָט דערפאַר געקריגען אַן אָרדען.



# דער אָרדען





ס זיינען דאָ מענשען, וואָס ווערען געבאָרען מיט בעשטימטע אינסטינקטען, מיט א געוויסען בערוף אָדער גאָר מיט א שטאַרקען אינטערעס צו עפּעס א געוויסע זאַך, וועלכעס בעמערקט זיך אין זיי אַזוי שנעל, ווי זיי לערנען זיך אוים דענקען און רעדען.

הערר סאַקראַמען האָט פון זיין פריהערסטער קינדהייט אָן געהאַט נור איין פערלאַנג, איין וואונש, צו קריגען אַן אָרדען. בעת אַנדערע קינדער האָבען זיך אין סאָלדאַטען געשפּיעלט און מיליטערישע היטעלאַך אויפ'ן קאָפּ געטראָגען, האָט ער אָנגעטהאָן א צינענעם צלם'ל פון דעם עהרען־לעגיאָן, און, גריסענדיג זיין מוטער אין גאַס, האָט ער מיט שטאָלץ אויסגעשטעלט זיין אויסגעפּוטשעטע ברוסט, אויף וועלכער עס האָט געבליסטשעט דאָס רויטע באַנד מיט דעם צינענעם אָרדען.

נאָך א צרה'דיגען שטודיאום איז ער דורכגעפאַלען אויפ'ן עקזאַמען. ניט וויסענדיג וואָס מען הייבט אָן ווייטער צו טהאָן, האָט ער חתונה געהאַט מיט א שעהן מיידעל, ווייל געלד האָט ער געהאַט גענוג.

זיי האָבען געלעבט אין פּאַריז, ווי עס לעבען געוועהנליך רייכע בורזשוא'ס, האָבען זיך געהאַט זייער אייגענעם קרייז פון בעקאַנטע, אָן איינפאַכען בירגער־קרייז, ווייל צו דער הויכער געזעלשאַפט האָבען זיי ניט געקענט צוקומען. זיי זיינען געוועזען בעזונדערס שטאָלץ אויף דער בעקאַנטשאַפט מיט איינעם א דעפּוטאַט, וועלכער איז שיער־שיער ניט געוואָרען א מיניסטער, און נאָך צוויי אַנדערע העכערע בעאַמטע.

אָבער דער געדאַנק, מיט וועלכען הערר סאַקראַמען איז אויף

דער וועלט געקומען, האָט איהם שוין מעהר קיינמאָל ניט אָבגעד־
לאָזט, און ער האָט שרעקליך געליטען דערפֿון, וואָס ער האָט ניט
קיין רעכט צו טראָגען אין זיין לאָץ דאָס געווינשטע רויטע באַנד.

די מענשען מיט אָרדענס, וועלכע ער האָט אויף דעם בולוואַר
געטראָפען, האָבען איהם פשוט ביים הארצען געריסען. ער האָט
זיי נאָכגעקוקט קרום, מיט פערצווייפעלטער אייפערזוכט. מאנכעס
מאָל, אין די לאנגע נאָכמיטאָג שטונדען, ווען ער האָט גאָר נישט
געהאַט וואָס צו טהאָן, האָט ער זיך גענומען זיי צעהלען. ער האָט
געזאָגט צו זיך אליין:

— לאָמיר זעהן, וויפיעל זייערע וועל איך היינט אָנטרעפען
פון דער מאַדעלענע ביז צו דער גאַס דרואָ.

און ער האָט גענומען לאנגזאם שפרייזען און מיט א שאַרפען
בליק אויף די לאַצען פון די פערבייגעהער געקוקט, מיט א בליק,
וועלכער איז נאָך פון וויטען געוואוינט געווען צו ענטדעקען דעם
קליינעם רויטען פונקט. צום שלוס פון זיין שפּאַציער האָט ער
זיך אימער געוואונדערט איבער די גרויסע צאָהל:

— אכט אָפיציערען און זיעבענצעהן ריטער מיט אָרדענס!
אזוי פיעל! עס איז דאָך לעכערליך זיך אזוי ארומצואוואַרפען מיט׳ן
אָרדען; איך וויל אקאָרשט זעהן וויפיעל וועל איך זיי אָנטרעפען
אויף צוריקוועגס!

און ער איז לאנגזאם געגאַנגען צוריק דעם אייגענעם וועג,
און איז געוואָרען שטאַרק נערוועז, ווען דער געדיכטער עולם האָט
איהם אין זיינע בעאָבאַכטונגען געשטערט אָדער גאָר געמאַכט איי־
נעם איבערצוהיפּען.

ער האָט געוואוסט די קוואַרטאַלען, וואו מען טרעפט זיי אם
מייסטען. דער פּאַלע־ראָיאַל איז געווען פול מיט זיי. און אויף
דער עוועניו דע־לא אָפּערא זיינען זיי געווען א סך ווענינער, ווי
אויף דער פריעדענס־גאַס. דערביי איז די רעכטע זייט פון בול־
וואַר מעהר בעזוכט געוואָרען, ווי די לינקע.

זיי, די אָרדען־טרעגער, האָבען זאָגאַר געהאַט זייערע געוויסע
קאַפּעעס, זייערע געוויסע טהעאַטערס, וועלכע זיי האָבען ליעב גע־

האָט צו בעזוכען. יעדען מאָל, ווען הערר סאַקראַמען האָט געזעהן עטליכע אַלטע העררן מיט גרויע האָר שטעהענדיג אין מיטען טראָטואַר און פערשטעלענדיג דעם דורכגאַנג, האָט ער גלייך גע־זאָגט צו זיך אַליין: „דאָס זיינען אָפּיציערען פון עהרען־לעגיאָן". און איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט מיט זיי בעגריסען זיך.

די „אָפיציערען" — דאָס האָט ער שוין לאַנג בעמערקט — האָבען גאָר א בעזונדערע האַלטונג ווי די איינפאַכע „רימער". אַפילו דעם קאָפּ האַלטען זיי אַנדערש. מען פיהלט גלייך, אַז זיי האָבען מעהר מאַכט, מעהר איינפלוס און מעהר כבוד.

פון צייט־צו־צייט האָט איהם אָנגעכאַפּט א כעס, א כעס אויף אַלעם און אַלעמען, ווער עס האָט נור אַן אָרדען געטראָגען. און ער האָט צו די דאָזיגע מענשען געפיהלט א האַס פון א סאָציאַליסט.

ווען ער איז דאַן אהיים געקומען אַן אויפגערעגטער פון דעם אַנבליק פון אַזוי פיעל אָרדענס, ווי א הונגעריגער ביי דעם אַנבליק פון בעקערייען, האָט ער אויסגערופען אין דער הויך:

— ווען וועלען מיר שוין אמאָל פּטור ווערען פון אַזאַ מיאוס'ער רעגיערונג?

און ערשטוינט פלעגט די פרוי פרעגען:

— וואָס איז מיט דיר היינט?

און ער פלעגט ענטפערען:

— איך האָב... איך האָב... איך בין אויסער זיך פון די אַלע אונגערעכטיגקייטען, וואָס איך זעה אומעדום. אַך, די קאָמונים־טען זיינען געווען גאַנץ גערעכט!

אָבער נאָך מיטאָג איז ער ווידער אַוועק, אום צו בעטראַכטען די געשעפטען, וואו עס זיינען געווען אַרויסגעשטעלט אָרדענס. ער האָט אויפמערקזאַם אַרומגעקוקט אַלע מעדאַלען, אַלע אָרדענס פון פערשיעדענע פאַרבען און פאָרמען. אַם ליעבסטען וואָלט ער זיי וועלען האָבען אַלע, אַלע. און דאַן וואָלט ער וועלען זיין אויף א גרויסער עפענטליכער צערעמאָניע אין א ריעזיג־גרויסען זאַאַל פול מיט מענשען. און ער זאָל דער ערשטער פיהרען דעם צוג, א

שטאָלצער, פון ווירדע, מיט א בליסטשענדער ברוסט, אין גאַנצען בעדעקט מיט אָרדענס, מיט דער הוט אונטער'ן פּאַכווע, שטראַה־לענדיג, ווי א שטערן, צווישען דעם פערוואונדערטען און שטיל פליסטערענדען עולם.

אָבער אַך! ער האָט ניט געהאַט קיין רעכט אויף קיין שום אָרדען.

ער האָט געזאָגט צו זיך אליין:

— דעם אָרדען פון עהרען־לעגיאָן איז טאַקע ניט לייכט צו קריגען פאַר א מענשען, וואָס פערנעהמט ניט קיין עפענטליכע שטעל־לונג. טאָמער וואָלט איך גאָר געפּרובט זיך ארייננשטופּען אין דער אקאדעמיע און ווערען דאָרט א מיטגליעד?

האָט ער אָבער ניט געוואוסט, ווי אזוי מען הייבט עס אָן צו טהאָן. ער האָט וועגען דעם איבערגערעדט מיט זיין פרוי, וועל־כע איז שטאַרק פערוואונדערט געוואָרען.

— ארייננטרעטען אין דער אקאדעמיע? דו? אָבער מיט וואָס האָסטו עס פערדיענט?

ער איז געוואָרען א צוקאַכטער:

— אָבער פערשטעה דאָך, וואָס מען רעדט צו דיר. איך בין זיך דאָך מיט דיר מישב, וואָס איך זאָל אזוינס טהאָן, אום עס צו עררייכען! צייטענווייז ביסטו שרעקליך נאַריש!

זי האָט געשמייכעלט:

— דו ביזט גאַנץ גערעכט. אָבער וואָס ווייס איך וואָס מען קאָן טהאָן?

איהם איז איינגעפאַלען:

— ווען דו זאָלסט זיך דורכרעדען מיט דעם דעפּוטאַט ראַ־זעל'ן! ער וואָלט מיר געקאָנט געבען אָן אויסגעצייכענטען ראטה. איך אליין... ווייסטו... פערשטעהסט דאָך... עס פּאַסט עפּעס ניט צו רעדען מיט איהם דירעקט וועגען דעם. די זאַך איז א קיצעל־דיגע, א שווערע. אָבער פאַר דיר איז דאָס גאַנץ נאַטירליך.

פרוי סאקראמען האָט געטהאָן, ווי ער האָט פערלאַנגט. הערר ראַזעלין האָט פערשפּראָכען זיך דורכצוריידען וועגען דעם מיט דעם

מיניסטער. דאַן האָט סאַקראַמען איהם געגומען דרעסען און, צום סוף, האָט דער דעפּוטאַט איהם געענטפערט, אַז ער זאָל אָנגעבען אַ ביטשריפט און אויסרעכענען אַלע זיינע פערדיענסטען.

אַלע זיינע פערדינסטען? אָט דאָ ליעגט דאָך טאַקע דער הונד בעגראָבען. ער האָט דאָך אפילו זיין שטודיאום ניט געענדיגט און קיין דיפּלאָם ניט געקראָגען.

דאָך האָט ער זיך גענומען צו דער ארבייט און אָנגעהויבען שרייבען אַ בראָשורע איבער דער טהעמאַ: „דאָס רעכט פון פאָלק אויף בילדונג". אָבער אוים מאַנגעל אין געראַנקען האָט ער עס ניט געקענט ענדיגען.

ער האָט גענומען זוכען לייכטערע סיוזשעטען, האָט זיך געכאַפּט פאַר פערשיעדענע טעמאַס. צוערשט: „קינדער־ערציהונג דורך דאָס אויג". דאָרט האָט ער פאָרגעשלאָגען, אַז אין די אָרימע קוואַרטאַלען זאָלען געעפענט ווערען פרייע טהעאַטערס פאַר קינדער. אהין זאָלען די עלטערען פיהרען די קינדער פון זייער פריהעסטער יוגענד אָן און דאָרט זאָל מען זיי מיט דער הילף פון בילדער געבען אַ בעגריף פון דער גאַנצער וויסענשאַפט. דאָס זאָלען זיין אַמרטע קורסען. דאָס אויג וועט דאַן אונטערשטיצען דעם מוח און די בילדער וואָלטען זיך איינגעפּרעסט אין דעם געדעכעניש, אַזוי דאָס די וויסענשאַפט וואָלט אָנגענומען אַ לעבעדיגע געשטאַלט.

וואָס קאָן זיין איינפאַכער, ווי אויף אַזאַ אופן צו לערנען אַל־געמיינע געשיכטע, געאָגראַפיע, באָטאַניק, זאָאָלאָגיע, אַנאַטאָמיע און אַזוי ווייטער.

די דאָזיגע שריפט האָט ער געלאָזען דרוקען און געשיקט דער־פון איין עקזעמפּלאַר צו יעדען דעפּוטאַט, צעהן צו יעדען מיניס־טער, פופציג צום פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, דאַן צעהן צו יעדער פּאַריזער צייטונג און צו פינף צו די פּראָווינץ־בלעטער.

דאַן האָט ער זיך גענומען צו דער פראַגע וועגען גאַסען־ביבלי־אָטהעקען. ער האָט פערלאַנגט, אַז די רעגיערונג זאָל אַרומפיהרען איבער די גאַסען ביכער אין קליינע וועגעלאַך, ווי די אַפּעלסין־הענדלער פיהרען ארום זייערע אַפּעלסינען. יעדער איינוואָהנער

זאָל קאָנען אנטלייהען צעהן ביכער א מאָנאט פאַר פינף סענטים.

— דאָס פאָלק — האָט געזאָגט הערר סאַקראַמען — זאָרגט זיך נור פאַר זיינע פערגעניגענס. אויב עס יאָגט זיך אליין ניט נאָך בילדונג, דאַן מוז זיך די בילדונג יאָגען נאָך איהם און אזוי ווייטער.

קיינער האָט זיך אויף זיינע שריפטען ניט ארומגעקוקט. דאָך האָט ער אריינגעשיקט א ביט־שריפט. ער האָט בעקומען אַן ענט־פער, אַז מען פאַרשט אוים זיינע ווערק און דאַן וועט מען זיין בעגעהר נעהמען אין אנבעטראַכט.

ער איז געווען גליקליך, איבערצייגט אין זיין ערפאָלג און האָט גענומען וואַרטען. ער האָט אַבער מעהר וועגען דעם נישט געהערט!

דאַן האָט ער זיך ענטשלאָסען פּערזענליך עפּעס אין דער זאַך צו טהאָן. ער האָט געבעטען אַן אודיענץ ביים מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג און איז עמפּפאַנגען געוואָרען פון א בלוט־יונגען סעקרעטאַר, וועלכער האָט טראָצדעם געהאַט אין זיך א געוויסע ערנסטקייט, זאָגאַר א וויכטיגקייט און האָט אויף א ברעטעל מיט ווייסע קנעפּ, ווי אויף א קלאַוויר, געשפּיעלט, ארויסרופענדיג דיע־נער, לאַקעיען און קלענערע בעאמטע. דער דאָזיגער סעקרעטאַר האָט דעם בעזוכער פּערזיכערט, אַז זיין זאַך ליעגט אין גוטע הענד, אַז ער איז אויפ'ן ריכטיגען וועג און האָט איהם געראַטהען פאַר־צוזעצען זיינע וויכטיגע ארבייטען.

און הערר סאַקראַמען האָט זיך איבעראַנייס גענומען צו דער ארבייט.

ווי עס האָט אויסגעזעהן, איז דער דעפּוטאַט ראָזעלין איצט געווען שטאַרק פּעראינטערעסירט אין זיין ערפאָלג. ער האָט איהם זאָגאַר געגעבען עטליכע פּראַקטישע און אויסגעצייכענטע עצות. אייגענטליך האָט ער אליין אויך געטראָגען אַן אָרדען, הגם קיינער האָט ניט געוואוסט פאַר וועלכע פּערדיענסטען ער האָט די דאָזיגע אויסצייכנונג געקראָגען.

ער האָט געוויזען הערר סאַקראַמען, ווי זיך צו נעהמען פאַר

נייע אויספאָרשונגען, האָט איהם אריינגעפיהרט אין וויסענשאפט־ליכע געזעלשאפטען, וועלכע האָבען זיך הויפּטזעכליך פערנומען מיט דונקעלע וויסענשאפטליכע פראגען, אין דער האָפנונג צו עררייכען כבוד און גדולה. ער האָט איהם זאָגאר פאָרגעשטעלט אין מיניסטעריאום.

איין מאָל נאָך פריהשטיק — זייט איינינע מאָנאטען איז דער דעפּוטאט זעהר אָפט געקומען צו זיין פריינד — זאָגט ער צו איהם גאַנץ שטיל און דריקט איהם דערביי די האַנד:

— איך האָב פאַר אייך אויסגעווירקט א גרויסע זאַך. דער קאָמיטעט פון היסטאָרישע פאָרשונגען וועט אייך אנפערטרויען א בעזונדערען אויפטראג. עס האַנדעלט זיך וועגען א גאַנצע רייהע נאָכפאָרשונגען אין פערשיעדענע ביבליאָטהעקען אין גאַנץ פראַנקרייך.

פאַר אויפרעגונג האָט סאקראמען שוין מעהר ניט געקענט ניט עסען און ניט טרינקען. אין אכט טאָג ארום איז ער אוועק גע־פאָהרען.

ער איז געפאָהרען פון שטאָדט צו שטאָדט, האָט זיך פערטיעפט אין די קאטאלאָגען, געגראָבען זיך אין די פערשטויבטע, אַלטע ביכער אויף די בוידימער, וועקענדיג דעם כעס פון די ביבליאָטהע־קארען.

איין טאָג, זייענדיג אין רואן, האָט זיך איהם פּלוצים פער־וואָלט בעזוכען זיין פרוי, וועלכע ער האָט שוין א גאַנצע וואָך ניט געזעהן. ער האָט גענומען דעם ניין אוהר צוג, וועלכער קומט אָן אין פאַריז נאָך האַלבע נאַכט.

ער האָט געהאַט ביי זיך א שליסעל. גאַנץ שטיל, אָהן גערויש האָט ער געעפענט די טהיר, גליקליך פון דעם געדאַנק, זיין פרוי אזא איבעראַשונג צו מאַכען. אָבער די נארישע פרוי האָט זיך אין שלאָף־צימער איינגעשלאָסען. דאַן האָט ער א רוף געטהאָן:

— זשאננא! דאָס בין איך!

זי האָט זיך געמוזט שטאַרק דערשרעקען, ווייל ער האָט גע־הערט, ווי זי איז אויפגעשפּרונגען פון בעט און גענומען רעדען מיט

זיך אַליין, ווי פון שלאָף. דאַן איז זי אַריינגעלאָפען אין איהר טואַלעט־צימער, האָט איהם געעפענט און ווידער פערמאַכט, איז עטליכע מאָל אין גרויס איילעניש געלאָפען אַ באָרפוסע הין און צוריק איבער'ן צימער אַזוי האַסטיג, דאָס די פּאָדלאָגע האָט גע־ציטערט און די שויבען האָבען זיך געטרייסעלט. צום סוף האָט זי געפרעגט:

— ביסט דו עס, אַלעקסאַנדער?

ער האָט געענטפערט:

— יאַ, איך! איך! אָבער עפען שוין אַמאָל אויף!

די טהיר האָט זיך געעפענט און זיין פרוי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אין זיינע אַרעמס, שטאַמלענדיג:

— אַך, ווי איך האָב זיך דערשראָקען! אַזאַ איבעררַאשונג! אַזאַ אונערוואַרטעטער סורפּריז!

דאַן האָט ער זיך גענומען אויסטהאָן, פּעדאַנטיש, געלאַסען, ווי אַלעס וואָס ער האָט געטהאָן. דערנאָך האָט ער גענומען פון שטוהל דעם אויבער־ראָק, אום איהם, ווי געוועהנליך, אויפצוהענגען אין קאָרידאָר. אָבער פּלוצים איז ער געבליבען שטעהן, ערשטוינט. אין לאַץ האָט געשטעקט אַ רויטעס באַנד.

ער האָט אַרויסגעמורמעלט:

— דער... דער... אויבער־ראָק... האָט... אַן אָרדען!

דאַן איז זיין ווייב צו איהם צוגעשפּרונגען און גענומען רייסען דעם ראָק פון זיינע הענד:

— ניין... דו האָסט אַ טעות... גיב עס אַהער...

אָבער ער האָט איהם געהאַלטען פעסט פאַר אַן אַרבעל, האָט ניט געוואָלט איינלאָזען אין געהאַלטען אין איין חזר'ן, ווי אַ פער־ריקטער:

— וואָס? וואָרום? ערקלעהר מיר דאָך?... צו וועמען גע־הערט דער ראָק? מיינער איז עס דאָך נישט, וויל אויף איהם שטעקט דאָס באַנד פון עהרען־לעגיאָן?

זי האָט זיך מיט אַלע קרעפטען געמאַטערט אַרויסצורייסען ביי איהם דעם ראָק און אַ צורודערטע געשטאַמעלט:

— אָבער הער דאָך... הער דאָך... גיעב מיר עס אהער... איך קען עס דיר נישט זאָגען... עס איז א געהיימניס... אָבער הער אויס...

אָבער ער האָט זיך געבייזערט און איז בלאָס געוואָרען:

— איך וויל וויסען, ווי אזוי דער דאָזיגער אויבער־ראָק קומט אהער? מיינער איז עס נישט!

דאַן האָט זי א געשריי געטהאָן איהם גלייך אין פּנים אריין:

— הער אויס! אָבער זיי גאַנץ רוהיג, שווער מיר.. הערסט... נו, יאָ!... דו האָסט געקראָגען אַן אָרדען!...

ער איז געוועזען אזוי איבערראַשט און בעוועגט, דאָס ער האָט דעם ראָק איינגעלאָזט און איז געפאַלען אויף א שטוהל:

— איך האָב... זאָגסטו... איך האָב... אַן... אָרדען...

— יאָ... אָבער דאָס איז א געהיימניס... א סוד..

זי האָט פערשלאָסען דעם ראָק אין שאפע, זיך אומגעקעהרט צום מאַן א בלייכע, ציטערענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער, און האָט ערקלעהרט:

— יאָ... עס איז א נייער ראָק, וועלכען איך האָב פאַר דיר געלאָזט מאַכען. אָפּיציעל וועט עס ארויסקומען ערשט אין א מאָנאַט אָדער אין זעקס וואָכען ארום. דו מוזט פריהער ענדיגען דעם אויפטראַג, וואָס מען האָט דיר אנפערטרויט. דו האָסט עס געזאָלט ערפאַהרען ערשט נאָכדעם, ווי דו וועסט צוריק אהיים קומען. הערר ראָזעלין האָט עס פאַר דיר אויסגעווירקט.

נאָהענט צום חלש'ן, האָט סאַקראַמענט געשטאַמעלט:

— ראָזעלין... אַן אָרדען... ער האָט מיר דעם אָרדען פער־שאַפט... ער... מיר... אַך!..

און ער האָט געמוזט אויסטרינקען א גלאָז קאַלטע וואַסער.

א קליין, ווייס פּאַפּירעל, וועלכעס איז ארויסגעפאַלען פון א קעשענע פון ראָק, איז געלעגען אויף דר'ערד. סאַקראַמען האָט עס אויפגעהויבען. דאָס איז געוועזען א וויזיט־קאַרטעל. ער האָט איי־בערגעלעזען: „ראָזעלין־דעפּוטאַט".

— זעהסטו! — האָט געזאָגט די פרוי.

דאַן האָט ער זיך צו־וויינט פאַר גרויס פרייד.

אין אכט טאָג אַרום איז אין דער אָפיציעלער צייטונג ערשיע־נען א בעריכט, אַז הערר סאַקראַמען איז אויפגענומען געוואָרען אלס ריטער פון דער עהרען־לעגיאָן... פאַר אויסערגעוועהנליכע פער־דיענסטען...



# מאָיראָן



ען מען האָט גערעדט פון פראַנציני, האָט מאָסיע מאַ־לאָרעי, וועלכער איז אַמאָל געווען אַ שטאַאטס אַנ־וואַלט, געזאָגט:

— מיר איז אַמאָל אויסגעקומען צו אונטער־זוכען אַ מאָדנע געשיכטע, מאָדנע צוליעב אייניגע איינצעלהייטען. איהר וועט גלייך זעהן.

איך בין צו יענער צייט געווען קייזערליכער שטאַאטס־אַנוואַלט אין דער פּראָווינץ, און אַ דאַנק מיין פאָטער, וועלכער איז געווען פּרעזידענט פון דעם העכסטען געריכט אין פּאַריז, זעהר אין אַ גוטער פּאָזיציאָן. איך האָב דאַן געהאַט צו אונטערזוכען די זאַך, וועלכע איז בעקאַנט געוואָרען אונטער'ן נאָמען: "דעם לעהרער מאָיראַנ'ס צופאַל".

מאָיראָן איז געווען אַ לעהרער אין נאָרד פראַנקרייך און האָט אין דער גאַנצער געגענד געהאַט אַן אויסגעצייכענטען נאָמען. ער איז געווען אַ קלוגער, בארעכענטער, זעהר פרומער, און אַביסעלע אַ צו שטילער מאַן. אין דער געמיינדע, וואו ער איז אַלס לעהרער אָנגעשטעלט געווען האָט ער אין קורצען חתונה געהאַט. זיינע דריי קינדער זיינען צושטאָרבען אין אַ גאַנץ קורצער צייט, איינער נאָך דעם אַנדערען, פון שווינדזוכט. פון דאַן אָן האָט ער, ווי עס האָט געשיינט, אַריבערגעטראָגען אַלע זיינע צערטליכקייטען אויף די קינדער, וועלכע זיינען איהם אַנפערטרויט געוואָרען. ער האָט גע־קויפט פאַר זיין אייגען געלד שפּיעלצייג פאַר זיינע בעסטע און ליעבסטע שילער, האָט זיי געגעבען אַלערליי נאַשערייען צו עסען, זי אָנגעשטאָפּט מיט לעקעכלעך, מיט צוקערקעס, מיט קיכעלאך. אַלע האָבען איהם ליעב געהאַט און געלויבט דעם בראַווען מאַן.

פאר זיין גוט הארץ. אבער דא, פלוצים, זיינען פינף פון זיינע שילער געשטארבען אויף א גאנץ מערקווירדיגען אופן. מען האט געדענקט, אז דאס איז אפשר אן עפידעמיע, וואס איז ארויסגערופען געווארען פון די שלעכטע, פערדארבענע וואסער. מען האט געזוכט די אורזאכע פון זייער טויט און גארנישט געקענט געפינען, ווייל די סימפטאמען זיינען געווען אויסערגעוועהנליך מערקווירדיגע. אויף די קינדער איז פלוצים אנגעפאלען א גרויסע שלעפעריגקייט, זיי האבען אויפגעהערט צו עסען, זיך בעקלאגט אויף בויך וועהטאג, זיך ארומגעשלעפט נאך א קליין שטיקעל צייט, און דאן געשטארבען אונטער מורא׳דיגע יסורים.

דעם לעצטען טויטען קינד האט מען געפאלמעסט. מען האט אוועקגעשיקט זיינע איינגעווייידען קיין פאריז. זיי זיינען אונטערזוכט געווארען, אבער קיין גיפט האט מען אין זיי ניט געפינען.

אין פערלויף פון א יאהר האט גארנישט פאסירט. דאן זיינען ווידער צוויי אינגלאך געשטארבען אין צייט פון פיער טעג. דאס זיינען געווען די בעסטע שילער פון קלאס, די ליעבלינגען פון׳ם לעהרער. מען האט ווידער אמאל געפאלמעסט די טויטע און ביי א גענויער אונטערזוכונג האט מען אין די ארגאנען פוןביידע קינדער געפונען קליינע סקאבקעס פון צושטויסענעם גלאז. דערפון האט מען געצויגען א שלוס, אז ביידע אינגלאך האבען פארשטיעפטערהייד געגעסען עפעס אן אונריינע שפייז, וואו עס האבען זיך געפונען די דאזיגע סקאבקעס. מען וואלט זיך דערמיט בערוהיגט, ווען ניט מאיראנ׳ס דיענסטמיידעל, וועלכע איז אין א קורצער צייט נאכדעם פלוצלינג קראנק געווארען. מען האט גערופען א דאקטאר און ער האט ביי איהר געפונען דיזעלבע סימפטאמען, ווי ביי די קינדער, וואס זיינען ערשט ניט לאנג געשטארבען. ער האט זי אויסגעפרעגט, און זי האט זיך מודה געווען, אז זי האט גע׳גנב׳עט צוקערקעס, וואס דער לעהרער האט געקויפט פאר זיינע שילער.

אויף א בעפעהל פון דעם שטאאט־אנוואלט איז די שולע גענוי דורכגעזוכט געווארען און מען האט געפונען א גרויסע שאפע פול מיט שפיעלצייג און נאשערייען פאר די קינדער. כמעט אלע, אלע

עסענוואַרג זיינען געווען דורכגעקנאַטען מיט קליינע סקאַבקעס גלאָז אָדער מיט שטיקלאַך צובראָכענע נעה־נאָדלען.

מאַיראַן איז גלייך אַרעסטירט געוואָרען. ער האָט געשיינט צו זיין אַזוי אויפגעבראַכט, אַזוי אויסער זיך פון דעם פערדאַכט, אַז מען האָט איהם גלייך ווידער פריי געלאָזען. אָבער די בעווייזע פון זיין שולד האָבען זיך געמעהרט פון טאָג צו טאָג און האָבען צו נישט געמאַכט מיין ערשטע איבערצייגונג פון זיין אונשולד, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף זיין גוטען נאָמען, זיין עהרליכען לעבען, אויף דער אונוואַהרשיינליכקייט פון אַזאַ טהאַט און אויף דעם, אַז עס זיינען נישטאָ קיין שום אורזאַכע, וועלכע זאָלען דעם מאַן ברענגען צו אַזאַ פערברעכען.

פאַרוואָס זאָל דער דאָזיגער גוטער, איינפאַכער, פרומער מענש האָבען אומגעבראַכט קינדער און גראָד די קינדער, וועלכע ער האָט געשיינט אַם מיינסטען ליעב צו האָבען, וועלכע ער האָט פאַרגע־צויגען, וועלכע ער האָט מיט נאַשערייען אָנגעשטאָפּט און אַ העלפט פון זיין געהאַלט אויסגעגעבען, אום פאַר זיי שפּיעלצייג און צוקערקעס צו קויפען?

דאָס האָט זיך אַנדערש ניט געקענט ערקלעהרען, סיידען מיט משוגעת. אָבער מאַיראַן האָט געמאַכט אַזאַ קלוגען, אַזאַ רוהיגען, אַזאַ קלאָהרען איינדרוק, אַז עס איז אונמעגליך געווען איהם צו בעשולדיגען אין משוגעת.

און דאָך זיינען די בעווייזע געוואַקסען. די אַלע צוקערקעס, קיכעלאַך און די איבעריגע נאַשערייען אין די קראָמען, וואו דער לעהרער האָט זיינע זאַכען איינגעקויפט, זיינען גענוי אונטערזוכט געוואָרען, אָבער מען האָט אין זיי גאָרנישט געפונען, קיין שפּור פון דעם, וואָס האָט די אונגליקליכע קינדער דעם טויט געבראַכט.

נאָך דער דאָזיגער אונטערזוכונג האָט דער לעהרער ערקלעהרט, אַז אַן אונבעקאַנטער שונאַ האָט געמוזט עפענען זיין שאַפע מיט אַ נאַכט שליסעל, און דאָרט אַריינגעלעגט אין די נאַשערייען דאָס גלאָז און די נאָדלען. און ער האָט אויסגעטראַכט אַ גאַנצע געשיכ־טע פון אַ קינד, פון וועמעס טויט עס איז אָבגעהאַנגען אַ ירושה. ער האָט ערקלעהרט, אַז דער פויער, וועלכער האָט די ירושה גע־

קראַגען, האָט מסתמא בעגאנגען די דאָזיגע טהאט און דער פער־
דאכט דערפון ווערט איצט אומזיסט אויף איהם ארויפגעוואָרפען.
עס פערשטעהט זיך, האָט ער געזאָגט, אז די בעסטיע אין מענשענ־
געשטאלט האָט זיך ווייניג וואָס אַבגעגעסען דאָס הארץ, וואָס נאָך
אנדערע קינדער זיינען געשטאָרבען פון דעם גיפט, וואָס ער האָט
אָנגעגרייט פאר דעם אייגעם, וועמעס טויט האָט איהם נוצען גע־
בראַכט.

דאָס איז געווען מעגליך, און דער מאַן האָט געשיינט צו זיין
אזוי זיכער אין זיין זאך און איז געווען אזוי פערצווייפעלט, אז
מיר וואָלטען איהם וואהרשיינליך פריינעשפּראָכען, טראָץ אלע פער־
דאכטען, וואָס זיינען געווען געגען איהם, ווען צוויי שטארקע בע־
ווייזע פון זיין שולד וואָלטען פּלוצים ניט ארויסגעשוואומען פון
אויבען.

דער ערשטער בעוויז איז געווען א טאבאקערקע פול מיט
צושטויסענעם גלאָז, זיין טאבאקערקע, וועלכע מען האָט געפונען
אין א בעהאלטענעם שופלאָד פון זיין שרייבטיש, וואו ער פלעגט
בעהאלטען זיין געלד.

אויף דיעזען פאקט האָט ער ערקלעהרט אויף א גאנץ איינ־
פאכען שטייגער אלס די לעצטע כיטראָסט פון דעם אונבעקאנטען
מערדער. אָבער דאָ איז געקומען א קרעמער פון סיינט מארלאָף
צום אונטערזוכונגס־ריכטער און האָט דערצעהלט, אז א געוויסער
מאַן האָט ביי איהם פיעל מאָל געקויפט נאָדלען. ער האָט אימער
פערלאנגט די דינסטע נאָדלען, וואָס מען קען נור קריגען און האָט
זיי פאר איהם אין די אויגען צובראָכען, אום צו זעהען אויב זיי
וועלען זיך טויגען פאר זיינע צוועקען.

דער קרעמער איז צוזאמענגעפיהרט געוואָרען מיט א טוץ מענ־
שען, צווישען וועלכע ער האָט גלייך דערקענט מאיראַנ׳ען. און
די אונטערזוכונג האָט אויסגעפונען, אז דער לעהרער איז ווירקליך
געווען אין סיינט־מארלאָף אין די טעג, וועלכע דער קרעמער האָט
אָנגעגעבען.

איך וועל אריבערגעהן די מורא׳דיגע אויסזאָגונגען פון די
קינדער אליין, איבער דאָס אויסקלייבען פון די נאשערייען און די

בעמיהונגען פון מאָיראַן, אז זיי זאָלען זיי אויפעסען אין זיין געגענוואַרט און אז אלע איבערבלייבעכצען זאָלען זאָרגפעלטיג בעהאַלטען ווערען.

די אויפגערעגטע, עפענטליכע מיינונג האָט פערלאַנגט די שווערסטע שטראָף און די שטימע פון פאָלק האָט זיך אויפגעהויבען מיט אַזעלכע מורא׳דיגע סטראַשונקעס, אז יעדער וואונש מילד צו זיין איז דערשטיקט געוואָרען, און יעדער צווייפעל האָט געמוזט שווייגען.

מאָיראַן איז פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט; זיין אַפּעלאַציאָן איז פערוואָרפען געוואָרען. איהם איז געבליבען בלויז איינס, צו בעטען גנאַדע. איך האָב געוואוסט דורך מיין פאָטער, אז דער קייזער וועט איהם ניט בעגנאַדיגען.

און דאָ פלוצים, ווען איך האָב איין מאָל א אין דער פריה געאַרבייט אין מיין ביוראָ, האָט מען מיר געמעלדעט וועגען דעם בעזוך פון דעם געפענגעניס־פּריסטער.

דאָס איז געוועזן אן אלטער גלח, וועלכער האָט באַזעסען א גרויסע מענשען קענטניס און האָט זייט פיעלע יאָהרען געהאָט צו טהאָן מיט פערברעכער. ער איז געוועזן ווי פערלעגען און נאָכדעם ווי מיר האָבען איינינגע מינוטען גערעדט איבער פערשיעדנע זאַכען, האָט ער פלוצים געזאָגט צו מיר, בעת ער איז אויפגעשטאַנען:

— הערר שטאַאטס אַנוואַלט, ווען מאָיראַן ווערט געטויטעט, דאַן טויטעט איהר אַן אונשולדיגען.

דאַן איז ער אוועק אָהן א פערנייגונג און האָט מיך איבערגעלאָזען אונטער דעם טיעפען איינדרוק פון זיינע ווערטער. ער האָט זיי אַרויסגערעדט אַזוי בעוועגט אויף אַזאַ פייערליכען אופן. און כדי צו רעטען א מענשליך לעבען האָט ער זיך ניט אָבגעשטעלט פון אַרויסצוגעבען א ווידוי־געהיימניס, וועלכעס איז געוועהנליך הייליג ביי דעם פּריסטער.

אין א שטונדע אַרום בין איך געפאָהרען אין פּאַריז און מיין פאָטער, ווען איך האָב וועגען דעם צו־ווייסען געגעבען, האָט גלייך געבעטען פאַר מיר א אודיענץ ביים קייזער.

אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט מען מיך צוגעלאָזען צום הויף. זיין

מאיעסטעט האָט געאַרבייט אין אַ קליין צימער, ווען מיר זיינען אהין אריין. איך האָב ערקלעהרט די גאַנצע געשיכטע ביז צו דעם בעזוך פון׳ם פּריסטער. און איך האָב גראד געוואָלט רעדען דערפון, ווען הינטער דעם קייזער׳ס שטוהל האָט זיך אַ טהיר אויפגעפּעפנט און די קייזערין איז אריין. זי האָט געדענקט, אַז ער איז אליין. נאַפּאָלעאָן האָט ביי איהר געפרעגט אַן עצה. אַזוי שנעל ווי זי איז געוואָהר געוואָרען וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, האָט זי אויס־גערופען:

— דער מאַן מוז בעגנאַדיגט ווערען. ער מוז, ווייל ער איז אונשולדיג.

— פאַרוואָס האָט די פּלוצימדיגע איבערצייגונג פון אַזאַ פרומער פרוי מיט איין מאָל אריינגעוואָרפען אַ צווייפעל אין מיין נשמה?

ביז דאַן איז מיין הייסעסטער וואונש געווען, אַז מען זאָל זיין שטראָף מילדערען, און איצט האָב איך עפּעס פּלוצים דערפיהלט, ווי איך וואָלט געווען אַ שפּיעלצייג, אַ ליאַ אין די הענד פון אַ דורכ־געטריבענעם פערברעכער, וועלכער האָט דעם פּריסטער און די ווידוי אַלס לעצטע רעטונגס מיטעל בענוצט.

איך האָב מיין צווייפעל ארויסגערעדט פאַר זייערע מאיעס־טעטען. דער קייזער איז געווען אונענטשלאָסען. זיין נאַטירליכע גוטסקייט פון איין זייט און דער געדאַנק, זיך ניט צו לאָזען בע־טריגען פון אַ פּערברעכער האָבען איינגעהאַלטען די וואָגשאָל אין זיינע הענד און ניט געלאָזט איהם קומען צו קיין בעשלוס. אָבער די קייזערין, וועלכע איז געווען איבערצייגט, אַז דורך די ליפּען פון׳ם פּריסטער האָט גערעדט אַ געטליכע שטימע, האָט געזאָגט פון דאָס ניי:

— וואָס מאַכט עס אויס. בעסער אַ שולדיגען בעגנאַדיגען, איידער אַן אונשולדיגען טויטען.

דאָס האָט געווירקט. די טויט שטראָף איז פערביטען גע־וואָרען אויף צוואַנגס־אַרבייט.

דאַן האָב איך אין עטליכע יאָהר שפּעטער זיך דערוואוסט, אַז מאיראַן, וועמעס אויפפיהרונג אין געפענגעניס איז געווען מוסטער־

האפּט, האָט ווידער אמאָל דורך פּראַקטיקציע געצוויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון קייזער, ביי וועמען מען האָט פאַר איהם גנאַדע געבעטען. ער איז דאַן פון דעם דירעקטאָר פון דעם געפענג־ניס בענוצט געוואָרען אלס דיענער.

און דערנאָך האָב איך פון דעם מאַן א צייט לאַנג גאָר ניט געהערט. ווען איך האָב פאַר צוויי יאָהרען פאַרבראַכט דעם זומער ביי מיין פעטער דע־לאַריעל, האָט מען מיר איין מאָל אין אָבענד, ווען מיר האָבען זיך געוואָלט זעצען צום טיש, געמעלדעט, אַז א יונגער פּריסטער וויל מיך זעהן.

איך האָב געהייסען מען זאָל איהם אריינפיהרען און ער האָט מיך זעהר געבעטען צו געהן צו א גוסס'ען, וועלכער וויל מיך דורכ־אוים זעהן. דאָס האָט מיט מיר אָפט פּאַסירט, בעת איך האָב מיין אמט אָנגעהאַלטען. און הגם איך האָב צוליעב דער רעפּובליק מיין דיענסט שוין לאַנג אויפגעגעבען, דאָך האָט מען מיך פון צייט צו צייט ביי אַזעלכע געלעגענהייטען נאָך אַלץ גערופען.

איך בין אוועק מיט'ן פּריסטער, וועלכער האָט מיך אוועק־געפיהרט אין א קליינע, אָרימע וואָהנונג, הויך אונטער'ן בוידעם פון אַן אַרבייטער הויז.

דאָרט האָב איך אויף א שטרויענעם זאַק געפונען אַן אונ־בעקאַנטען, וועלכער האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען. ער איז גע־זעסען אויפגעריכט מיט'ן רוקען אַן וואַנט אָנגעשפּאַרט, אום צו קענען דעם אָטהעם אָבכאַפּען. עס איז געווען א סקעלעט מיט טיעף איינגעפאַלענע, ברענענדיגע אויגען.

אַזוי שנעל ווי ער האָט מיך דערזעהן, האָט ער אויסגעפּליס־טערט:

— דערקענט איהר מיך ניט?

— ניין.

— איך בין מאַיראַן.

א שוידער איז מיר איבער'ן לייב אַריבער און איך האָב געפרעגט:

— דער לעהרער?

— יאָ.

— ווי קומט איהר אַהער?

— דאָס וועט נעהמען צו לאַנג צו דערצעהלען און איך האָב שוין מעהר קיין צייט ניט. איך בין שוין געווען נאָהענט צום טויט, ווען מען האָט צו מיר געשיקט אָט דעם פּריסטער און אזוי ווי איך וויים, אז איהר געפינט זיך דאָ, האָב איך נאָך אייך געשיקט. פאר אייך וואָלט איך וועלען זיך מתוודה זיין, ווייל איהר האָט מיר אמאָל דאָס לעבען געראַטעוועט.

ער האָט זיך איינגעקלאַמערט מיט זיינע ציטערענדע הענד אָן דעם שטרוי פון זיין זאַק אונטער דער דעקע און אָנגעהויבען צו רעדען פאַרביסען, בייז איינגעקשנ'ט, הגם מיט א שטיל קול:

— אלזאָ, הערט. איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, ווארום אימיצען מוז איך עס זאָגען, איידער איך געה פון דער וועלט אַוועק.

איך האָב די קינדער געטויטעט, אַלע. איך. אוים ראַכע.

הערט אוים. איך בין געווען אַן עהרליכער מענש; זעהר עהרליך, זעהר בראַוו, מיט א גאַנץ ריינעם הארצען. איך האָב געבעטען צו מיין גאָט, צו דעם גוטען גאָט, וועלכען מען לערענט אונז ליעב האָבען און ניט צו יענעם פאַלשען גאָט, דעם הענקער, דעם גנב, דעם מערדער, וועלכער הערשט איבער דער וועלט. איך האָב קיינמאָל ניט געטהאָן עטוואָס בייזעס, קיינמאָל קיין שלעכטעס קיינעם ניט געטהאָן. איך בין געווען אזוי ריין, ווי נור ווענינ ווענינ מענשען קענען זיין.

ווען איך האָב געהייראַט, האָב איך קינדער געהאַט און איך האָב זיי ליעב געהאַט מעהר, ווי וועלכער ניט איז פאָטער אָדער מוטער האָבען זייערע קינדער ליעב געהאַט. איך האָב געלעבט נור פאַר זיי. איך האָב זיי געליעבט משוגע. און זיי זיינען געשטאָר־בען, אַלע דריי. פאַרוואָס? פאַרוואָס? וואָס האָב איך געטהאָן? איך בין געווען פערצווייפעלט, איך בין געווען אויסער זיך און דאַן האָבען זיך מיר מיינע אויגען געעפענט, ווי ווען מען ווערט ערוואַכט, און איך האָב פערשטאַנען, אז גאָט איז א בייזער, א שלעכטער. פאַרוואָס האָט ער מיינע קינדער געטויטעט? מיר האָבען זיך מיי־נע אויגען געעפענט און איך האָב דערזעהן, אז ער האָט הנאה פון

טויטען. נור פון דעם האָט ער הנאה, ער עקזיסטירט בלויז אום צו צושטערען.

גאָט איז אַ מערדער. ער ברויכט יעדען טאָג אָפּפער און זוכט זיי אויף פאַר זיין פערגעניגען אויף יעדען מעגליכען אופן. ער האָט אויסגעטראַכט קראַנקהייטען, אונגליקליכע צופאַלען, אום זיך מאַנאטען לאַנג, יאָהרען לאַנג צו אונטערהאַלטען. און טאָמער איז איהם נאָך אַלץ ניט גענוג און ער לאַנגווייליגט זיך, דאַן שיקט ער עפּידעמיען, פעסט, כאָלערע, פּאָקען און ווער ווייס וואָס נאָך, אויף דער ערד אַראָב. און דאָס איז איהם נאָך אַלץ ווייניג. דאָס אַלעס זעהט אוים צו עהנליך איינס צו אַנדערען און דארום רופט ער פון צייט צו צייט אַרויס אַ מלחמה, אום גלייך אויף איין מאָל צו זעהען הונדערטער טויזענדער סאָלדאַטען אויסגעצויגען אויף דער ערד, אין בלוט און שמוץ, צוטראָטענע, צו'הרג'עטע, מיט אָב־געריסענע הענד און פיס, מיט צושמעטערטע קעפּ, אָבגעשאָסענע פון די קוילען...

דאָס איז נאָך ניט אַלעס. ער האָט געשאַפען מענשען, וועל־כע האָבען איינער דעם צווייטען אויפגעפרעסען און דאַן, ווען די מענשען זיינען בעסער געוואָרען ווי ער, האָט ער די חיות געמאַכט, כדי צו זעהן, ווי די מענשען יאָגען זיך נאָך זיי און שלאַכטען זיי אויס, אום זיך מיט זיי צו ערנעהרען. און דאָס איז נאָך אַלץ ניט אַלעס: ער האָט די גאַנץ קליינע בעשעפענישען געשאַפען, וועלכע לעבען בלויז איין טאָג, די פליעגען, וועלכע שטאַרבען אין די מיליאָנען יעדע שעה, די מוראַשקעס, וועלכע מען צוטרעט אויף טויט און אַזוי פיעל אַנדערע, אַז מען קען עס אפילו מיט'ן מוח ניט פאַרנעהמען. און דאָס אַלעס טויטעט איינס דאָס אַנדערע, יאָגט זיך, פערפאַלגט, פערצעהרט, פרעסט זיך אויף און שטאַרבט אָהן אַ סוף. און דער ליעבער גאָט קוקט זיך צו דעם אַלעמען צו און האָט הנאה דערפון, וואָרים ער זעהט אַלעס, די קלענסטע ווי די גרעסטע, די וואָס לעבען אין אַ טראָפּען וואַסער, און די וואָס לעבען אויף די אַנדערע פּלאַנעטען. ער קוקט זיך צו און ער לאַכט.

און ווען מיר איז דאָס אַלעס קלאָהר געוואָרען, מיין הערר,

האָב איך אויך אָנגעהויבען צו טויטען, קינדער צו טויטען. איך האָב זיי ביי איהם צוגענומען, ער האָט זיי ניט געקריגען. ניין, ניט ער, נור איך. איך וואָלט נאָך פיעל מעהר ערמאָרדעט, אָבער איהר האָט מיך ארעסטירט. נו, איצט איז עס ארוים.

איך בין שיער ניט געשטאָרבען אונטער דער גיליאָטינע! אַך, ווי ער וואָלט געלאַכט, דער תליון! דאַן האָב איך ביי א פריסטער הילף געבעטען און איך האָב דעם מאַן אָבגענאַרט, איך האָב פאַר איהם ווידוי געזאָגט און איהם גענאַרט, און דאַן בין איך לעבען גע־בליבען.

איצט איז אוים מיט מיר, איצט וועל איך זיך שוין פון איהם ניט ארויסדרעהען, אָבער איך האָב פאַר איהם קיין מורא ניט, ניין, איך פעראַכט איהם צו שטאַרק.

* * *

עס איז געוועזן א מורא צו קוקען אויף דעם עלענדען, ווי ער האָט זיך מיט די לעצטע קרעפטען געמאַטערט זיין געשיכטע צו דערצעהלען. אין האלז האָט ביי איהם געכאַרכעלט, די מאָגערע פים אונטער דער שמוציגער, שווארצער דעקע האָבען זיך געטרייסעלט ווי פון פראָסט און ער האָט ווייט אויפגעריסען דעם מויל אום צו כאַפּען דעם אָטהעם און אויסברענגען א פליסטערענדען וואָרט.

אַך, וואָס פאַר א מורא'דיגער מענש און וואָס פאַר א מורא'־דיגע ערזאינערונג!

— איך האָב איהם געפרעגט:

— האָט איהר מיר נאָך עפּעס צו זאָגען?

— ניין.

— דאַן זייט געזונד!

— אדיע, מיין הערר, מיין סוף קומט, היינט נאָך, אָדער מאָרגען...

איך האָב זיך א קעהר געטהון צום פריסטער, וועלכער איז געשטאַנען בלייך ווי דער טויט און וועמעס שווארצע געשטאַלט האָט זיך אָבגעצייכענט אויף דער וואַנט.

— איהר בלייבט דאָ, הערר אבבע?

— איך בלייב.

דאָ האָט דער גוסס'ער געגומען לאַכען :

— יאַ, יאַ, גאָט שיקט זיינע ראָבען אהין, וואו אַן עזעל ליעגט.

איך האָב מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען, האָב אַ ריס געטהאָן די טהיר און זיך געלאָזט לויפען פון דאָרט.



# די האַנד



קרייז מענשען האָט ארומגערינגעלט דעם אונטער־זוכונגס ריכטער בערמוטיע, וועלכער האָט ארויס־געזאָגט זיין מיינונג איבער דעם געהיימניספוללען פאַל אין סען־קלו. שוין א מאָנאַט צייט ווי דער דאָזיגער אונערקלעהרליכער פערברעכער האָט משוגע געמאַכט גאַנץ פּאַריז. קיינער האָט עס זיך ניט געקענט ערקלעהרען.

הערר בערמוטיע איז געשטאַנען מיט'ן רוקען אָנגעשפּאַרט אויפ'ן קאַמין און גערעדט; ער האָט צוזאַמענגענומען די בעווייזע, צו־נישט געמאַכט געוויסע מיינונגען, אָבער אליין האָט ער ניט גע־צויגען קיין שום שליסע.

א פּאָאָר פרויען האָבען זיך אויפגעהויבען און צוגעגאַנגען נעהנטער. זיי האָבען זיך איינגעגעסען מיט זייערע אויגען אין די גלאַט געראַזירטע ליפּען פון'ם בעאַמטען, וועלכער האָט גערעדט פון אזעלכע שרעקליכע זאַכען. זיי האָבען געציטערט פאַר נייגע־ריגקייט און דער פערלאַנג צו הערען עטוואָס מורא'דיגעס, עטוואָס שרעקליכעס האָט זיי געפּלאָגט און געמאַטערט.

איינע פון זיי, א בלייכערע ווי די איבעריגע, האָט זיך בענוצט מיט א שטילער מינוט און זיך אָבגערופען:

— דאָס איז א שרעקליכע זאַך! עפּעס איבערנאַטירליכעס שטעקט אין דעם. מען וועט קיינמאָל ניט דערגעהן דעם אמת.

דער בעאַמטער האָט זיך א קעהר געטהאָן צו איהר:

— יא, מאַדאַם, זעהר מעגליך, אז מען זאָל עס קיינמאָל ניט דערגעהן. אָבער איבערנאַטירליכעס, ווי איהר זאָגט, איז דערביי גאָר נישטאָ. מיר שטעהען פאַר א זעהר קלוג אויסגעטראַכטען און

זעהר געשיקט אויסגעפיהרטען פערברעכען, וועלכער איז איינגעוויקעלט אין א געהיימניספולען שלייער; און אזוי ווי די נעבען אומשטענדען זיינען אונז פרעמד, קענען מיר דעם דאָזיגען שלייער ניט אויפהויבען.

איך האָב אמאָל אליין געהאט אן עהנליכען פאַל, אין וועלכען עס איז ווירקליך געווען עטוואס פאַנטאַסטישעס. אָבער מען האָט די זאַך געמוזט אויפגעבען, ווייל עס איז אונמעגליך געווען זי צו ערקלעהרען.

איינינע פרויען האָבען געזאָגט מיט א מאָל און אזוי שנעל, אז זייערע שטימען האָבען זיך צונויפגעגאָסען:

— אַך, דערצעהלט עס אונז!

הערר בערמוטיע האָט ערנסט א שמייכעל געטהאָן, ווי עס פּאַסט זיך פאר אן אונטערזוכונגס ריכטער, און געזאָגט:

— איהר זאָלט נור נישט דענקען, אז איך האָב אפילו איין מינוט געגלויבט, דאָס אין דער זאַך ליעגט עטוואָס איבערמענשליכעס. איך גלויב נור אין נאַטירליכע אורזאַכען. אָבער ווען מיר זאָלען די זאַכען, וועלכע מיר פאַרשטעהן ניט, אנשטאָט „איבערנאַטירליכע" אָנרופען „אונערקלעהרליכע" וואָלט געווען א סך בעסער. יעדענפאַלס האָבען מיך ביי דעם פאַל, וועלכען איך וועל אייך ערצעהלען, געאינטערעסירט די נעבען אומשטענדען מעהר ווי די זאַך אליין. אָט וועגען וואָס עס האָט זיך געהאנדעלט:

איך בין דעמאָלט געווען אונטערזוכונגס ריכטער אין איאַטשיא, א קליין, ווייס שטעדטעל, וואָס ליגט אויף א ברעג פון א וואונדערשעהנעם פלוס, ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט הויכע בערג.

איך האָב דאָרט הויפּטזעכליך געהאט צו פערפאָלגען ווענדעטאַ־פערברעכענס. מאַנכע פון די דאָזיגע פערברעכענס זיינען אזוי וואונדערבאַר, אזוי טראַגיש, אזוי ווילד און ליידענשאַפטליך, אז איהר קענט זיך עס קוים פאָרשטעלען.

דאָרט פאַסירען די שעהנסטע האנדלונגען, וועלכע די פאַנטאַזיע קען אויסמאָהלען, דאָרט לעבט נאָך דער אלטער האַס פון מיט הונדערטער יאָהרען צוריק, וועלכער ווערט צייטענווייז שוואַכער, אָבער קיין מאָל ניט אויסגעלאָשען. דאָרט זעהט מען זיך

און מיט ביטראָסטען, שלויהייטען, מאָרד טהאטען און מערדערייען, וועלכע האָבען גאָר קיין נאָמען נים.

אין פערלויף פון צוויי יאָהר האָב איך נור געהערט ריידענדיג פון בלוט־ראכע, פון יענעם מורא'דיגען קאָרסיקאנישען פאָראור־טייל, וועלכער צווינגט די מענשען זיך נוקם צו זיין פאר א בעליי־דיגונג ניט נור פון דעם בעליידיגער, נור אויך פון זיינע פריינד, פון זיינע קרובים, פון זיינע קינדער און קינדס־קינדער. איך האָב געזעהן, ווי מען שעכט אלטע לייט, קינדער, נאָהענטע קרובים; מיין קאָפּ איז געווען פול מיט אזעלכע געשיכטען.

און דאָ האָב איך זיך איין מאָל אין א שעהנעם טאָג דער־וואוסט, אז עפּעם אן ענגלענדער האָט געדונגען אויף עטליכע יאָהר א קליינע ווילא הינטער'ן פּלוס. ער האָט מיטגעבראכט מיט זיך א פראנצויזישען דיענער, וועלכען ער האָט גענומען פאַרבייפאָה־רענדיג אין מארסעל.

באלד האָט די גאנצע שטעדטעל גערעדט פון דעם דאָזיגען מערקווירדיגען מענשען, וועלכער האָט געלעבט איינער אליין אין זיין הויז און איז נור ארויסגעגאנגען אויף געיעג און צו כאפּען פיש. ער האָט מיט קיינעם ניט גערעדט, איז קיין מאָל ניט געקומען אין שטאָדט און יעדען פריהמאָרגען האָט ער צוויי, דריי שטונדען פער־בראכט מיט דעם וואָס ער האָט געשאָסען פון א פּיסטאָליעט אָדער א קאראבין.

אלערליי לעגענדען האָבען זיך גענומען בילדען וועגען דעם מאַן. דער עולם האָט זיך געמאכט סברה'ס, אז ער איז אודאי עפּעם א גרויסער מענש פון די הויכע פענסטער, וועלכער איז צו־ליעב פּאָליטישע אורזאכען אנטלאָפען פון זיין פאטערלאנד. דאַן איז ארוים א קלאנג, אז ער בעהאלט זיך נאָך דעם ווי ער איז בע־גאנגען א מורא'דיגען פערברעכען; מען האָט זיך זאָגאר דערצעהלט שרעקליכע איינצעלהייטען...

אלס אונטערזוכונגס ריכטער האָב איך געוואָלט דערגעהן עפּעס מעהר איינצעלהייטען וועגען דיעזען מאַן, אָבער עס איז געווען אונ־מעגליך. ער האָט זיך גערופען סער דזשאן ראָוועל.

איך האָב זיך בענוגענט דערמיט, וואָס איך האָב איהם שטרענג

בעאָבאַכטעט; אָבער דעב אמת געזאָגט האָב איך אין איהם ניט געזעהן קיין זאַך, וואָס זאָל ארויסרופען אַ פערדאַכט.

אָבער די קלאַנגען וועגען איהם האָבען נאָך אלץ ניט אויפ־געהערט, מיט דער צייט זיינען זיי געוואָרען נאָך גרעסער, נאָך מעהר פארשפרייט; איך האָב בעשלאָסען פּרובירען אליין צו טרע־פען זיך מיט'ן פרעמדען און איך האָב גענומען עפטער געהן אויף געיעג אין דער אומגעגענד פון זיין וויללאַ.

איך האָב לאַנג געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט, ביז איין מאָל, ווען איך האָב זיך געיאָגט נאָך אַ רעבהון אויף זיין בעזיץ און האָב זי דערשאָסען פאר דעם ענגלענדער'ס נאָז. מיין הונד האָט זי מיר געבראַכט, איך האָב גענומען דעם טויטען פויגעל, האָב זיך גלייך ענטשולדיגט פאר סער דזשאָן ראָוועל און איהם אָנגעבאָטען, ער זאָל צונעהמען די רעבהון.

ער איז געווען אַ הויכער מאן מיט רויטע האָאָר און אַ געלער באָרד, זעהר ברייט און קרעפטיג געבויט, אַ מין סאָרט רוהיגער און העפליכער הערקולעס. ער האָט אין זיך גאָרנישט געהאַט פון דער בעוואוסטער ענגלישער שטייפקייט און האָט מיר וואַרעם גע־דאַנקט פאר מיין אויפמערקזאַמקייט אין פראַנצויזיש, צוגעפּוצט מיט ענגלישע ווערטער.

אין פערלויף פון די נעכסטע פיער וואָכען האָבען מיר מיט איהם גערעדט אַ מאָל פינף־זעקס, און איין מאָל אין אָבענד, ווען איך בין פארבייגעגאַנגען זיין טהיר, האָב איך איהם דערזעהען אין גאָרטען. ער איז געזעסען רייטענדיג אויף אַ שטול און גערויכערט אַ ליולקע.

איך האָב איהם בעגריסט און ער האָט מיך איינגעלאַדען אויף אַ גלאָז ביער. עס פארשטעהט זיך, אז איך האָב זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטען. ער האָט מיך צוגענומען מיט דער בעוואוסטער ענג־לישער העפליכקייט, האָט שטאַרק געלויבט פראַנקרייך, קאָרסיקאַ און ערקלעהרט, אז ער האָט זעהר ליעב דיעזען אינזעל.

דאַן האָב איך מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט איהם גע־שטעלט עטליכע פראַגען איבער זיין לעבען און זיינע אַנזיכטען.

ער איז פון מיינע פראַגען ניט אָ האָאָר צומישט געוואָרען און

האָט גאַנץ רוהיג דערצעהלט, אַז ער האָט פיעל אַרומגערייזט, איז געווען אין אינדיען, אפריקאַ און אַמעריקאַ. לאַבענדיג האָט ער צוגעלייגט:

— אַה, איך האָב זיך אַ סך אָנגעזעהן און פיעלע פערשיעדענע צופעלע האָבען מיט מיר פּאַסירט. אָה, יעס!

דאַן האָב איך ווייטער גערעדט פון געיעג און ער האָט מיר דערצעהלט אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען פון געיעג אויף היפּאָ־פּאָטאַמען, אויף עלעפאַנטען און זאָגאַר אויף גאָרילאַס.

איך האָב בעמערקט:

— אָט די דאָזיגע אַלע חיות זיינען זעהר געפעהרליכע!

ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן:

— אָה נאָ, דער געפעהרליכסטער איז דער מענש!

ער האָט זיך צולאַכט אויף זיין גוטמוטיגען ענגלישען שטייגער און געזאָגט:

— איך האָב זיך אָפט געיאָגט נאָך מענשען אויך.

דאַן האָט ער גערעדט פון וואָפען און האָט מיך איינגעלאַדען אין הויז אריין, אום צו זעהען געוועהר פון פערשיעדענע סיסטעמען.

זיין גאַסט צימער איז געווען בעשלאָגען מיט שוואַרצען זייד. גרויסע געלע בלומען האָבען זיך געשלענגעלט אויף דונקעלען שטאָף און געבליסטשעט ווי פייער.

ער האָט ערקלעהרט:

— דאָס איז יאַפּאַנעזישע שטיקעריי!

אָבער אין מיטען פון דער גרעסטער וואַנד האָט עפּעס אַ מאָדנער געגענשטאַנד צוגעצויגען צו זיך מיין אויפמערקזאַמקייט. אויף אַ פּיערקאַנטיגען שטיק רויטען סאַמעט האָט זיך אָנגעזעהן עפּעס אַ מאָדנע דונקעלע זאַך. איך בין צוגעגאַנגען נעהנטער. עס איז געווען אַ האַנד. אַ מענשליכע האַנד. ניט די האַנד פון אַ סקעלעט, אַ ווייסע, אַ ריינע, נור אַ שוואַרצע, אויסגעטריקענטע האַנד מיט געלע נעגעל, מיט נאַקעטע מוסקולען און מיט סמנים פון בלוט אויף דעם גלאַט איבערגעשניטענעם ביין, עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַרונטערגעהאַקט פון פלייצע מיט אַ האַק.

אַרום האַנד געלענק איז געווען צוגעשמידט אַ גרויסע אייזער־

נע קייט, וועלכע האָט בעפעסטיגט צום וואַנד די דאָזיגע שמוציגע האַנד מיט א רינג שטאַרק גענוג צו פערהאַלטען אַן עלעפאַנט.

איך האָב געפרעגט:

— וואָס איז דאָס אַזוינס?

דער ענגלענדער האָט רוהיג געענטפערט:

— דאָס איז געווען מיין ערגסטער שונא; ער איז געקומען פון אַמעריקאַ. די האַנד איז אַבגעהאַקט געוואָרען מיט א שווערד, דאַן האָט מען פון איהר אַראָבגעקראַצט די הויט און א גאַנצע וואָך זי געטריקענט אויף דער זון.

איך האָב אָנגעריהרט דעם מענשליכען גליעד, וועלכער האָט אַמאָל געמוזט געהערען צו א גיגאַנט. עס איז געווען מורא'דיג צו קוקען אויף דער דאָזיגער האַנד און ניט ווילענדיג איז אין קאָפּ געקומען א געדאַנק פון עפּעס א ווילדער, א משונה'דיגער נקמה.

איך האָב געזאָגט:

— דיעזער מאַן האָט געמוזט זיין זעהר שטאַרק!

דער ענגלענדער האָט געענטפערט גאַנץ ווייך:

— אָה, יעס. אָבער איך בין געווען נאָך שטאַרקער. איך האָב די האַנד צוגעשמיעדט מיט א קייט און איצט מוז זי זיך האַלטען.

דערקענענדיג, אז ער מאַכט שפּאַס, האָב איך געזאָגט:

— אָבער איצט איז שוין די קייט ניט נויטיג, איצט וועט שוין די האַנד סיי ווי סיי ניט אַנטלויפען.

סער דזשאָן ראָוועל האָט געענטפערט ערנסט:

— זי וויל אימער אַנטלויפען, די קייט איז זעהר נויטיג.

איך האָב שנעל אויף איהם א קוק געטהאָן, פרעגענדיג זיך: איז ער א משוגענער אָדער מאַכט ער אַזעלכע מיאוסע וויצען?

אָבער זיין פּנים איז געבליבען אונבעוועגליך רוהיג, פול מיט גוטמוטיגקייט, ער האָט גערעדט פון אַנדערע זאַכען און איך האָב בעוואונדערט זיין געוועהר.

אָבער איך האָב בעמערקט, אז דריי אָנגעלאָדענע רעוואָלווערען זיינען געלעגען אויף פערשיעדענע טישלאַך, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געווען אין שטענדיגער מורא, אז אַט־אַט בעפאַלט מען איהם.

נאָכדעם האָב איך איהם בעזוכט נאָך אַ פּאָאַר מאָל, דאַן האָב איך אויפגעהערט צו איהם צו געהן, מען האָט זיך צוגעוואָהנט צו זיין אָנוועזענהייט און ער האָט פאַרלאָרען פאַר אונז דעם אינטערעס.

* * *

אַ גאַנץ יאָהר איז אַוועק און דאַ איין מאָל אין אַן אין דער פריה, סוף סעפּטעמבער, וועקט מיך מיין דיענער אויף און מעלדעט מיר, אַז סער דזשאָן ראַוועל איז אין דער נאַכט ערמאָרדעט גע־וואָרען.

אין אַ האַלבע צייט אַרום בין איך מיט דעם פּאָליציי קאָמיסאַר אַריין צום ענגלענדער אין הויז. דער דיענער איז געשטאַנען אַ פערצווייפעלטער פאַר דער טהיר און געוויינט. אין אָנהויב האָב איך געהאַט אַ פערדאַכט אויף דעם מאַן, אָבער ער איז געווען אונ־שולדיג. דעם שולדיגען האָט מען קיין מאָל ניט געקענט אויסגע־פינען.

ווען איך בין אַריין אין סער דזשאָן ראַוועל'ס גאַסט צימער, האָב איך אויפ'ן ערשטען בליק גלייך דערזעהן דעם טויטען, ליגענ־דיג אויפ'ן רוקען אין מיטען צימער.

דער זשילעט איז געווען צוריסען, איין אַרבעל איז געהאַנגען אַן אַרונטערגעריסענער: אַלעס האָט עדות געזאָגט, אַז דאַ איז פאָרגעקומען אַ פערצווייפעלטער קאַמפּף.

דער ענגלענדער איז דערשטיקט געוואָרען. אויף זיין שוואַר־צען, געשוואָלענעם, מורא'דיגען פּנים איז דאַכט זיך ווי פאַרגליווערט געוואָרען אַן אימה'דיגער שרעק. צווישען די צוזאַמענגעביסענע ציינער האָט עטוואָס געשטעקט און זיין פאַרבלוטיגטער האַלז האָט געהאַט פינף לעכער, עפּעס ווי פינף אייזערנע שפּיזען וואָלטען איהם דאָרט דורכגעשטאָכען.

צו אונז איז צוגעקומען אַ דאָקטאָר. ער האָט לאַנג בעטראַכט די סמנים פון די פינגער אין פלייש און האָט געמאַכט די פאָלגענדע מערקווירדיגע בעמערקונג:

— עס זעהט אויס, ווי ער וואָלט דערוואָרגען געוואָרען פון אַ סקעלעט.

אַ שוידער איז מיר איבער'ן גאַנצען לייב אַריבער און איך

האָב אויפגעהויבען די אויגען צו דער וואַנד, אויף דעם פּלאַץ, וואו איך האָב געזעהן די מורא'דיגע אָבגעהאַקטע האַנד. זי איז דאָרט מעהר נישט געווען, די קייט איז געהאַנגען אַ צובראָכענע.

דאַן האָב איך איינגעבויגען צום טויטען און אין זיינע פאַר־שטשעמעטע צייהן האָב איך געפונען איינעם פון די פינגער פון דער דאָזיגער פארשוואונדענער האַנד. דער פינגער איז געווען אויפ'ן צוווייטען גליעד אָבגעריסען מיט די צייהן.

מיר האָבען געמאַכט אַן אונטערזוכונג. מיר האָבען גאָרנישט געקענט געפינען. קיין טהיר, קיין פענסטער איז ניט אויפגעבראָכען געוואָרען. ביידע הינט האָבען זיך ניט אויפגעכאַפּט.

אָט זיינען אין עטליכע ווערטער די אויסזאָגונגען פון דעם דיענער:

זייט אַ מאָנאַט האָט זיין בעל הבית אויסגעזעהן זעהר אונרוהיג. ער האָט געקריגען אַ סך בריעף און האָט זיי גלייך אויפ'ן אָרט פארברענט.

אָפט פלעגט ער נעהמען אַ בייטש און מיט כעס, עפּעס ווי אין אַן אָנפאַל פון משוגעת, מיט עפּעס אַ ווילדער רוגזה'ע שלאָגען די דאָזיגע פארטריקענטע האַנד, וואָס איז געווען צוגעשמיעדט צום וואַנד, און וועלכע איז גאָט ווייסט ווי אזוי צוגע'גנב'עט געוואָרען אין דעם מאָמענט פון'ם פערברעכען.

ער פלעגט שפּעט געהן שלאָפען און האָט זיך יעדעס מאָל זעהר פאָרזיכטיג איינגעשלאָסען. ער האָט אימער געהאַט ביי זיך וואפען, מאַנכעס מאָל פלעגט ער אין מיטען נאַכט רעדען הויך אויפ'ן קול, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט זיך מיט עמיצען געקריעגט. די נאַכט איז ער געווען גאַנץ שטיל און ערשט ווען דער דיענער איז געקומען עפענען די פענסטער האָט ער געפונען סער דזשאַן ראָוועל אַ טויטען. ער האָט אויף קיינעם ניט געהאַט קיין פערדאַכט.

איך האָב דערצעהלט די בעאַמטע און דער פּאָליציי אַלעס וואָס איך האָב געוואוסט וועגען דעם דער'הרג'עטען און איבער'ן גאַנצען אינזעל האָט מען געמאַכט אַ זעהר גענויע אונטערזוכונג — אָבער מען האָט גאָרנישט געקענט אויסגעפינען.

און אָט איין מאָל, אין דריי מאָנאַטען נאָך דעם דאָזיגען פער־

ברעכען, האָב איך געזעהן אַ מורא׳דיגען חלום. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זעה די האַנד, די מורא׳דיגע האַנד, ווי זי בעוועגט זיך איבער מיינע פאָרהאַנגען, לויפט הין און צוריק, ווי אַ שפּין אָדער אַ סקאָרפּיאָן. דריי מאָל האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און דריי מאָל בין איך ווידער איינגעשלאָפען און אַלע דריי מאָל האָב איך געזעהען יענע שרעקליכע האַנד ארומשפּרינגענדיג אין מיין צימער, בעוועגענדיג מיט די פינגער, ווי מיט לאַפּקעס.

אויף מאָרגען האָט מען מיר געבראַכט די האַנד; מען האָט איהר געפונען אויף דעם בית עולם, אויף סער דזשאָהן ראוועל׳ס קבר.

דער ציינגע פינגער האָט געפעהלט.

— אָט, מיינע דאַמען, דאָס איז מיין געשיכטע. מעהר ווייס איך גאָרניט.

* * *

די פרויען זיינען בלייך געוואָרען, האָבען געציטערט פאַר אויפרעגונג און איינע פון זיי האָט זיך אָבגערופען:

— אָבער אין אייער ערצעהלונג איז נישטאָ ניט קיין שלוס און ניט קיין ערקלעהרונג! מיר וועלען ניט קענען שלאָפען קיין נעכט, ווען איהר וועט אונז ניט זאָגען, וואָס דאָרט האָט, נאָך אייער מיינונג נאָך, פּאַסירט.

דער בעאַמטער האָט ערנסט אַ שמייכעל געטהאָן:

— אַך, מיינע דאַמען, איך וועל אייך געוויס איבערפיהרען אייערע שעהנסטע טרוימען. איך דענק גאַנץ איינפאַך, אַז דער בעזיצער פון דער האַנד איז ניט געווען טויט, אַז ער איז געקומען זי אָבנעהמען מיט דער צווייטער האַנד, וועלכע איז ביי איהם פערבליבען; אָבער איך ווייס ניט ווי אַזוי ער האָט זיין טהאט אויסגעפיהרט. דאָס האָט געוויס געמוזט זיין אַ מין ווענדעטאַ אַקט.

איינע פון די פרויען האָט געמורמעלט:

— ניין, וואהרשיינליך איז עס געווען אַנדערש!

און דער אונטערזוכונגס ריכטער האָט געענדיגט נאָך אַלץ לאַכענדיג:

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז מיין ערקלעהרונג וועט אייך ניט געפעלען.

# שיידונג



ער בעריהמטער פאריזער אדוואקאט, וועלכער פראק־טיצירט שוין זייט צעהן יאהר און פיהרט מיט ער־פאלג אלע גט־פראצעסען, האט געעפענט די טיר פון זיין ארבייטס־צימער און אבגעטראטען אביסעל אן א זייט, אום דורכצולאזען א נייעם קליענט.

דאס איז געווען א דיקער מאן מיט א רויט פנים און בלאנדע וואנצעס, א בעלייבטער, קרעפטיגער, געזונדער מענש. ער האט זיך פערנייגט.

— זיצט, איך בעט אייך — האט געזאגט דער אדוואקאט.

דער מאן האט זיך געזעצט און נאכדעם ווי ער האט זיך אבגעהוסט, האט ער געזאגט:

— איך קום אייך בעטען, הערר אדוואקאט, איהר זאלט מיך פערטרעטען אין א גט־פראצעס.

— גוט, רעדט, איך׳ל אייך אויסהערען אויפמערקזאם.

— הערר אדוואקאט, איך בין פריהער געוועזן א נאטאריוס.

— פריהער?

— יא, פריהער. איך בין זיעבען און דרייסיג יאהר אלט.

— דערצעהלט ווייטער, זייט אזוי גוט.

— הערר אדוואקאט, איך האב געטהאן אן אונגליקליכען שדוך, זעהר אן אונגליקליכען.

— איהר זייט ניט דער איינציגער.

— דאס וויים איך און איך בעדויער די אנדערע. אבער מיין פאל איז א גאנץ בעזונדערער, און וואס איך האב אויסצוזעצען געגען מיין פרוי איז גאר א גאנץ אנדער זאך. אבער איך׳ל אייך דערצעהלען פון אנהויב. איך האב חתונה געהאט אויף א גאנץ

בעזונדערען אופן. גלויבט איהר אין נעפעהרליכע געדאנקען?

— וואס מיינט איהר דערמיט?

— איך מיין, יא, גלויבט איהר ניט, אז געוויסע געדאנקען זיינען פאר געוויסע קעפ פונקט אזוי געפעהרליך ווי גיפט פאר׳ן קערפער?

— מעגליך.

— גאנץ בעשטימט. עס זיינען דא געדאנקען, וועלכע עסען זיך איין אין אונזער מוח, פרעסען אונז אויף, זויגען אונז אויס, טויטען און מאכען אונז משוגע, ווען מיר קענען זיי ניט ווידער־שטעהן. ווען מיר האבען דאס אונגליק, אז אזא מין געדאנק קלייבט זיך אריין צו אונז אין קאפ אריין און מיר בעמערקען ניט באלד פון אנהויב, אז ער וועט ווערען אונזער טיראן, וועט אונז בעהער־שען, וועט זיך איינפרעסען אין אונזער מוח און ניט לאזען אונז פון קיין אנדער זאך טראכטען, קיין אנדער זאך אונטערנעהמען, קיין אנדער זאך טהאן, אז אונזער גאנצע אויפמערקזאמקייט וועט צונעצווינגען ווערען צו אט דעם דאזיגען איין־און־איינציגען געדאנק, ווען, זאג איך נאך אמאל, מיר בעמערקען עס נישט פון אנהויב און אן און בעקעמפפען עס נישט גלייך, דאן זיינען מיר פערלארען.

מיט מיר, הערר אדוואקאט, האט אלזא פאסירט אזא מין געשיכטע. איך האב שוין געזאגט, אז איך בין געוועזן א נאטאריוס אין רוען; מיינע אומשטענדען זיינען געוועזן ניט בעזונדערס גלענ־צענד. וואס זאל איך לייקענען, איך בין געוועזן אן ארימאן, אבער א גרויסער ארימאן. איך האב געמוזט גוט ארומטראכטען איידער איך האב אויסגעגעבען א סו. איך האב שטענדיג געמוזט שפארען, שטענדיג זיך פון אלעם ענטזאגען, אלע מיינע ווינשע, אלע מיינע פערלאנגען צוריקהאלטען, אונטערדריקען. און דאס איז זעהר טרויעריג אין מיין עלטער.

אלס נאטאריוס האב איך זעהר אויפמערקזאם געלעזען די אנאנסען אויף דער לעצטער זייט פון דער צייטונג, די פארשלעגע און נאכפראגען, דעם קליינעם בריעפקאסטען און אזוי ווייטער, און דורך דעם האט זיך מיר אפט איינגעגעבען אויסצופיהרען א גליקליכען שידוך צווישען א פאאר קליענטען.

איין טאָג געפֿין איך אזא מין אנאָנסע:

„אַ יונגע פרוי, שעהן, גוט ערצויגען, פון אַ גוטער פאמיליע, זוכט די בעקאַנטשאַפט פון אַן אַנגעזעהענעם מאַן, אום מיט איהם צו הייראַטען. צוויי און אַ האלב מיליאָן פראַנק נדן. קיינע שדכנים."

גראד אין יענעם טאָג האָב איך געגעסען דיננער מיט אַ פּאָאר פריינד, איינער אַ פּערוואַלטער און דער צווייטער אַ בעזיצער פון אַ שפּינערייו. איך ווייס ניט ווי עס איז געקומען דערצו, אָבער מיר האָבען זיך צורעדט וועגען הייראַטען. און דאָ האָב איך מיט אַ שמייכעל דערצעהלט וועגען דער פרוי מיט די דריטהאלבען מיליאָן פראַנק.

דער בעזיצער פון דער שפּינערייו האָט געפרעגט:

— וואָס זיינען דאָס פאַר מיידלאַך, וואָס זוכען זיך חתנים דורך אַ צייטונג?

דער פערוואַלטער האָט געקענט איינינע פּאָארלאַך, וואָס האָבען געטהאָן שידוכים אונטער אַזעלכע אומשטענדען און האָבען גראדע גוט געטראָפען, און ער האָט דערצעהלט איינצעלהייטען. דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו מיר און צוגעלייגט:

— צום טייפעל! פאַרוואָס שדכנ'סטו זי ניט אוים פאַר זיך אליין? דו וואָלסט דאָך דאַן פּטור געוואָרען פון אַלע זאָרג. אַ קלייניגקייט צוויי און אַ האלב מיליאָן פראַנק!

מיר האָבען זיך אַלע דריי צולאַכט, און גענומען ריידען פון אַנדערע זאַכען.

אין אַ שעה אַרום האָב איך זיך צוריקגעקעהרט אַהיים. עס איז געווען קאַלט אין יענער נאַכט. איבריגענס האָב איך געוואָהנט אין אַן אַלטען הויז, אין איינעם פון יענע קליינשטעדטילדיגע הייזער, אין וועלכען עס פיהלט זיך אימער עפּעס אַ מין פייכטקייט, ווי אין אַ קעלער. ווען איך האָב אַרויפגעלייגט די האַנד אויף דער אייזערנער פּאַרענץ פון די טרעפּ, איז מיר אַ קעלט דורכ'ן גאַנצען אָרעם דורכגעלאָפען, און ווען איך האָב דעם אַנדער אָרעם אויסגעשטרעקט צו דער וואַנד, האָב איך דערפיהלט ווי אַ שווידער, נאָך פייכטער און קעלטער ווי דער ערשטער, איז מיר איבער'ן גאַנצען לייב

אריבער. אויף'ן הארצען איז מיר געוואָרען שווער, עס איז אויף מיר אָנגעפאַלען עפּעס אַ מין טרויעריגקייט, אַ מוטלאָזיגקייט. און זיך פּלוצים דערמאָנענדיג, האָב איך ארויסגעברומט צווישען די ציינער:

— צום טייפעל! ווען איך זאָל האָבען די צוויי און אַ האלב מיליאָן...

מיין צימער איז געווען אַ פינסטערער, אָט ווי געווענליך די צימערען פון אַלע בחורים, וואו אַ פרעמד מיידעל קליבט צו און קאָכט. איך זיינען אודאי בעקאַנט אַזעלכע צימערען: אַ גרויסע בעט אָהן אַ פאָרהאַנג, אַ שאַפע, אַ קאַמאָד, אַ וואַשטיש, אָבער קיין אויוועז. אויף די שטולען וואַלגערען זיך ארום רעק, זשילעטען, הויזען, אויף ד'רערד פול פּאַפּיער. איך האָב גענומען ברומען אונטער'ן נאָז אַ שאַנטאַן־ליעדעל, ווייל איך געה מאַנכעס מאָל אין יענע פּלעצער:

צוויי מיליאָן,
צוויי מיליאָן
איז ניט קיין „פּאָן“.
אָבער אַ האַלבעס איז מיר אויך רעכט,
איז נור די פרוי אָן עזעל, איז שוין ניט שלעכט.

ביז דאָן האָב איך נאָך קיין מאָל וועגען אַ פרוי ניט געטראַכט. און פּלוצים, ווען איך בין אין בעט אריין, האָב איך גענומען וועגען דעם טראַכטען. און איך האָב וועגען דעם אַזוי לאַנג געטראַכט, אַז איך האָב ניט געקענט איינשלאָפען.

ווען איך האָב אויף מאָרגען, נאָך איידער עס איז טאָג געוואָ־רען, די אויגען געעפענט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אַכט אַ זייגער מוז איך וועגען אַ זעהר וויכטיגער אַנגעלעגענהייט זיין אין דאַרנעטאַל. איך האָב אַלזאָ געמוזט אויפשטעהן זעקס אַ זייגער. עס האָט געפּראָרען. דער טייפעל זאָל עס נעהמען! די צוויי און אַ האַלב מיליאָן!

אַ זייגער צעהן האָב איך זיך אומגעקעהרט צוריק אין מיין ביוראָ. האָרט האָט געשמעקט מיט גליהענדען אויוועז, מיט אַלטע פּאַפּירען — קיין זאַך שטינקט ניט אַזוי — און דאָן האָבען אויף

די שרייבער פערשפרייט ארום זיך א גערוך פון שטיוועל, רעק, העמדער, האאר, הויט — און ווינטער וואשט מען זיך וועניג — און דערביי אכטצעהן גראד!

איך האב געפריהשטיקט, ווי אלע טאג, אבגעגעסען מיין פער־ברענטען קאטלעט און א שטיק קעז און זיך ווידער גענומען צו דער ארבייט.

און דא האב איך צום ערשטען מאל ערנסט א טראכט געטהאן וועגען דער פרוי מיט די צוויי און א האלב מיליאנען. פארוואס זאל איך טאקע ניט שרייבען צו איהר? פארוואס זאל איך וויי־טער טענעם ניט וויסען, ווער זי איז? אלזא, העררר אדוואקאט, איך וועל עס מאכען קורץ, פערצעהן טאג נאכאנאנד האט מיך דער דאזיגער געדאנק געמאטערט און ניט אבגעלאזען אויף איין מינוט. אלע יענע קליינע אונאנגענעהמליכקייטען, אלע יענע קליינע צרות, וואס דער ארימאן מוז אויסשטעהן און וועלכע איך האב ביז אהער כמעט גארנישט בעמערקט, האבען מיך איצט גענומען פייניגען און שטעכען ווי מיט נאדלען. און יעדע פון די דאזיגע קליינע נאדעל־שטעך האט מיינע געדאנקען ווידער און אבער צו דער פרוי מיט די צוויי און א האלב מיליאן געפיהרט.

צום סוף האב איך מיר אויסגעטראכט א גאנצע געשיכטע. ווען אימעצען ווילט זיך עפעס זעהר שטארק, העררר אדוואקאט, דאן טראכט ער זיך אויס אומשטענדען, וועלכע פאסען זיך פונקט צו צו זיינע ווינשע.

עס איז געווים ניט געוועזן אזוי ווי מיר האט זיך געוואלט. אונטער נאטירליכע אומשטענדען קען ניט זיין, אז א מיידעל פון אנשטענדיגע עלטערען און מיט אזוי פיעל געלד זאל זיך זוכען א חתן דורך א צייטונג. אבער עס האט דאך געקענט געמאלט זיין, אז דאס דאזיגע מיידעל זאל זיין אן אנשטענדיגע אבער אן אונגליק־ליכע.

צוערשט האט איהר פערמעגען פון צוויי און א האלב מיליאן ניט געמאכט אויף מיר אזא גרויסען איינדרוק. מיר, וועלכע לעזען די דאזיגע אנאנסען, זיינען געוועהנט צו זעהן אפט אין דער צייט־טונג הייראטס־פארשלעגע מיט זעקס, צעהן אדער צוועלף מיליאן.

די צאָהל צוועלף קומט זאָגאר עפּטער פאָר, דאָס ציהט עפּעס צו. איך וויים גאַנץ גוט, אז מען דאַרף אין אַזעלכע פערשפּרעכונגען ניט גלויבען, אָבער דאָך בויערען זיך דיזע גרויסע סומען אַזוי אין אונזער קאָפּ אריין, אַז אַ נדן פון צוויי און אַ האַלב מיליאָן ווערט ביי אונז מיט דער צייט אַ גאַנץ געוועהנליכע און מעגליכע זאַך.

איך האָב מיר געטראַכט אַזוי: זי איז אודאי אַן אונגעזעצ־ליכע טאָכטער פון אַן ארויפגעקומענעם גביר און אַ דיענסטמיידעל, און זי האָט פּלוצים געקריגען אַ ירושה פון איהר פאָטער. ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט האָט זי ערפאַהרען ווער און וואָס זי איז, און אום ניט צו ענטדעקען איהר געהיימנים פאַר איהר געליעבטען, זוכט זי זיך אַ מאַן דורך דער צייטונג.

עס איז געווען נאַריש פון מיר אַזוי צו דענקען, אָבער איך האָב זיך איינגערעדט, אַז אַזוי איז דאָס און האָב אין דעם געגלויבט. מיר, נאָטאַריוסען, האָבען ניט געטאָרט לעזען קיין ראָמאַנען, און איך, הערר אַדוואָקאַט, האָב אין דעם געזינדיגט.

איך האָב אַלזאָ געשריבען צו איהר אַלס נאָטאַריוס אין נאָמען פון אַ קליענט.

אין פינף טעג אַרום, אַרום דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג, ווען איך האָב געאַרבייט אין מיין ביוראָ, מעלדעט מען מיר:

— פרייליין שאַנטעפּריז וויל אייך זעהן.

— איך לאָז זי בעטען.

עס איז אַריינגעקומען אַ פרוי פון אַ יאָהר דרייסיג, אַ פולע, אַ דונקעלע, עטוואָס פערשעהמט.

— זיצט פרייליין.

זי האָט זיך געזעצט און אויסגעשעפּטשעט:

— דאָס בין איך.

— אָבער פרייליין, איך האָב ניט די עהרע אייך צו קענען.

— איך בין די פרוי צו וועמען איהר האָט געשריבען.

— וועגען דער הייראַט?

— יאָ.

— אַך, אַזוי!

— איך בין אליין געקומען, ווייל אזעלכע זאכען איז אם בעסטען אליין צו בעזארגען.

— איהר זייט גאנץ גערעכט. איהר ווילט אלזא חתונה האבען?

— יא.

— האט איהר פאמיליע?

זי האט א ווייל געשוויגען, דאן האט זי ארונטערגעלאזען די אויגען צו ד'רערד און אויסגעשטאמעלט:

— ניין... מיין מוטער... און מיין פאטער... זיינען טויט.

איך האב זיך א טרייסעל געטהאן. איך האב, הייסט עס, ריכטיג געטראפען. און א ווארימער געפיהל האט זיך פלוצים אין מיר דערוועקט צו דער דאזיגער ארימער בעשעפעניש. איך האב מעהר גאר נישט געפרעגט, אום זי ניט נאך מעהר צו פער־שעהמען, און איך האב געזאגט:

— און וועגען אייער פערמעגען, האט איהר טאקע אזוי פיעל געלד?

גאר ניט טראכטענדיג האט זי דאס מאל גלייך געענטפערט:

— יא.

איך האב זי אויפמערקזאם אנגעקוקט, און זי איז מיר געפע־לען, הגם זי איז געווען עטוואס צו רייף, פיעל רייפער ווי איך האב מיר פארגעשטעלט. זי איז געווען א שעהנע, א קרעפטיגע פערזאן, מעהר א פרוי ווי א מיידעל. און מיר איז איינגעפאלען א געדאנק צו שפיעלען מיט איהר א קליינע קאמעדיע: איך'ל זיך אין איהר פערליעבען אויף א קורצער צייט, און ווען איך וועל זיך איבערצייי־גען אז זי האט טאקע דעם פערשפראכענעם נדן, וועל איך פער־נעהמען די שטעלע פון מיין קליענט. דערווייל אבער האב איך גערעדט מיט איהר פון מיין קליענט, וועלכען איך האב פאר איהר געשילדערט אלס אן עהרליכען, עטוואס קריינקליכען, אומעטיגען מענשען:

זי איז געווארען לעבעדיג:

— אט, איהר וועט איהם זעהן, אבער ניט פריהער ווי אין דריי, פיער טעג ארום, ווייל ער איז אוועקגעפאהרען אין ענגלאנד.

— עך, דאָס טויג גאָר נישט! — האָט זי געזאָגט.

— אָבער וואָס מאַכט עס אייך אַזוי אויס. איהר מוזט דען אַזוי שנעל אַהיים פאָהרען?..

— ניין, דאָס ניט.

— נו, טאָ בלייבט דאָ. איך וועל פּרובירען אייך די צייט צו פערטרייבען.

— געפינט איהר זיך דאָ אין אַ האָטעל?

זי האָט מיר אָנגערופען דעם ערשטען האָטעל אין רוען.

— וועט איהר ערלויבען אייער צוקינפטיגען נאָטאַריוס אייך היינט אבענד איינצולאַדען צו אַ סאָפּער?

זי האָט געשיינט צו זיין אונגעדולדיג און אונענטשלאָסען, דאַן, נאָך אַ ווײַלע טראַכטען, האָט זי געזאָגט:

— גוט, איך געה מיט אייך.

— איך וועל קומען נאָך אייך אַרום זיעבען אַ זייגער.

— זעהר גוט.

— אַלזאָ, צום ווידערזעהן היינט אבענד, מיין פריילײן!

— צום ווידערזעהן, הערר נאָטאַריוס.

— איך האָב זי בעגלייט ביז צום טיר.

זיעבען אַ זייגער בין איך געווען ביי איהר. לכבוד מיר האָט זי זיך זעהר שעהן אָנגעטהאָן און האָט מיך צוגענומען זעהר פריינד־ליך.

איך בין געגאַנגען מיט איהר עסען אין אַ בעוואוסטען רעס־טאראַן און האָב בעשטעלט אַ גרויסאַרטיגען מאָלצייט.

אין אַ שטונדע אַרום זיינען מיר געווען פריינד, און זי האָט מיר דערצעהלט איהר געשיכטע. זי איז געווען די טאָכטער פון אַ גרויסער דאַמע, וועלכע אַן אַריסטאָקראַט האָט פערפיהרט, און זי איז ערצויגען געוואָרען אין אַ דאָרף ביי פּויערים. איצט איז זי געווען רייך, זי האָט געהאַט אַ מאַסע געלד, וואָס זי האָט גע־ירש'ענט פון איהר פאָטער און מוטער, וועמעס נעמען זי וועט קיינמאָל ניט אויסזאָגען. עס איז אומזיסט איהר דאָס צו פרעגען און אומזיסט איהר דאָס צו בעטען, זי וועט עס בשום אופן ניט

טהאָן, קיין מאָל נים. אזוי ווי מיך האָט דער נאָמען גאַנץ ווייניג אינטערעסירט, האָב איך זי אויסגעפרעגט וועגען איהר געלד. זי האָט דערפון גערעדט ווי אַ פּראַקטישע, זיכערע פרוי, האָט געוואוסט געגוי דעם ווערט פון די פּאַפּירען, אין וועלכע דאָס געלט ליעגט, דעם איינקונפט, די צינזען און אזוי ווייטער. דאָס האָט ביי מיר גלייך ארויסגערופען צוטרויען צו איהר. איך בין געוואָרען ליבענס־ווירדיג, און הגם איך האָב זיך נאָך אביסעל צוריקגעהאַלטען, דאָך האָב איך איהר אָפען ארויסגעצייגט, אז זי געפעלט מיר.

זי האָט זיך אביסעל געוועהרט, אָבער נאָר אַ קליין ביסעלע. איך האָב איהר אָנגעבאָטען שאמפּאַניער, אליין אויך גענומען אַ קאַפּעטשקע און דאָס האָט מיך אביסעל צוטומעלט. איך האָב גאַנץ גוט געפיהלט, אז איך וועל זיך איצט שוין נים אָבשטעלען, און דאָס האָט מיך געשראָקען. איך האָב געקריגען אַנגסט פאַר זיך אליין, פאַר איהר, אז זי אין איהר אויפגערעגטען צושטאַנד זאָל זיך נים אונטערגעבען. כדי זיך צו בערוהיגען האָב איך ווידער גענומען רעדען פון איהר געלד, אין וועלכעס איך האָב אַלץ געוואָלט זיין זיכער, ווייל, האָב איך געזאָגט, מיין קליענט איז אַ געשעפטסמאַן.

זי האָט געענטפערט פרעהליך:

— אָ, דאָס וויים איך. איך האָב אַלעס מיטגעבראַכט.

— אהער, אין רוען?

— יא, אין רוען.

— האָט איהר די פּאַפּירען אין האָטעל?

— יא, געוויס.

— קענט איהר זיי מיר ציינען?

— נאַטירליך.

— היינט אבענד?

— געוויס.

— דאָס איז מיר געווען פּונקט ווי געוואונשען. איך האָב בעצאָהלט די רעכענונג און מיר זיינען אוועק צו איהר.

זי האָט טאַקע אויף אַן אמת מיטגעבראַכט אַלע נויטיגע פּאַ־פּירען. איך האָב מעהר נים געקענט צווייפלען, איך האָב געהאַל־

טען די פּאַפּירען אין מיינע הענד, זיי איבערגעקוקט. אַלץ האָט געשטימט. און דאָס האָט מיך אַזוי גליקליך געמאַכט, אַז מיר האָט זיך גלייך פערוואָלט איהר פאַלען אויף'ן האלז און זי קושען. איהר פערשטעהט דאָך מסתמא, אַז איך האָב דערמיט גאָרנישט געמיינט. עס האָט זיך מיר גלאַט אַזוי געוואָלט אויסדריקען מיין צופרידענהייט. און איך האָב זי גענומען קושען, איין מאָל, צוויי מאָל, צעהן מאָל, און אַזוי געקושט... און דאַן, בערווישט פונ'ם וויין, האָב איך זיך פערלאָרען... אָדער ניין, בעסער געזאָגט, זי האָט זיך פערלאָרען.

— אָך, הערר אַדוואָקאַט, איז מיר דערנאָך געווען צו־מוט! און פון איהר איז שוין גאָר אָבגערעדט. זי האָט געוויינט, פערגאָסען טייכען טרערען, מיך געבעטען רחמים, איך זאָל זי ניט פערראַטען, זי ניט אומגליקליך מאַכען. איך האָב איהר צוגעזאָגט אַלעס וואָס זי האָט געוואָלט, און בין אַוועק אין אַ שרעקליכער שטימונג.

וואָס האָב איך געזאָלט טהאָן? איך האָב מיין קליענטקע אויסגענוצט. דאָס וואָלט נאָך ניט געווען אַזאַ גרויסער אונגליק, ווען איך זאָל האָבען געהאַט פאַר איהר אַ קליענט. אָבער איך האָב קיינעם ניט געהאַט. איך בין אַליין געווען דער קליענט, דער נאַאיווער, בעטראָגענער קליענט, וועלכען איך האָב אַליין אָבגענאַרט. שטעלט זיך פאָר אַזאַ לאַגע. איך האָב זי געקענט לאָזען לויפען, אָבער דאָס געלד, די צוויי און אַ האלב מיליאָן, איהר אונגעהויערער נדן, וועלכען זי האָט טאַקע אויף אַן אמת געהאַט, אין וועלכען איך בין געווען זיכער. ווי לאָזט מען איבער אַזאַ פערמעגען? און דאַן, האָב איך דען געהאַט אַ רעכט זי צו לאָזען לויפען, נאָכדעם ווי איך בין איהר אַזוי פּלוצים בעפאַלען. אָבער ערשט שפּעטער, שטעלט זיך פאָר די מורא, די אַנגסט.

שטעלט זיך פאָר צו נעהמען אַ פרוי, וועלכע לאָזט זיך אַזוי לייכט פערפיהרען!

איך האָב פערבראַכט אַ מורא'דיגע נאַכט אין אונזיכערהייט, אין געוויסענסביסע, אין זאָרג און צווייפעל. אָבער אויף מאָרגען האָב איך אויף דער זאַך געקוקט מיט גאַנץ אַנדערע אויגען, איך

האָב זיך שעהן אַנגעטהאָן און אום עלף אַ זייגער בין איך אוועק אין דעם האָטעל, וואו זי איז איינגעשטאַנען.

ווען זי האָט מיך דערזעהען, איז זי געוואָרען רויט ביז איבער די אויערען.

איך האָב צו איהר געזאָגט:

— ווערטהעס פריילײן, אום גוט צו מאַכען דאָס אונרעכט, וואָס איך בין געגען אייך בעגאַנגען, בלייבט מיר נאָר איין זאַך צו טהאָן: איך בעט אייער האַנד.

זי האָט געשטאַמעלט:

— איך גיב זי אייך.

איך האָב מיט איהר געהייראַט... אַ האַלב יאָהר נאָכאַנאַנד איז אַלעס געגאַנגען גוט.

איך האָב אויפגעגעבען מיין ביוראָ, האָב געלעבט פון פּראָצענטען און האָב געגען מיין פרוי גאָרנישט געהאַט וואָס אויסצוזעצען, אָבער טאַקע אבסאָלוט גאָרנישט.

און דאַן האָב איך ביסלעכווייז גענומען בעמערקען, אַז פון צייט צו צייט געהט זי אוועק און בלייבט לאַנג אוועק פון הויז. דאָס האָט פּאַסירט אין גאַנץ בעשטימטע טעג פון דער וואָך: איינמאָל דיענסטאג, די נעכסטע וואָך פרייטאג. איך האָב געדענקט, אַז זי בעטריגט מיך הינטער מיין רוקען, און בין איהר נאָכגעגאַנגען.

עס איז געווען אין אַ געוויסען דיענסטאג. אַ זייגער עלף איז זי אוועק צו פוס איבער דער גאַס פון דער רעפּובליק, האָט זיך פערנומען רעכטס צו דער גאַס, וואו עס געפינט זיך דעם ערצבישאָף׳ס פּאַלאַץ. פון דאָרט איז זי אוועק צו דער סען, איז אַרויף אויף דעם פּעטער׳ס בריק און אַריבער דעם טייך. פון דאַנען אָן איז זי געוואָרען עטוואָס אונרוהיג, האָט זיך אַלע ווײלע אומגעדרעהט און נאָכגעקוקט די פאַרבייגעהער.

צום סוף איז זי אַריין אין דעם וואָקזאַל, וואָס געפינט זיך אויף דעם לינקען זייט פון ברעג. איך האָב מעהר ניט געצווייפעלט, איך בין געווען זיכער, אַז איהר ליעבהאָבער וועט אַנקומען מיט׳ן נעכסטען צוג.

איך האָב זיך בעהאַלטען הינטער א פּראַכטוואַגען און גע־וואַרט.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט גענומען פייפען, דער צוג איז אָנגע־קומען, די רייזענדע האָבען אַרויסגעשטראָמט פון די וואַגאָנעס. זי איז זיי געגאַנגען אַנטקעגען. א קליין מיידעלע פון א יאָהר דריי, בעגלייט פון א פּויערטע, איז צו איהר צוגעלאָפען. זי האָט זי געכאַפּט אויף די הענד און גענומען ליידענשאַפטליך קושען. דאַן האָט זי זיך אומגעקוקט און דערזעהן נאָך א צווייטעס קינד, א קליין מיידעלע, אָדער א אינגעל, פון א צווייטער פּויערטע גע־פיהרט, און זי האָט זיך אויף דעם אַרויפגעוואָרפען און עס היים ארומגענומען. דערנאָך איז זי מיט ביידע קינדער און ביידע דיענסט־מיידלאַך אַוועק איבער דער לאַנגער, אומעדיגער און דונקעלער פּראָמענאַדע פון'ם וואָקזאַל. א צומישטער, א טרויעריגער האָב איך זיך אומגעקעהרט אַהיים. איך האָב גאָרנישט בעגריפען און אויך ניט געוואַגט צו ציהען וועלכע ניט איז שליסע.

ווען זי האָט זיך אומגעקעהרט אַהיים צום טיש, האָב איך זיך א וואָרף געטהאָן אויף איהר און גענומען שרייען:

— וואָס זיינען דאָס פאַר א קינדער?

— וועלכע קינדער?

— די, וואָס דו האָסט ערוואַרטעט פון סען־סעוועך?

זי האָט אַרויסגעלאָזען א פערצווייפעלטען געשריי און איז געפאַלען אין חלשות. ווען זי איז ווידער צו זיך געקומען, האָט זי מיר אונטער א שטראָם טרעהרען מודה געווען, אַז זי האָט זייערע פיער. יאַ, הערר אַדוואָקאַט, דיענסטאַג צוויי מיידלאַך, און פרייטאַג צוויי אינגלאַך.

און דערפון, דערפון — וואָס פאַר א שאַנדע! — שטאַמט דאָס גאַנצע געלד פון... פון די פיער פאָטערס!... אויף אַזא אופן האָט זי זיך פערדיענט איהר נדן.

און איצט, הערר אַדוואָקאַט, וואָס פאַר אַן עצה גיט איהר מיר, וואָס זאָל איך טהאָן?

דער אַדוואָקאַט האָט געענטפערט גאַנץ ערנסט:

— אַנערקענט די קינדער אַלס אייערע אייגענע, מיין הערר!

# דער לוממען פעלז



יצט איז די צייט פון די לוממען*). פון אפריל ביז ענדע מאַי, איידער די פֿאַריזער באדע געסט קומען אָן, בעווייזען זיך פלוצים אין עטרעטאַט אַ פּאָאר אַלטע העררן אין הויכע שטיוועל און יאַגד אָנצוגען. זיי פאַרברייגגען פיער אָדער פינף טעג אין האָטעל האופיל, פערשווינדען ווידער, קומען דאַן אין דריי וואָכען שפּעטער נאָך אמאָל אויף אַ קורצע צייט און דאַן געהען זיי אין גאַנצען אַוועק.

יעדען פריהלינג זעהט מען זיי פון דאָס ניי. דאָס זיינען די לעצטע לוממען־יעגער, וואָס זיינען פאַרבליבען פון דער אַלטער גוואַרדיע, ווייל אמאָל, מיט אַ יאָהר דרייסיג אָדער פיערציג צוריק, זיינען זיי געוועזן אַ מאַן צוואַנציג פאַנאַטישע יעגער; היינט זיינען זיי פאַרבליבען בלויז אַ פּאָאר איינציגע שיסער.

די לוממע איז אַ זעהר זעלטענער צוג פויגעל. ער האַלט זיך אויף כמעט אַ גאַנץ יאָהר אויף די אינזלען סיינט פּיערר און מיקוועלאָן, אָבער אין אַ געוויסער צייט פליהט אַ גאַנצע מאַסע פון זיי דעם ים אַריבער, און יעדען יאָהר קומען זיי אימער אין דעם זעלבען פּלאַץ, אום ביי עטרעטאַט אייער צו לעגען און זיי אויסצוזיצען אויף דעם זאָגענאַנטען לוממען־פעלז.

די דאָזיגע פויגעל געפינען זיך בלויז דאָרט, אין קיין אַנדער פּלאַץ זעהט מען זיי ניט. זיי זיינען שטענדיג אַהין געקומען, מען האָט זיי שטענדיג געשאָסען און זיי קומען אימער ווידער און וועלען אימער ווידער קומען. אַזוי גיך ווי די יונגע קענען פליהען, טראַגען

*) אַזאַ מין פויגעל.

זיי זיך אוועק ווייט פון דאנען און פארשווינדען ביז צו דעם נעכ־סטען יאָהר.

פארוואָס געהען זיי קיינמאָל ניט ערגעץ אנדערש? פארוואָס זוכען זיי ניט אויף קיין אנדערען פונקט אין דער דאָזיגער לאנגער, ווייסער געגענד, וועלכע איז, אומעדום דיזעלבע פון קאלעי ביז האוור? וואָס פאר א מאכט, וואָס פאר א אונווידערשטעהליכער אינסטינקט, וועלכע יאהר־הונדערטע לאנג געוואוינהייט ברענגט די דאָזיגע פויגעל אימער אויף דעם זעלביגען פונקט צוריק.

וואָס פאר א שטורעם האָט אמאָל זייערע עלטער־עלטער־עלטערן צו דיעזען פעלז פארטראָגען? און ווארום זיינען די קינדער, די אייניקלאך, אלע אָבשטאמונגען פון די ערשטע צוריק אהער גע־קומען?

גרויס איז צאָהל זיינען זיי ניט, העכסטענס הונדערט שטיק. עפעס אזוי ווי אין איינציגע פאמיליע וואָלט אויס אלטער טראדיציע די דאָזיגע יעהרליכע רייזע געמאכט. און יעדען פריהלינג אזוי שנעל ווי די קליינע קאָמפאניע צוג פויגלאך זיינען צו דעם פעלז צוריק געקומען, האָבען די זעלבע יעגער זיך אין דאָרף בעוויזען.

מען האָט זיי אמאָל דאָ געקענט אלס יונגע לייט, היינט זיינען זיי אלט, אָבער זיי בלייבען טריי דעם וואָרט זיך רעגעלמעסיג דאָ צו טרעפען, וואָס זיי האָבען זיך געגעבען זייט דרייסיג אָדער פער־ציג יאָהר.

קיין זאך אין דער וועלט וואָלט זיי ניט אָבגעהאלטען אהער צו קומען.

* * *

אין א ליכטיגער לבנה־נאכט אין אפריל, אין איינעם פון די לעצטע יאָהרען, זיינען בלויז דריי פון די אלטע יעגער אהער גע־קומען; נור איינער הערר דע־ארנעלעם האָט געפעהלט. ער האָט קיינעם ניט געשריבען און גאָרנישט געלאָזט הערען פון זיך, און דאך איז ער ניט געשטאָרבען, ווי אזוי פיעל אנדערע פון זיי; דאָס וואָלט מען געוואוסט.

מיעד געוואָרען פון וואַרטען, האָבען זיך די ערשט אָנגעקומענע געזעצט צום טיש; זיי זיינען שוין געווען כמעט פערטיג מיט'ן

עסען, ווען א וואגען איז אין דעם הויף פון דער קרעטשמע אריינ־געפאהרען און באלד איז אריינגעקומען דער פארשפעטיגטער.

ער האט זיך געזעצט, געריבען זיך די הענד, געגעסען מיט גרויס אפעטיט און אזוי ווי איינער פון זיינע פריינד האט זיך גע־וואונדערט, פארוואס ער איז אנגעטהאן אין א שווארצען ראק, האט ער גאנץ רוהיג געענטפערט:

— איך האב שוין נים געהאט קיין צייט זיך איבערצוטהאן.

באלד נאכ'ן עסען איז מען געגאנגען צו בעט, ווייל כדי צו כאפען די פויגעל, מוז'מען אויפשטעהן פאר טאג. קיין זאך איז נים אזוי מחיה'דיג, ווי די דאזיגע גאנץ פריהע יאגד.

אזייגער דריי האבען די מאטראזען אויפגעוועקט די יעגער, ווארפענדיג זאמד אין די פענסטער. אין עטליכע מינוט זיינען זיי געווען אנגעטהאן און זיינען ארונטערגעגאנגען אונטען. הגם די נאכט איז נאך נים געווען אוועק, זיינען די שטערן שוין אבער גע־ווען פערבלאסט; דער ים האט געברויזט אויף די שטיינער פון ברעג, עס האט געבלאזען א קאלטער ווינד און עס האט זיי גענומען טרייסלען פאר קעלט, נים קוקענדיג אויף די ווארימע קליידער.

באלד האבען ביידע שיפלאך, פון מענער געשטופט, גענומען זיך רוקען פון ברעג, וועלכער איז מיט קליינע שטיינדלאך בעדעקט געווען און האבען ארויסגעלאזען א קלאנג, ווי מען וואלט לייוונט געריסען. דאן האבען זיי זיך גענומען וויעגען אויף די ערשטע כוואליעס, דער ברוינער זעגעל האט זיך אנגעצויגען, האט געפלא־טערט און אונז לייכט אוועקגעטראגען צום גרויסען טהויער, וועל־כער האט זיך אונבעשטימט געזעהן פון דער וויימענס אין דער דעמערונג.

דער הימעל ווערט ביסלעכווייז העלער, די דעמערונג שיינט צו שמעלצען; דער ברעג ים, די לאנגע ווייסע פעלזען, ווי די גלייכע ווענט, זיינען ווי מיט א שלייער בעדעקט.

מען פאהרט דורך א טהויער, אזא גרויסען, אז א גרויסע דאמפף־שיף וואלט דארט נעקאנט דורכגעהן, דאן פארקירעוועט מען ארום דעם קעיפ קאורטין און מען דערזעהט דעם טהאל פון ארטיפער, און פלוצים דערזעהט מען א ברעג, אויף וועלכען הונדערטע פון וואסער־

פויגלען געפינען זיך, און דאָ דערביי איז דער לוממען־פעלז. ער הויבט זיך אויף אביסעל העכער פון די איבעריגע שפּיציגע פעלזען און אויף דעם שמאָלען שפּיץ פון דעם פעלז בעוויייזען זיך איצט די קעפּ פון די פויגלאך, וועלכע קוקען צו די שיפלאך ארוים.

זיי זיצען אונבעוועגליך און ווארטען און וואגען נאך ניט אוועק־צופליהען. א פּאָאר פון זיי, וועלכע זיצען פון פּאַרענט, זעהען אוים ווי זיי וואָלטען געזעסען אויף זייער הינטער חלק ווי די פּראָשען, ווייל זיי האָבען אזעלכע קורצע פיס, אז ווען זיי געהען, דאכט זיך אוים, ווי זיי וואָלטען זיך געקייקעלט אויף רעדלאך.

אום אוועקצופליהען מוזען זיי זיך פריהער ארונטערלאָזען, אזוי ווי די שטיינער אויף דר׳ערד ארונטער, כמעט ביז צו די מענ־שען, וועלכע לויערען אויף זיי. זיי ווייסען זייער שוואכקייט און די געפאהר וואָס שטעהט זיי פּאָר און דערפאר וואגען זיי ניט אזוי שנעל אוועקצופליהען.

אָבער די מאטראָזען הויבען אָן צו שרייען און די פויגעל פול אנגסט ווארפען זיך איינער נאָך דעם אנדערן פון פעלז ארונטער און בעריהרען כמעט די כוואַליעס מיט זייערע פליגעל; דאן פלי־הען זיי אוועק מיט שנעלע בעוועגונגען אין דער וויימער וויימקיימ, אויב א האָגעל פון בליי ווארפט זיי פריהער ניט אין וואסער אריין.

א שטונדע נאָכאנאנד ווערען זיי אזוי געשאָסען און מען צווינגט איינעם נאָכ׳ן אנדערן ארונטערצופליהען. עס טרעפט אָפּט, אז די זי פון די פויגעל, וועלכע זיצט אויף איהר נעסט און בריהט אוים די אייעלאך, ריהרט זיך ניט פון פלעק. מאָסען קוילען ווערען דאן אויף איהר אויסגעשאָסען, דער ווייסער פעלז ווערט מיט רויטע טראָפּענס בלוט בעפארבט, דער פויגעל הויבט דאָרט אוים זיין לעצ־טען אטהעם און שטארבט ניט פערלאזענדיג די אייער.

* * *

דעם ערשטען טאָג האָט הערר דע ארנעללעס געיאָגט די פויגעל מיט זיין געוועהנליכער ליידענשאפט; דערנאָך ווען מען איז א זיינער צעהן צוריק געפאָהרען אין שטראהלענדיגען גלאַנץ פון דער זון, וועלכע האָט דורך די ווייסע פעלזען געשיינט, איז ער געוואָרען

אביסעל פערטראַכט און האָט פון צייט צו צייט זיך פערלאָרען אין געדאַנקען, וואָס איז געווען אינגאַנצען געגען זיין געוואָהנהייט.

אזוי שנעל ווי זיי זיינען צוריק געקומען אהיים, איז אריין אַ מאַן, וועלכער האָט אויסגעזעהן ווי אַ דיענער, אין גאַנצען אין שוואַרץ אָנגעטהאָן און האָט שטיל מיט איהם גערעדט. ער האָט געשיינט נאָכצודענקען, צו צעגערן, דאַן האָט ער געענטפערט:

— ניין, מאָרגען.

און אויפ'ן צווייטען טאָג האָט זיך די יאגד ווידער אָנגעהויבען, אָבער העדר דע־ארנעללעס האָט דאָס מאָל אָפט פארפעהלט צו טרע־פען די פויגעל, וועלכע זיינען כמעט ביז צו זיין ביקס צוגעפלויגען. זיינע פריינד האָבען געלאַכט, איהם געפרעגט צי איז ער נישט פער־ליעבט, אָדער אפשר בעשעפטיגט עפּעס אַן אַנדער געהיימנים זיין האַרץ און זיין קאָפּ.

צום סוף האָט ער צוגעגעבען:

— יאַ, אמת, איך מוז באַלד אוועקגעהן, און דאָס פּאַרדריסט מיך!

— וואָס, איהר מוזט אוועקגעהן? וואָס איז דען געשעהן?

— אָך, איך האָב אַ געשעפט, וועלכער רופט מיך, איך קען ניט בלייבען לענגער!

מען האָט גענומען רעדען פון אַנדערע זאכען. נאָך דעם פריה־שטיק איז ווידער געקומען דער שוואַרץ געקליידעטער מאַן. העדר דע ארנעללעס האָט געהייסען איינשפּאַנען די פערד, און דער מאַן האָט שוין געוועסט געוואָלט אוועקגעהן, ווען די דריי אַנדערע יעגער זיינען צו איהם צוגעשטאַנען, גענומען בעטען און איינריידען זייער פריינד, ער זאָל נאָך דאָ בלייבען.

צום סוף האָט איינער פון זיי געפרעגט:

— אָבער אייער געשעפט איז דאָך ניט אזוי וויכטיג, אזוי לאַנג ווי איהר האָט שוין סיי ווי געוואַרט צוויי טעג!

דער יעגער איז געוואָרען שטאַרק צומישט, האָט נאָכגעטראַכט און עס איז קענטיג געווען, ווי ער קעמפפט צווישען פערגעניגען און פליכט. נאָך אַ לאַנגען ישוב הדעת האָט ער געזאָגט ניט ווילענדיג:

— איך בין, דארפט איהר וויסען... איך בין דאָ ניט אליין! איך בין דאָ מיט מיין איידעם!

דאָ האָבען אלע אין איין קול אויסגערופען:

— אייער איידעם? וואו זשע איז ער?

דאָ איז ער פּלוצים געוואָרען שטארק פארשעהמט און רויט:

— וואָס איז, איהר ווייסט טאקע אויף אן אמת נישט? ער ליגט דאָך אין שטאָל! ער איז טויט!

אלע זיינען פּלוצים אנטשוויגען געווארען. הערר דע ארנעללעס האָט נאָך מעהר פארשעהמט פאָרגעזעצט:

— יאָ, אן אונגליק האָט מיך געטראָפען, איך האָב איהם פערלאָרען, און אזוי ווי איך האָב געדארפט ברייגגען דעם טויטען קערפער אין מיין מאיאָנטעק אין בריזעוויללע, האָב איך אָנגעלייגט אַ שטיקעל וועג, אום די יאגד ניט צו פערפעהלען. איהר וועט איינזעהען, אז איך קען ניט ווארטען נאָך לענגער.

דאָ האָט איינער פון די יעגער זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

— נאָ, הערט אויס, טויט איז ער דאָך שוין סיי ווי סיי. טאָ וואָס איז דער אונגליק, אז ער וועט ווארטען נאָך אַ טאָג!

די אנדערע צוויי זיינען איצט אויך געוואָרען זיכערער ביי זיך און האָבען אויסגערופען:

— נו יאָ, דאָס איז דאָך גאַנץ קלאָהר!

ביי הערר דע ארנעללעס איז אַ שווערע לאסט פון הארצען אַרונטערגעפאַלען, אָבער ער איז נאָך פאָרט געווען עטוואָס אונרוהיג, בעת ער האָט געפרעגט:

— דענקט איהר עס טאקע אויף אן אמת?

און די דריי האָבען געענטפערט אין איין קול:

— אָבער, ליעבער פריינד, צוויי טעג מעהר אָדער צוויי טעג וועניגער, איהם וועט גאָרנישט שאדען!

דער שווער האָט זיך אין גאנצען בערוהיגט און זיך אַ קעהר געטהאָן צום לייבענטרעגער, האָט ער געזאָגט:

— אלזאָ, ליעבער פריינד, מיר ווארטען ביז איבער מאָרגען!

# זיך מודה געווען.



י קליינע באראָנעסע דע־גראַנזשער, איז געשלאָפען אויף דער זאָפע, ווען אין צימער האָט זיך אריינ־געריסען די קליינע מארקיזע פאָן רענענדאָן מיט א שטארק אויפגערעגטען פנים, דאָס קלייד עטוואס צוקנייטשט, דער הוט קרום אויפ'ן קאָפ, זי איז גע־פאלען אויף אָ שטוהל און האָט אויסגערופען:

— אר־אר־ף, איצט איז עס געשעהן!

איהר פריינדין, וועלכע האָט זי געקענט פאר א גאנץ רוהיגע און גוטע נאטור, איז ערשטוינט אויפגעשפרונגען פון אָרט און גע־פרעגט:

— וואס איז? וואס איז דען געשעהן?

די מארקיזע איז געווען ווי פון קוועקזילבער, זי איז אויפגע־שטאנען, האָט גענומען לויפען אין צימער הין און צוריק, דאַן האָט זי זיך געזעצט נעבען איהר פריינדין אויף דער זאָפע און גענומען איהרע ביידע הענד:

— הער מיך אָקאָרשט אויס, אָבער אָפריהער מוזטו מיר שווע־רען, אז דו וועסט קיינעם קיין מאָל ניט דערצעהלען א וואָרט פון דעם, וואָס איך וועל דיר איצט פערטרויען.

— דאָס שווער איך.

— ביי גאָט?

— ביי גאָט!

— שטעל זיך פאָר, איך האָב זיך נור וואָס אָבגערעכענט מיט סימאָן.

די אַנדערע האָט אויסגערופען:

— אָה, דאָס איז גוט!

— ניט אמת? שטעל זיך פאָר, צייט אַ האַלב יאָהר איז ער געוואָרען נאָך אונערטרעגליכער ווי פריהער, אָבער טאַקע גאָר אונ־אויסשטעהליך. ווען איך האָב מיט איהם חתונה געהאַט האָב איך גוט געוואוסט, אַז ער איז העסליך, אָבער איך האָב געדענקט, אַז ער איז וויינינגסטענס גוט. אָך, וואָס פאַר אַ טעות איך האָב גע־האַט! ער האָט הפּנים געמיינט, אַז איך האָב זיך פערליעבט אין איהם, אין זיין גרויסער פוזע און אין זיין רויטער נאָז, און ער האָט אַרום מיר אַרומגעטאַנצט, ווי אַ פערליעבטער זכר־טויב. אָבער וויסט, איך האָב געמוזט לאַכען און פון דאַן אָן האָב איך איהם טאַקע גערופען אַזוי. די מענער האָבען מאַנכעס מאָל זעהר קאָ־מישע אַנזיכטען וועגען זיך אַליין. ווען ער האָט איינגעזעהן, אַז איך האָב פאַר איהם בלויז פריינדשאַפטליכע געפיהלען, האָט ער דערפון געשעפּט אַ פערדאַכט. און דאָ האָט ער אָנגעהויבען מיר צו זאָגען אונאַנגענעהמע זאַכען, האָט מיך גערופען קאָקעטקע, זאָ־גאָר פערדאָרבענע און איך ווייס אַליין ניט וואָס נאָך. און דאַן איז ער אימער געוואָרען אַלץ מעהר משוגע, און... און... יאָ, דאָס איז זעהר שווער צו זאָגען, קורץ, ער איז זעהר פערליעבט אין מיר, זעהר פערליעבט, און דאָס האָט ער מיר אָפט בעוויזען, צו אָפט... אָך, איז דאָס אַ שווינערייַ, פון אַזאַ נאַרישען יונג געליעבט צו ווער־רען. ניין, אויף מיין וואָרט, איך האָב עס שוין מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען, איך האָב ניט געקאָנט! דאָס איז עפּעס, ווי מען וואָלט איינעם יעדען אַבענד אַ צאָהן געריסען! נאָך ערגער, פיעל ערגער! דערמאָן זיך אָקאָרשט צווישען אַלע דיינע בעקאַנטע אָן עמיצען, וועלכער איז זעהר העסליך, שטאַרק לעכערליך און אָב־שטויסענד, מיט אַ גרויסער פוזע און — דאָס סאַמע לעכערליכסטע — מיט דיקע, האָריגע פיאַטעס. דו זעהסט איהם פאַר די אויגען, ניט אמת? אַלזאָ גוט, איצט שטעל דיר פאָר, אַז דער דאָזיגער נפש איז דיין מאַן און, אַז יעדען אַבענד... דו פערשטעהסט מיך שוין... פוי, דאָס איז שרעקליך, איינפאַך שרעקליך! מיר הויבט אַזש אָן צו געהן בלוט פון נאַז פאַר ניט גוטקייט, אָבער טאַקע אויף אַן אמת, און איך מוז גלייך לויפען צו דער וואַש־שיסעל. אַלזאָ

איך האָב שוין ווירקליך ניט געקענט מעהר אויסהאַלטען. עס האָט געדאַרפט זיין אַ געשריעבענער געזעץ, וואס זאָל אין אַזעלכע פעלע די פרויען בעשיצען. אָבער טהו נור אַקאַרשט אַ טראַכט, יעדען אָבענד... פוי, טייפעל, ווי שמוציג דאָס איז!

איך אַליין האָב קיינמאָל נישט געטרוימט פון פּאַטעטישער ליעבע, עס הויבט זיך גאָר נישט אָן, אַזעלכעס איז נישטאָ מעהר! אין אונזער צייט זיינען אַלע מענער אָדער שטאָל קנעכט אָדער באַנקירען, אָדער זיי ליעבען פערד, אָדער דאָס געלד. און ווען זיי ליעבען שוין יאָ די פרויען, איז עס אויך פונקט ווי די פערד, דאָס הייסט, אום זיי אין זייערע זאַלען צו צייגען, ווי מען צייגט אויף אַ שפּאַצירפאָהר אַ פּאָר שעהנע פערדלעך. אָט אַזוי איז דאָס שוין. אָט אַזוי איז היינטיגע צייטען דאָס לעבען, און פון קיין אמת'ן געפיהל קען דאָ גאָר קיין פראַגע ניט זיין.

טאָ לאָמיר אַלזאָ לעבען ווי קלוגע, פּראַקטישע פרויען. אונזער גאַנצער פערקעהר איז דאָך ניט מעהר ווי אַ רעגעלמעסיגע צוזאַמענקונפט, וואו עס ווערט שטענדיג געזאָגט און געטהאָן איינס און דאָס זעלבע, כמעט אָהן אויסנאַהמע. צו וועמען זאָל מען אויף אַזאַ אופן האָבען וואַרעמע געפיהלען אָדער ליעבע? די מענער, אונזערע מענער, זיינען דאָך מייסטענס ניט מעהר ווי בכבוד'־איגע בייקס אָהן שום אינטעליגענץ און אָהן שום צאַרט געפיהל. און טאָמער זוכען מיר אַביסעל גייסט, ווי אַן אַאַזיס אין דער וויסטעניש, דאַן ווענדען מיר זיך צו די קינסטלער און דערביי מאַכען מיר די בעקאַנטשאַפט אָדער פון אַן אונערטרעגליכען פּאַט אָדער אַ שלעכט ערצויגענער באָהעמיער. איך זוך, ווי דיאָגינעס אַ מענשען, אַ מאַן אין דער גאַנצער פּאַריזער געזעלשאַפט, און איך וויים גאַנץ בעשטימט, אַז איך וועל קיינעם ניט געפינען און אַז איך מעג גאַנץ רוהיג מיין לאַטערנע אויסלעשען.

לאָמיר אָבער זיך אומקעהרען צו מיין מאַן: ווייסטו, יעדעס מאָל וואס ער איז געקומען צו מיר אין איין העמד און אונטערהויזען, האָט עס מיך שרעקליך אויפגעבראַכט, און איך האָב אַלע מעגליכע מיטעל פּרובירט, אום איהם צו האַלטען פון מיר פון

ווייטען, אום ער זאָל זיך פון מיר עקלען. צוערשט איז ער גע־ווען אויפגעבראכט, דער נאָך איז ער געוואָרען אייפערזיכטיג און האָט זיך איינגערעדט, אז איך בעטריג איהם. אין דער ערשטער צייט האָט ער זיך בענוגענט דערמיט, וואס ער האָט מיך געהיט. אַלע מענער, וואס בעזוכען אונזער הויז האָט ער אָנגעקוקט מיט אויגען פון א טיגער. אָבער דערנאָך האָט ער זיך א נעהם געטהאָן מיך צו פערפאָלגען. ער איז מיר איבעראַל פער'גנב'עט נאָכגע־גאַנגען, האָט אָנגעווענדעט נאָך ניט געהערטע כיטראָסטען מיך צו כאַפּען. מיט קיין לעבעדיגען מענשען האָט ער מיך מעהר ריידען ניט געלאָזט. אויפ'ן באַל איז ער געבליבען שטעהן הינטער מיר און אויסגעשטרעקט זיין דיקע, הינטישע נאָז אזוי גיך, ווי איך האָב נור אויסגערעדט א וואָרט. ער האָט מיך פערפאָלגט ביים בופעט, פערבאָטען מיר צו טאַנצען מיט דעם אדער מיט יענעם, האָט מיך פּלוצים, אָהן א פאַרוואס ארויסגעריסען פון אין מיטען א קאָטיליאָן און מיך אזוי לעבערליך געמאכט, אז מען האָט מיך גע־מוזט האַלטען פאַר איך ווייס ניט וועמען. צום סוף האָב איך אין גאַנצען אויפגעהערט צו געהן אין געזעלשאַפט.

אָבער אין דער היים איז געוואָרען נאָך ערגער. דענק דיר נור, אַט דער אויסוואורף האָט מיך בעהאַנדעלט ווי... איך וואָג נישט דאָס וואָרט פון מיינע ליפען ארויסצולאָזען, ווי „א גאַסען מיידעל". שטעל זיך פאָר, איין מאָל, אין אבענד, פרעגט ער ביי מיר:

— מיט וועמען האָסטו היינט געשלאָפען?

איך האָב אויף איהם אָנגעשריען און ער איז געווען צופריע־דענגעשטעלט.

דערנאָך איז וואס ווייטער געוואָרען אַלץ ערגער. לעצטע וואָך געהט ער מיט מיר עסען אין די טשאַמפּ־עליסעעס און דאָ האָט דער צופאַל געוואָלט, אז באַבינויאַר זאָל זיצען ביים צווייטען טיש. ערשט סימאָן נעהמט א צוקאָכטער מיך טרעטען אונטער'ן טיש מיט די פיס און ברומט:

— דו האָסט איהם בעשטעלט אַ ראַנדעוואו, צולאָזענע בריאה, דו! וואַרט אָקאָרשט!

און דו האָסט גאָר קיין אהנונג ניט וואָס ער האָט נאָכדעם געטהאָן. גאַנץ לאַנגזאַם האָט ער פון מיין הוט אַ שפּילקע אַרויס־געצויגען און גענומען מיר דערמיט פּיקען אין אָרעם. איך האָב גע־שריען, געמאַכט קולות, די גאַנצע וועלט איז זיך צוזאַמענגעלאָפען, און דאָ האָט ער געשפּיעלט אַ קאָמעדיע פון כלומרש'טדיגען בע־דויערען.

און אין דיעזען אויגענבליק האָב איך צו זיך געזאָגט: וואַרט אויס, איכ'ל זיך שוין מיט דיר אָברעכענען! און איצט האָב איך שוין מעהר נישט געוואַרט. וואָס וואָלסטו אויף מיין אָרט גע־טהאָן?

— אָה, איך וואָלט זיך שוין אָבגערעכענט!

— אָט אַזוי האָב איך טאַקע געטהאָן.

— אָבער ווי?

— וואָס? דו פערשטעהסט דען ניט?

— נו, יאָ, ווייסטו... אָבער, ווי אַזוי פּאָרט?

— דערמאָן זיך אָקאָרשט אָן זיין קאָפּ, ווי ער זעהט אויס, ניט אמת, דו זעהסט איהם פאַר די אויגען, מיט זיין גראָבען פּנים, דער רויטער נאָז און די באַקען באָרד, וואָס הייננט ביי איהם אַרונ־טער, ווי די אויערען ביי אַ הונד.

— אלזאָ.

— און טהו אַ טראַכט, אַז ער איז נאָך דערצו אייפערזיכטיג, ווי אַ טיגער.

— נו, יאָ.

— אלזאָ גוט, הער אויס, איך האָב געזאָגט צו זיך אליין: איצט איז גענוג, איצט וועל איך זיך מיט איהם אָברעכענען, אָבער אַזוי, אַז ער זאָל האָבען צו געדענקען, און גלייך האָב איך בעשלאָ־סען עס דיר צו זאָגען, אָבער נור דיר, קיין אַנדער מענשען אין דער וועלט... אָבער שטעל זיך נור אויף איין מינוט פאַר דעם דאָ־זיגען נפש מיט זיין מיאוס פּנים און אַז ער... אַז ער... אַז ער...

— אלזאָ, האָסטו...

— אך, טהייערינקע, פריהער פאר אלץ זאָג עס קיין מענשען ניט, שווער דאָס מיר נאָך אמאָל, טהו נור א טראכט, ווי קאָמיש דאָס איז, שטעל זיך פאָר, מיר דאכט זיך, אז פון דעם דאָזיגען אויגענבליק אָן איז ער אין גאנצען פערענדערט געווארען און איך הער ניט אויף צו לאבען שטיל אין זיך.

די באראָנעסע האָט אָנגעקוקט איהר פריינדין און אויסגעפלאצט אין א געלעכטער. זי האָט געלאכט אזוי ווי זי וואָלט געהאלט לאך־קרעמפען. ביידע הענד אויף דער ברוסט געפרעסט, דאָס פנים פערקרימט, האָט זי אָהן אָטהעם זיך אָנגעבויגען אין פאָראויס, ווי אָט־אָט וואָלט זי צו דר'ערד געפאלען.

דאָ האָט זיך די קליינע מארקיזע אויך צולאכט און גענומען ריידען געהאקט, זיך שטיקענדיג פאר געלעכטער:

— ניין, אָבער טהו נור א טראכט... שטעל זיך נור אויף איין מינוט פאָר... איז דאָס נישט קאָמיש... דערמאָן זיך נור אָן זיין פנים, דערמאָן זיך אָן זיין באָרד, זיין נאָז, טהו נור א טראכט... איז דאָס נישט קאָמיש? אָבער פאר אלצדינג זאָלסטו, אום גאָ־טעס ווילען קיינעם קיינמאָל ניט אויסזאָגען, קיינמאָל...

זי איז געווען אין גאנצען אָהן אָטהעם און האָט מעהר ניט געקענט רעדען. דיקע טרעהרען האָבען זיך איהר איבער די באַ־קען געקייקעלט.

די באראָנעסע האָט זיך צוערשט בערוהיגט און נאָך צוקענדיג און ציטערנדיג האָט זי געזאָגט:

— אָבער דערצעהל מיר דאָך, ווי דו האָסט עס געמאכט, דער־צעהל עס מיר, דאָס איז אזוי קאָמיש, אזוי מערקווירדיג קאָמיש!

אָבער די אנדערע האָט קוים געקענט ריידען און נור געשטאַ־מעלט:

— אזוי שנעל ווי איך האָב געפאסט מיין ענטשלוס, האָב איך צו זיך געזאָגט: איצט זאָל עס געשעהן, איצט מוז עס גע־שעהן, גלייך אויפ'ן אָרט, און איך האָב עס טאקע גלייך געטהאָן, היינט נאָך....

— היינט?

— יא, נור וואָס, און איך האָב סימאָן'ען געזאָגט אז ער

זאָל מיך קומען אָבנעהמען ביי דיר, און ער וועט באַלד קומען. זי־בער וועט ער קומען. מהו נור אקאָרשט א טראַכט... מהו בלויז א טראַכט וואס פאַר א פּנים ער האָט איבערהויפּט איצט, ווען דו וועסט איהם אָנקוקען.

די באַראָנעסע האָט זיך עטוואס בערוהיגט און אָבגעצווינגען טיעף דעם אָטהעם, האָט זי געזאָגט:

— זאָג מיר אָבער, ווי אַזוי האָסטו עס געמאַכט?

— גאַנץ איינפאַך, איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין, ער איז אייפערזיכטיג אויף באַבינעאַק, גוט דאַן נעהם איך באַבינעאַק'ען. ער איז אפילו א פערד בצורת אדם, אָבער אַן אַנשטענדיגער יונג. ער וועט קיין מאָל ניט אַרויסברענגען דערפון א וואָרט. און נאָך פריהשטיק בין איך צו איהם אַוועק.

— דו ביזט ביי איהם געוועזען? מיט וואס פאַר א תירוץ?

— איך האָב ביי איהם געבעטען א נדבה פאַר א פּאָר יתומים.

— דערצעהל שנעל, שנעל, וואס ווייטער?

— ווען ער האָט מיך דערזעהן, איז ער אַפריהער געוואָרען אַזוי ערשטוינט, אַז ער האָט גאָרניט געקענט ריידען. ער האָט מיר דערלאַנגט צוויי צוואַנציג־פראַנק שטיק פאַר מיינע יתומים. און ווען איך בין דאַן אויפגעשטאַנען, אום אַוועקצוגעהן, האָט ער זיך געפרעגט אויף מיין מאַן. דאָ האָב איך זיך געמאַכט, ווי איך קען שוין מעהר נישט איינהאַלטען זיך און איהם דערצעהלט אַלעם וואס איך האָב געהאַט אויפ'ן האַרצען, און סימאָן'ען האָב איך גע־מאַכט נאָך שלעכטער, ווי ער איז אין דער ווירקליכקייט. באַבי־ניאַק איז געווען שטאַרק גערירט און האָט געזוכט א מיטעל, ווי מיר צו העלפען. און איך האָב זיך צוקלאָגט, און ווייסטו, ווען מען קלאָגט, און.... ווען מען וויל... קורץ, ער האָט מיך געטרויסט, האָט מיך געלאָזט זיך זעצען און ווען איך האָב זיך גאָר נישט גע־לאָזט בערוהיגען, האָט ער מיך געקושט און איך האָב געזאָגט: „אַך, מיין אָרימער פריינד, מיין אָרימער פריינד!" און ער האָט אי־בערגע'חזר'ט: „מיין אָרימע פריינדין, מיין אָרימע פריינדין!" און דאָ האָט ער מיך געקושט ווידער און אָבער, אָהן א סוף, און דאַן האָט עס פּאַסירט....

דערנאָך האָב איך געהאַט אַ מוראַ'דיגען אָנפאַל פון פערצוויים־לונג און קאַטער, האָב איהם בעהאַנדעלט אַזוי שלעכט ווי נור מעגליך, און דערביי זיך מיט אַלע קרעפטען איינגעהאַלטען פון לאַכען, און געטראַכט האָב איך נור פון סימאָן'ען מיט זיין מיאוס פּנים און זיין בערדעל... און איצט, געהענדיג צו דיר, האָב איך זיך אויף דער גאַס קוים געקאָנט איינהאַלטען. איצט אָבער איז עס געשעהן, איצט האָב איך זיך מיט איהם אָבגערעכענט איינמאָל פאַר אַלע מאָל. איצט מעג פּאַסירען וואָס עס וויל, אבי עס איז געשעהען... און ער, וועלכער האָט דערפאַר אַזוי מוראַ'דיג אַנגסט געהאַט, איז געבליבען מיט אַ נאָז... איצט מעג פון מיינעטוועגען קומען אַ מלחמה, אַן ערדציטערניש, אַן עפּידעמיע, מיר קענען אַלע אויסשטאַרבען... אבי עס איז געשעהן...

— דערמאָן זיך בלויז אָן זיין פּנים, און טהו נור אַ טראַכט וואָס דאָ איז געשעהן...

די באַראָנעסע, וועלכע האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער, האָט געפרעגט:

— וועסטו זיך מיט באַביניאַק'ען ווידער זעהן?

— ניין, קיין מאָל ניט, עס פאַלט מיר גאָר נישט איין. איך בין זאַט פון איהם, ער איז ניט פיעל בעסער, ווי מיין מאַן.

און זיי האָבען זיך ווידער ביידע צולאַכט אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבען זיך געטרייסעלט מיט אַלע גליעדער.

דאָס קלינגען פון גלאָק האָט איבערגעריסען זייער געלעכטער. די מאַרקיזע האָט געזאָגט:

— דאָס איז ער. איצט זאָלסטו איהם אָקאָרשט גוט אָנקוקען.

די טיר האָט זיך געעפענט און עס האָט זיך בעוויזען אַ דיקער מאַן, מיט אַ רויט פּנים, גראָבע ליפּען, און אַ שיטער בערדעל. ער האָט זיך בייז ארומגעקוקט אַרום זיך.

אַ מאָמענט האָבען איהם ביידע יונגע פרויען אָנגעקוקט. דאַן זיינען זיי ביידע געפאַלען הינטערוויילעכץ אויף דער זאָפע

אין אזעלכע לאך־קרעמפען, אז זיי האָבען געאָכצט און געקרעכצט, ווי אונטער די מורא׳דיגסטע שמערצען.

ער אָבער האָט געזאָגט מיט א דומפען קול:

— זייט איהר דאָרט משוגע געווארען? זייט איהר משוגע? זייט איהר משוגע?...



# דעם פּאַשאַ'ס פרוי.



ין סיניטשו, א פארשטאָדט פון פּראג, האָבען מיט צוואנציג יאָהר צוריק געוואָהנט אַ מאַן און א פרוי,ביידע אָרימע, אָבער אָרענטליכע מענשען, וועלכע האָבען פערדיענט זייער ברויט דורך עהרליכע פּראַצע. דער מאַן האָט געארבייט אין א גרויסער דרוקעריי און זיין פרוי אין אַ וועשעריי.

האָבען זיי געהאָט אַ טאָכטער וויטעסקא, א געזונדע, שענע, אכצעהן־יאָריגע מיידעל, וואָס איז געווען זייער שטאָלץ און זייער איינציגער נחת.

דאָס מיידעל האָט געארבייט ביי א שניידערקע און גע־שטיצט, ווי ווייט זי האָט געקענט, איהרע עלטערען. אין איהר פרייער צייט האָט זי זיך געבילדעט, געלערענט און געלעזען ביכער, האָט זיך בעזונדערס אָפּגעגעבען צו מוזיק. זי האָט געהאָט זעהר א גוטען נאָמען צווישען די שכנים מחמת איהר רוהיגען און צניעות'דיגען בענעהמען זיך מיט אַלעמען, און איהרע בעקאַנטע האָבען פון איהר געהאָט דעם בעסטען מיינונג.

ווען זי איז געגאַנגען אין שטאָדט, צו דער ארבייט, האָט דאָס אָרים־געקליידעטע מיידעל מיט דעם שענעם קאָפּ שווארצע האָאָר און דונקעלע שיינענדיגע אויגען, געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון די פערבייגעהער, פיעל מעהר ווי די עלע־גאנט־געקליידעטע אריסטאָקראטישע דאמען. גאַנץ אָפט איז אַ רייכער קאוואַליער איהר נאָכגעגאנגען ביז צו איהר הויז און האָט בעמיהט זיך צו פערפיהרען מיט איהר אַ שמועס. אָבער זי

האָט זיך תמיד געהאַלטען אַזוי, דאַס דער קאַוואַליער איז אַלע מאָל „געבליבען מיט אַ נאָז.“ זי האָט ניט געדאַרפט האָבען קיין בעגלייטער, וואָס זאָל זי בעשיצען. זי האָט אַליין געקענט זיך בעשיצען.

אָבער איין אָבענד האָט זי געטראָפען, געהענדיג איבער'ן בריק, אַ מאַן, פון וועלכען זי האָט די אויגען ניט געקענט אָפּרייסען. דער מאַן איז געוועזען הויך און שען, מיט ליכטיגע אויגען און שוואַרצער באָרד, אין אַ לאַנגען מאַנטעל, אַ זאַרט קאַפּטאַן, און מיט אַ רויטער יאַרמאַלקע אויפ'ן קאָפּ, געקומען אָפּנים פון די מזרח לענדער.

ער האָט בעמערקט, אַז זי קוקט אויף איהם, ווייל ער אַליין האָט אויך מיט איבערראַשונג בעמערקט די אונגעוועהנליך שענע, אַרים-געקליידעטע מיידעל. ער איז געבליבען שטעהן און דאַכט זיך זי געפּרעסען מיט זיינע אויגען. זי, די ניט שרעקענדיגע, איז איצט צומישט געוואָרען און איז אַוועק שנעלער. ער נאָך איהר. וואָס שנעלער זי איז געגאַנגען, אַלץ נעהענטער איז ער געוועזען צו איהר. צום סוף, ווען זיי זיינען אַריין אין אַ שמאָל, פינסטער געסעל אין פאַרשטאָדט, האָט ער פּלוצים זיך אָנגערופען צו איהר מיט אַ פרעכען קול:

— שענע מיידעל, ווילט איהר מיך אונטער'ן אָרם נעהמען? איך וועל אייך בעגלייטען.

זי האָט איהם געענטפערט:

— איהר קענט זעהן, אַז איך בין אַלט גענוג זיך צו בעגעהן אָהן אַ בעגלייטער. איך דאַנק אייך פאַר אייער פריינדליכקייט, און איך בעט אייך, איהר זאָלט ווייטער מיר ניט נאָכגעהן, ווייל מען קען מיך אין דער געגענד און מיין רעפּוטאַציאָן קען דערפון ליידען.

— אָה, אויב איהר מיינט, אַז איהר וועט זיך אַזוי לייכט פון מיר אָפּטשעפּען, האָט איהר אַ טעות — האָט ער געזאָגט — איך קום ערשט פון מזרח און וועל באַלד אַוועק צוריק אַהין. שענע

מיידעל, אויב איהר זייט אזוי קלוג ווי איהר זייט שען, לאָז איך אייך איין צו פאָהרען מיט מיר און איך פערזיכער אייך, אז עס וועט קיין גאנצער יאָהר ניט אַוועק, און איהר וועט בעשאָטען זיין מיט בריליאַנטען און דימענטען און יעוועלען און וועלען אייך בע־דיענען און שקלאַפינס.

— מיין הערר, איך בין אַן אנשטענדיגע מיידעל — האָט זי געענטפערט שטאָלץ און גענומען געהן נאָך שנעלער. דער פרעמ־דער אָבער איז פון איהר ניט אָפּגעטראָטען.

— איהר זייט געבאָרען געוואָרען צו הערשען און בעפעהלען — האָט ער געפּליסטערט צו איהר — גלויבט מיר, אז איך וויים, וואָס איך רייד. אויב איהר האָט גליק, וועט איהר נאָך אַמאָל זיין א סולטאַנשע.

דאָס מיידעל האָט איהם נישט געענטפערט און איז געגאַנ־גען וייטער איהר וועג.

דער פרעמדער האָט ניט אויפגעהערט זי איינצורעדען:

— הערט מיך אויס, וועט איהר וועט מיך פאָלגען...

— איך וויל גאַרנישט הערען. אויב איהר מיינט דאָס, וייל איך בין אָרים, קענט איהר מיך לייכט פערפיהרען, האָט איהר א טעות — האָט וויטעסקא אויסגעשריען — אמת, איך בין אָרים, אָבער ניט ווייניגער אנשטענדיג. קיינע גליקען און קיינע אוצרות קענען מיין אנשטענדיגקייט ניט קויפען.

זי איז צוגעגאַנגען צו דעם שטיבעל, וואו איהרע עלטערען האָבען געוואָהנט, און זי איז אריינגעלאָפען און האָט פערקלאַפּט הינטער זיך די טהיר.

אויף מאָרגען, ווען זי איז אין דער פריה געגאַנגען צו דער אַרבייט, האָט זי ווידער געטראָפען דעם פרעמדען.

ער האָט געוואַרט אויף איהר אויפ'ן ראָג פון דער גאַס, וואו זי האָט געוואָהנט. ער האָט זיך מיט דרך ארץ פערנויגט פאַר איהר.

— ערלויבט מיר צו זאָגען אייך אַ פּאָאָר ווערטער — האָט ער אָנגעהויבען — איך פיהל, אז איך מוז זיך ענטשולדיגען פאר אייך פאר מיין נעכטיגע בענעהמונג.

— איך בעט אייך, לאָזט מיך צורוה — האָט זי געענטפערט — וואָס וועלען די שכנים דענקען, ווען זיי וועלען אייך דערזעהן מיט מיר?

— איך האָב אייך ניט געקענט — האָט ער גערעדט ווייטער — אָבער אייער אונגעוועהנליכע שענקייט האָט מיין הארץ געפאנגען. איצט ווען איך וויים, אז איהר זייט פונקט אזוי אנשטענדיג ווי שען, וואָלט איך זעהר וועלען בעקענען זיך מיט אייך נעהענטער. גלויבט מיר, אז איך האָב ניט קיין שלעכטעם אויפ'ן זינען.

צו איהר אונגליק, איז דער פרעמדער איהר אזוי געפעלען געוואָרען, דאָס זי האָט קיין הארץ ניט געהאַט איהם דאָס אָפּצוזאָגען.

זי האָט ארויסגעשטאַמעלט עטוואָס צומישט:

— אויב איהר מיינט ניט קיין שלעכטס, טאָ לויפט מיר ניט נאָך אויף דער גאַס, קומט צו מיינע עלטערען אין הויז און ערקלעהרט דאָרט וואָס איהר ווילט.

— איך וועל עס זיכער טהאָן — האָט דער פרעמדער זיך אָנגערופען — און אז איהר ווילט, טאָקי גלייך.

—ניין, ניין — האָט וויטעסקא געזאָגט — קומט בעסער ביינאַכט, ווען איהר ווילט.

דער פרעמדער האָט זיך פערנויגט און זי פערלאָזען. ביינאַכט איז ער טאָקי געקומען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אלס אירענוס קריסאַפּאָלים, אַ גריכישער סוחר פון סמירנאָ, האָט דערצעהלט, ווי רייך ער איז און צום סוף ערקלעהרט, אז ער ליעבט וויטעסקא'ן מיט'ן גאַנצען פייער פון זיין נשמה.

— דאָס איז זעהר שעהן — האָט וויטעסקא'ס פאָטער געענטפערט — אָבער וואָס קען פון דעם ארויסקומען? אונטער קיינע

אומשטענדען קען איך אייך ערלויבען צו בעזוכען מיין טאָכטער. אזא ליעבע ווי אייערע קען לאַנג ניט אָנהאַלטען. איהר וועט נור דעם גוטען נאָמען פון מיין מיידעל בעשמוצען.

— און ווען איך בין צופריעדען חתונה צו האָבען מיט אייער טאָכטער? — האָט דער פרעמדער געפרעגט נאָך אַ קורצען נאָכ־דענקען.

— דאָס דאַרפט איהר פרעגען מיין טאָכטער אַליין — האָט וויטעסקא'ס פאָטער געענטפערט — וויל מיט ווענען זי זאָל חתונה האָבען וועל איך איהר קיינמאָל קיין דעה ניט זאָגען.

דאַן האָט דער פרעמדער אַנגענומען די שעהנע וויטעסקא'ן ביי דער האַנד און אין ווערטער, פול פייער, איהר ערקלעהרט, ווי ער ליעבט זי, און ווי גליקליך זי וועט מיט איהם לעבען דאָרט, אין סמירנאַ. צום סוף האָט זי איינגעוויליגט איהם צו הייראַטען. די פאַרבערייטונגען צו דער חתונה זיינען געמאַכט געוואָרען שנעל און די גאַנצע צייט ביז דער חתונה איז ער ווי אַ שקלאַף ביי איהרע פיס געלעגען.

באַלד נאָך דער חתונה זיינען זיי אוועקגעפאָהרען אין סמירנאַ, פערשפּרעכענדיג די עלטערען צו לאָזען פון זיך הערען אַזוי גיך, ווי זיי וועלען נור קומען אויפ'ן פּלאַץ.

אָבער אַ מאָנאַט איז אוועק, אַ צווייטער און אַ דריטער, און פון זיי איז אַ וואָרט ניט אָנגעקומען. די עלטערען זיינען גע־וואָרען זעהר אונרוהיג. צום סוף האָט זיך דער פאָטער געווענדעט צו דער פּאָליציי.

די פּאָליציי האָט זיך גלייך נאָכגעפרעגט ביים קאָנסול אין סמירנאַ, און ער האָט געענטפערט, אַז קיין סוחר מיט'ן נאָמען אירענוס קריסאָפּאָלים איז ניטאָ און איז קיינמאָל ניט געווען אין סמירנאַ. די פּאָליציי האָט געזוכט ווייטער, אָבער אומזיסט. דער־נאָך איז מען יאָ געפאַלען אויפ'ן שפּור פון עפּעס איינעם, וואָס איז געווען עהנליך צו דעם דאָזיגען פרעמדען. די פּאָליציי פון בור־

דאַפּעסט האָט געלאָזט וויסען, אַז מיט אַ קורצע צייט צוריק האָט איינער, וואָס האָט אויסגעזעהען אזוי, ווי וויטעסקאַ׳ס מאַן, לויט ווי מען האָט אָנגעגעבען אין פּאָליציי זיינע סמנים, אַוועקגעפיהרט פון בודאַפּעסט צוויי מיידלעך נאָך טערקיי. מען האָט איהם געוואָלט אַרעסטירען, מען האָט איהם אָבער ניט געקענט כאַפּען.

* * *

פיער יאָהר נאָך וויטעסקאַ׳ס געהיימניספולען פערשווינדען, האָבען צוויי פּערזאָנען, אַ מאַן און אַ פרוי, זיך אָנגעטראָפען אויף אַ שמאָל געסעל אין דאַמאַסקוס. דער מאַן מיט דער שווארצער באָרד און רויטער יאַרמאַלקע און אין דעם לאַנגען גרינגעם קאַפּטאַן, איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי דער גריק אירענוס קריסאַפּאַליס. זיינע געשעפטען זיינען, אַפּנים, געגאַנגען זעהר גוט; ער האָט געהאַלטען זיינע הענד אין אַ רויטען טוך, וואָס איז געווען אַרומגעוויקעלט אַרום זיין ברוסט, און איין ניגער איז איהם נאָכגעגאַנגען מיט אַ גרויסען פּאַראַסאָל און אַ צווייטער האָט איהם נאָכגעטראָגען זיין ליולקע.

אויף אַ שמאָל געסעל איז איהם געקומען אַנטקעגען אַ דאַמע פון דער העכערער געזעלשאַפט. זי איז געזעסען אויף אַזאַ מין מאַטעל, וועלכען פיער שקלאַפען האָבען געטראָגען. זי איז געווען פערשלייערט אין גאַנצען, נור אַ פּאָאַר גרויסע, שווארצע אויגען האָבען אַרויסגעקוקט און געשאָטען אויפ׳ן גריק פייערדיגע פונקען.

ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן צו איהר, ווייל ער האָט געדענקט, אַז ער איז געפעלען געוואָרען דער דאָזיגער אָריענטאַלישער שעהנהייט. באַלד אָבער איז זי פערשוואונדען צווישען עולם און ער האָט מעהר פון איהר ניט געטראַכט.

אויף מאָרגען אָבער איז געקומען צו איהם אַ יעווניך פון פּאַשאַ און איהם געזאָגט, ער זאָל געהן מיט איהם. ער האָט זיך שטאַרק פערוואונדערט, נור אַז מען האָט איהם גערופען צום פּאַשאַ, האָט ער געמוזט געהן. דער פּאַשאַ איז געווען דער מעכ־

פינסטער בעאַמטער פון'ם סולטאַן און ער האָט געהערשט איבער דאמאסקוס מיט אַן אייזערנעם פויסט.

דער יעוונוך האָט איהם געפיהרט דורך שמאָלע, פינסטערע אַריינגאַנגען, דורך טהירען און פאַרהאַנגען. צום סוף האָט ער איהם געבראַכט אין אַ גרויסען זאַאַל, וואו אַ פּראַכטפולער פאָנטאַן האָט געשפּריצט קלאָהרע, זילבערנע שטראָמען און רויטע זאַפעס זיינען אַרום די ווענד געשטאַנען.

דער יעוונוך האָט איהם געהייסען וואַרטען און איז אַוועק. פּלוצים איז אַריינגעקומען אַ הויכע, מאַיעסטעטישע פרוי. ווידער האָבען אויף איהם געקוקט אַ פּאָאַר גרויסע, פייערדיגע אויגען פון אונטער דעם שלייער, וועהרענד אַן איהר גרינעם, מיט גאָלד־געשטיקטען קאַפטאַן האָט ער געזעהען, אַז אויב זי איז ניט דעם פּאשאָ'ס פרוי, איז זי כאָטש איינע פון זיינע געליעבטסטע קעבס־ווייבער — האָט ער זיך שנעל אויף די קניע פאַר איהר געוואָרפען, צוגעדריקט די הענד צו דער ברוסט און מיט'ן שטערען די פּאָד־לאָגע בעריהרט. אָבער אַ טיפעלשער געלעכטער האָט איהם גע־צוואונגען דעם קאָפּ אויפצוהויבען, און ווען די רייצענדע פרוי האָט דעם שלייער אויפגעהויבען, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ געשריי, פול שרעק, ווייל זיין ווייב, זיין פערפיהרטע ווייב, וועלכע ער האָט פערקויפט, איז פאַר איהם געשטאַנען.

— דו דערקענסט מיך ? — האָט זי געפרעגט מיט אַ שטאָלצע מינע.

— וויטעסקאַ ?

— יאָ, אַזוי האָב איך געהייסען, ווען איך בין געווען דיין ווייב — האָט זי געענטפערט שנעל און מיט פעראַכטונג אין'ם קול — אָבער היינט בין איך דעם פּאשאָ'ס ווייב און מיין נאָמען איז זאַרעמאַ. אַ, יאָ, דו האָסט זיך גאָר ניט געריכט, אַז דו וועסט מיך אַמאָל דאָ טרעפען, דו שופט, ווען דו האָסט מיך אין וואַרנאַ פער־קויפט צו דעם אַלטען, האַלב־טויטען מאַן ? דו זעהסט, היינט בין איך אין בעסערע הענד. איך האָב מיין גליק ערדרייכט. דו פער־

דיענסט מיין דאנק, מיין בעלוינונג. זאָג, מיט וואָס זאָל איך דיר בעלוינען?

דער צוטומעלטער גריק איז געלעגען ביי די פיס פון דער פרוי, וועלכע ער האָט אַזוי שענדליך בעטראָגען, און איז ניט אימשטאַנד געווען אַ וואָרט אַרויסצוברענגען. ער האָט געפיהלט, אַז ער איז פערלאָרען און קיין מוטה אפילו ניט געהאַט רחמנות ביי איהר צו בעטען.

— דו האָסט פערדיענט דעם טויט, דו ניעדערטרעכטיגע בע־שעפעניש — האָט זארעמאַ גערעדט ווייטער — דו ביזט ביי מיר אין די הענד און איך קען טהאָן מיט דיר, וואָס מיין האַרץ געלוסט. דער פּאַשאַ איז צופריעדען, אַז איך אַליין זאָל אויסטראַכטען פאַר דיר אַ שטראָף. איך קען דיר לאָזען אויפהענגען און צוקוקען, ווי דו צאַפּעלסט זיך אין טויט־קאָנוואולסיען. דאָס וואָלט געווען פאַר מיר אַ שטיקעלע בעפריעדיגונג פאַר די אַלע צרות און ער־ניעדערונגען, וועלכע איך בין אויסגעשטאַנען אין די לעצטע פּאָאָר יאָהר און פאַר וועלכע איך האָב נור דיר אַליין צו פערדאַנקען.

— מיטלייד, וויטעסקאַ! מיטלייד! — האָט ער גענומען זיך בעטען, ציטערענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער, און אויפגעהויבען צו איהר זיינע ביידע הענד.

עס האָט איהם געענטפערט איהר געלעכטער, אין וועלכען עס האָט געקלונגען די אכזריות פון אַ בעליידיגטען פרויען־האַרץ. עס האָט געשיינט, אַז זי האָט פערגעניגען פון דעם, וואָס דער מאַן, וועלכען זי האָט ליעב געהאַט, ליגט איצט ביי איהרע פיס און צאַפּעלט זיך אין טויט־שרעק.

צום סוף האָט זי אַרויסגערעדט:

— גוט, איך וועל דיר שענקען דאָס לעבען, אַבער בעשטראָפט מוזט דו דאָך ווערען.

זי האָט אַ קלאַפּ געטהאָן אין די הענד, און פיער שוואַרצע יעוונוכען זיינען אַריינגעקומען. זיי האָבען אַ כאַפּ געטהאָן דעם אונגליקליכען און איהם געבונדען הענד און פיס.

— איך האָב מיין מיינונג געענדערט — האָט זי געזאָגט מיט אַזאַ שמייכעל, פון וועלכען איהר פריהערדיגען מאַן האָט גענומען שווידערען — איהר זאָלט איהם ניט טויטען, נור איהר זאָלט איהם אָבצעהלען הונדערט קלעפּ מיט שטעקענס. איך וועל דערביי שטעהן און צעהלען.

— אום גאָטעס ווילען! — האָט דער גריק אויסגעשריען — האָב מיטלייד, איך וועל עס ניט איבערטראָגען!

— דאָס ווילען מיר זעהן — האָט זי געענטפערט מיט אַ רוהיגען שמייכעל — ווען דו וועסט שטאַרבען אונטער די שטע־קענס, איז אַ סימן, אַז אַזוי איז דיר בעשערט. דאָס מוזט דו קריגען!

זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף אַ זאָפע און גענומען רויכענען אַ לאַנגע ליולקע, וואָס אַ שקלאַפין האָט איהר דערלאַנגט, שטעלענדיג זיך אויף די קניע. אויף איהר וואונק, האָבען די יעווי־נוכען צוגעבונדען דעם מאַן'ס פיס צו אַ זייל, און די מורא'דיגע בעשטראָפונג האָט זיך אָנגעפאַנגען.

שוין צום צעהנטען קלאַפּ האָט דער גריק אָנגעהויבען צו רע־ווען, ווי אַ ווילדע חיה, אָבער זיין פרוי, וועלכע ער האָט בעטראַ־גען, איז געבליבען גלייכגילטיג און האָט רוהיג געבלאָזען דעם בלויען רויך אין די לופט אריין. אָנגעלעהנט אויף איהר רייצענדען אָרעם, האָט זי געקוקט איהם אין פּנים אריין, וואָס איז צוקרימט געוועזען פאַר יסורים, מיט אונברחמנות'דיגער הנאה.

ביי די לעצטע קלעפּ האָט ער שוין קיין כח ניט געהאַט אפילו צו קרעכצען און דערנאָך איז ער אין חלשות געפאַלען.

* * *

אַ יאָהר שפּעטער האָט די פּאָליציי איהם אַרעסטירט אין אַן עסטרייכישען שטעדטעל, בעת ער האָט זיך געוואָלט אַריבער־כאַפּען דעם גרענעץ מיט „לעבעדיגע סחורה". אין'ם געפענגעניס האָט ער זיך דערנאָך מודה געווען אין אַלסדינג. און אַזוי האָבען וויטעסקאָ'ס עלטערען צום סוף זיך דערוואוסט, וואו זי איז. און

דערוויסענדיג, אַז זי איז גליקליך און רייך, האָבען זיי גאָר אפילו ניט אַ טראַכט געטהאָן וועגען ארויסרייסען זי פון פּאשאַ'ס הענד, וועלכער, ווי אַ אמת'ער טערק, איז געוועזן איהר שקלאַף, דער שקלאַף פון זיין שקלאַפין.

איהר פריהערדיגען מאַן, ווען ער איז פון'ם געפענגעניס ארוים, האָט מען אָוועקגעשיקט איבער'ן גרענעץ. אָבער זיין שענדליכער האַנדעל מיט פרויען האָט ניט אויפגעהערט ביז היינטיגען טאָג, טראָץ די שטערונגען פון דער פּאָליציי און פון די קאָנסולען. יע־דען יאָהר ברענגט ער אין די האַרעמס פון די מזרח־לענדער פרויען פון באָהעמיען און אונגאַרען, וועלכע געפעלען די מוסולמאַנער ניט ווייניגער, ווי די רייצענדע פרויען פון קאַווקאַז.



# די מאַרטיניכע.



עטראָפען האָט עס מיט איהם איין מאָל א זונטאג, נאָך גאָטעס דיענסט. ער האָט זיך צוריקגע־קעהרט פון דער קירכע דורך א זייטיגען וועג, ווען ער האָט פּלוצים דערזעהן די מאַרטיניכע, וועלכע איז אויך מיט דעם זעלבען וועג אהיים געגאַנגען.

דער פאָטער איז געגאַנגען נעבען זיין טאָכטער, א שטאָל־צער, פול גדלות ווי א רייכער פויער. איהם איז ניט אָנגע־שטאַנען צו טראָגען א בלוזע און אַנשטאָט דעם איז ער געגאַנגען אין עפּעס א מין ראָק פון גרויען טוך און אין א רונדען ברייטרענ־דערדיגען הוט אויפ'ן קאָפּ.

זי, איינגעשנורעוועט אין א קאָרסעט, וועלכען זי האָט גע־טראָגען נור איין מאָל אין וואָך, איז געגאַנגען גלייך און שטאָלץ אין פאָראויס. זי האָט געהאַט א שמאָלע טאַליע, ברייטע שול־טערן, הויכע היפטען און האָט זיך עטוואָס געוויגט אין גאַנג.

זי האָט געטראָגען א הוט מיט בלומען פון א מאָדיסטקע פון א דערבייאיג שטעדטעל, און איהר שטאַרקער, רונדער, בייגזאַמער נאַקען, אויף וועלכען עס האָבען געפלאַטערט קליינע הערלאָך, איז געוועזן אָבגעברענט פון דער זון.

בענאַיט האָט נאָר געזעהען איהר רוקען, אָבער ער האָט גע־קענט איהר פנים, הגם ער האָט זיך אויף איהר קיינמאָל בעזונ־דערס ניט ארומגעקוקט.

און פּלוצים האָט ער געזאָגט צו זיך אליין: צום טייפעל, די מאַרטיניכע איז דאָך א גאַנץ שעהנע מויד! ער האָט איהר

נאָכגעקוקט ווי זי איז געגאַנגען, מיט אַמאָל זי גענומען בעוואונדע־רען, און דערפיהלט, אַז עפּעס ציהט איהם צו איהר. ער האָט גאָר ניט געדאַרפט זעהן איהר פּנים, האָט נור געקוקט אויף איהר פיגור און נאָכאַנאַנד ווידערהאָלט, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין: צום טייפעל, וואָס פאַר אַ שעהנע מויד זי איז!...

די מאַרטיניכע האָט זיך פערנומען רעכטס צום דעם פויער־שען הויף פון איהר פאָטער זשאַן מאַרטין: דאָן האָט זי זיך אַ קעהר געטהאָן און געוואָרפען אַ בליק הינטער זיך. זי האָט דערזעהען בענאַיט'ען, וועלכער איז איהר פאַרגעקומען זעהר קאָ־מיש און האָט אויסגערופען:

— גוט מאָרגען, העדר בענאַיט!

יענער האָט געענטפערט:

— גוט מאָרגען, מאַרטיניכע, גוט מאָרגען פויער — און איז פאַרבייגעגאַנגען.

ווען ער איז אַהיים געקומען, איז די זופּ שוין געשטאַנען אויפ'ן טיש. ער האָט זיך געזעצט אַנטקעגען זיין מוטער נעבען דעם משרת און דעם יונג, בעת די דיענסט האָט אָנגעגאָסען עפּעל־וויין אין די גלעזער.

ער האָט אויסגעזופּט אַ פאָאַר לעפעל, און באַלד אָבגערוקט פון זיך דאָס טעלער.

די מוטער האָט געפרעגט:

— דו פיהלסט זיך עפּעס נישט גוט?

ער האָט געענטפערט:

— ניין, איך פיהל, ווי איך וואָלט געהאַט רינד־פלייש אין בויך. איך בין ניט הונגעריג.

ער האָט צוגעקוקט, ווי די איבעריגע האָבען געגעסען, בעת אַליין האָט ער פון צייט צו צייט זיך אָבגעשניטען אַ שטיק ברויט און עם לאַנגזאַם געקייט.

ער האָט געטראַכט וועגען דער מאַרטיניכע: אַ שעהן מיידעל!

און ער האָט ביז יעצט נאָך גאָר נישט בעמערקט. און וואָס האָט ער עס פּלוצים דערזעהען און גלייך אַזוי, אַז ער האָט צוליעב דעם זיין אַפּעטיט פערלאָרען?

דאָס פלייש האָט ער ניט אָנגעריהרט און די מוטער האָט געזאָגט:

— נו, נו, בענאַיט, שטאַרק זיך אַביסעל און עס, דאָס עסען וועט דיר גוט טהאָן. ווען מען האָט ניט קיין אַפּעטיט מוז מען עסען מיט געוואַלד.

ער האָט פּראָבירט עסען, האָט זיך אָבער געוואָרגען מיט יעדען ביסען און ניט געקענט. עס איז איהם אין האַלז ניט געקראָכען.

נאָכ'ן עסען איז ער אַוועק אויפ'ן פעלד און אַוועקגעשיקט דעם יונג, ער האָט איהם צוגעזאָגט פאַרבייגעהענדיג נאָכצוזעהן די קיה.

אויפ'ן פעלד איז קיינער ניט געווען, ווייל מען האָט ניט געאַרבייט. דאָ און דאָרט זיינען שווערע קיה געלעגען אויפ'ן בויך אונטער דער ליכטיגער זון און פויל געקייט גראָז. אָן אַ זייט פון אַ אַקער זיינען געשטאַנען אַ פּאָאַר אויסגעשפּאַנטע סאָבעס, און די גרויסע ברוינע פיער־עקיגע שטיק צואַקערטע ערד פאַר־טיג צום זעען, האָט זיך שאַרף אָבגעטהיילט פון צווישען די געלע פעלדער מיט די גאָלדענע זאַנגען פון תבואות און האָבער.

אַ טרוקענער הערבסט־ווינד האָט געבלאָזען איבער'ן פעלד און צוגעזאָגט אַ קיהלען אָבענד, נאָכדעם ווי די זון וועט פאַרגעהן. בענאַיט האָט זיך צוגעזעצט אויף דעם ראַנד פון אַ גראָבען, אַוועק־געלייגט דעם הוט אויף די קניע, ווי ער וואָלט וועלען אָבקיהלען זיין שטערן אין דער פרישער לופט און אַרויסגערעדט הויך אויפ'ן קול אין דער אַרומיגער שטילקייט: — אַ שעהנע מויד, אַ שעהנע מויד!

ווענען דעם האָט ער נאָך געטראַכט ליגענדיג ביינאַכט אין בעט און אויף מאָרגען, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

ער איז ניט געווען טרויעריג, איהם איז ניט געווען שלעכט צום מוטה, ער וואָלט זאָגאַר ניט געקענט זאָגען וואָס אייגענטליך איהם פעהלט. עפּעס האָט איהם נאָכאַנאַנד געפּייניגט, עפּעס האָט זיך אין זיין נשמה אריינגעריסען, עפּעס אַ געדאַנק האָט איהם זיין מוח געעגבערט און איהם קיין מינוט רוה ניט געלאָזען. עס פּאַסירט אַמאָל, אַז אַ גרויסע דיקע פליעג לויפט אין צימער אריין, מען הערט זי נאָכאַנאַנד זשומען און ברומען און דער דאָזיגער גערויש שטערט און רעגט אויף. פּלוצים זעצט זי זיך וואו עס איז אוועק און מען פערגעסט אַן איהר. אָבער באַלד הויבט זיך אָן ווי־דער פון דאָס ניי, אַז מען מוז זיך אַרומקוקען און מען קען זי ניט כאַפּען, ניט פערטרייבען, ניט טויט מאַכען, מען קען זי בשום אופן ניט צווינגען צו בלייבען זיצען וואו עס איז אויף אַן אָרט. קוים איז זי פון איהר פּלאַץ אוועק, הויבט זי אַן ווידער צו זשומען.

דער געדאַנק וועגען דער מאַרטיניכע האָט געזשומעט בע־נאָיט'ען אין קאָפּ פּונקט ווי אַ פערשפּאַרטע פליעג. דאַן האָט זיך איהם פערוואָלט זי ווידער צו זעהן, און ער איז אַ פּאָאַר מאָל געגאַנגען פערביי מאַרטין'ס הויף. צום סוף האָט ער זי דערזעהן, ווי זי הענגט וועש אויף אַ שטריק, וועלכע איז געווען אָנגעבונדען אַן צוויי עפּעל־ביימער.

עס איז געווען היים. זי האָט נור געטראָגען אַ קורץ קליידעל אויף דער היילער העמד, אַזוי אַז ווען זי האָט אויפגעהויבען די הענד די וועש צו הענגען, האָבען זיך איהרע היפטען בולט אָב־געצייכענט.

מעהר ווי אַ שטונדע איז ער געבליבען זיצען ביים גראָבען, אַפילו נאָכדעם ווי זי איז שוין געהאַט אוועק. און ווען ער איז אַהיים געקומען, איז איהם די זאַך נאָך מעהר אין קאָפּ געלעגען.

פיער וואָכען צייט האָט ער ניט אויפגעהערט וועגען איהר צו טראַכטען און האָט זיך געטרייסעלט, ווען מען האָט אין זיין גע־

געגוווארט וועגען איהר גערעדט. ער האָט אויפגעהערט צו עסען און אזוי געשוויצט יעדע נאכט, אז ער האָט ניט געקענט שלאָפען.

זונטאג, אין צייט פון גאָטעס דיענסט, האָט ער פון איהר די אויגען נישט אראָבגענומען. זי האָט איהם געזעהן און צו איהם געשמייכעלט, ווייל עס האָט איהר הנאה געטהאָן, וואָס זי געפעלט איהם.

און איין מאָל אין אַן אָבענד האָט ער זי פּלוצים געטראָפען אויף אַ וועג. ווען ער האָט זי דערזעהען געהענדיג, איז ער גע־בליבען שטעהן, דאן איז ער צוגעגאנגען גלייך צו איהר. פאַר אנגסט האָט איהם אין האלז געוואָרגען, אָבער ער האָט זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל בעשלאָסען מיט איהר צו רעדען. און ער האָט אָנגעהויבען שטאמלענדיג:

— הערט אויס, מארטיניכע, אזוי קען עס ווייטער ניט געהן.

זי האָט געענטפערט, ווי זי וואָלט זיך פון איהם אויסגעלאכט:

— וואָס קען ניט אזוי ווייטער געהן, בענאַיט?

ער האָט ווייטער גערעדט:

— אַז איך זאָל פון אייך טראכטען אזוי פיעל שטונדען ווי־פיעל עס געפינען זיך אין טאָג.

זי האָט זיך אָנגענומען מיט די הענד פאַר די באַקעס:

— איך בין אין דעם ניט שולדיג.

ער האָט געשטאַמעלט:

— יאָ, איהר. איך שלאָף ניט מעהר, איך עס ניט מעהר, איך קען מעהר ניט רוהען.

זי האָט געזאָגט שטיל:

— וואָס אַזוינס וואָלט אייך געקענט דערפון אויסהיילען?

ער איז געוואָרען ערשטוינט און איז געבליבען שטעהן מיט אראָבגעלאָזענע הענד, אַן אָפענעם מויל און ברייט אויפגעריסענע אויגען.

זי האָט איהם לאַבענדיג אַ זעץ געטהאָן אין בויך און איז אַנטלאָפען...

פון דעם דאָזיגען טאָג אָן האָבען זיי זיך אָפּט געטראָפען נעבען די הויפען, אין די זייטיגע וועגען, אָדער ווען עס איז דונקעל געוואָרען. אין פעלד בעת ער האָט זיך מיט די פערד אַהיים צוריקגעקעהרט און זי האָט געטריבען די קיה אין שטאָהל.

ער האָט זיך געפיהלט צוגעצויגען צו איהר מיט לייב און לעבען. ער וואָלט זי וועלען ארומנעהמען, זי ווערגען, שטיקען, אויפפרעסען, זי אין זיך אריינזויגען. ער האָט געציטערט פאַר שוואַכקייט, אונגעדולד און כעס, וואָס זי געהערט איהם ניט אין גאַנצען, וואָס זיי פעראייניגען זיך ניט צוזאַמען.

אין דער געגענד האָט מען עס בעמערקט און גענומען פון זיי ביידען רעדען. איבעריגענס האָט ער ביי איהר געפרעגט, אויב זי וויל ווערען זיין פרוי און זי האָט געזאָגט יאָ.

זי האָט נאָר אַבגעוואַרט אַ געלעגענהייט כדי צו רעדען מיט די עלטערען.

און דאָ איז זי פּלוצים איין מאָל ניט געקומען צו אָן אָבגע־רעדטען צוזאַמענקונפט. ער האָט זי אפילו ניט געקענט זעהן, ווען ער איז ארומגעלאָפען ארום איהר הויף. נור זונטאָג אין קירכע האָט ער זי געזעהען צו גאָטעס דיענסט, און איין מאָל אַ זונטאָג האָט דער פּריסטער אויסגערופען דעם באַלעמער אַרונטער, אַז וויקטאָריא אַדעלאַאידע מאַרטין און יאָזעף איזידאָר וואַללין זיי־נען חתן כלה.

בענאָיט האָט דערפיהלט, ווי די הענד ציטערען איהם, אַזוי ווי מען וואָלט איהם דאָס בלוט אַבגעצויגען, אין די אויערען האָט איהם גענומען זשומען, ער האָט מעהר גאָרנישט געהערט און פּלוצים האָט ער בעמערקט, אַז אויף זיין געבעט־בוך גיסען זיך טרעהרען.

פיער וואָכען נאָכאַנאַנד איז ער פון צימער ניט אַרויס, דאַן האָט ער ווידער גענומען אַרבייטען.

אָבער ער איז ניט געווען אויסגעהיילט און האָט נאָך אַלץ וועגען דעם געטראַכט. ער האָט אויסגעמיעדען צו געהן אויף די וועגען, וואָס פיהרען פאַרביי איהר הויז און ניט געוואָלט אָפּילו אָנקוקען די בוימער אַרום איהר הויף. דערפאַר האָט ער אין דער פריה און פאַרנאַכט געמוזט מאַכען אַ גרויסען אומוועג.

זי איז שוין איצט געווען פערהייראַט מיט וואַללין, וועלכער איז געווען דער רייכסטער פויער אין יענעם געגענד. בענאַיט און ער האָבען מעהר ניט גערעדט איינער מיט'ן אַנדערען, הגם זיי זיינען געווען אין איין עלטער.

דאַן האָט בענאַיט אין אַ געוויסען אָבענד, ווען ער איז געווען ביים דאָרף'ס פאָרשטעהער, זיך דערוואוסט, אַז זי איז אין אומ־שטענדען. אָנשטאָט צו פיהלען אַ טיעפען וועהטאָג, איז איהם אין געגענטהייל לייכטער געוואָרען אויפ'ן האַרצען: איצט איז געווען אויס, איצט איז געווען אַלעס אויס. דאָס האָט זיי מעהר צושיידט ווי איהר חתונה און איהם איז ליעב געווען, וואָס איצט נעהמט צו אַלעס אַ סוף, ער וועט שוין מעהר אָפּילו ניט טראַכטען פון איהר.

מאָנאָטען נאָך מאָנאָטען זיינען אַוועק. ער האָט זי ווען ניט וועהן געזעהען, ווי זי האָט מיט אַ שווערען גאַנג זיך איבער'ן דאָרף געשלעפּט. זי פלעגט רויט ווערען, ווען זי פלעגט איהם בעמער־קען און געזוכט זיך אַבצוטראָגען וואָס שנעלער. און ער האָט ווידער געמאַכט אַ אומוועג, כדי זי ניט צו טרעפען און איהר בליק ניט צו זעהן.

מיט שרעק האָט ער געטראַכט וועגען דעם, אַז ווען עס איז וועט ער זיך מוזען מיט איהר בעגעגענען פנים לפנים און דאַן מוזען רעדען מיט איהר. וואָס זאָל ער איהר איצט זאָגען נאָך דעם אַלעמען, וואָס ער האָט איהר פריהער געזאָגט, ווען ער האָט איהרע

הענד אין זיינע געהאַלטען און איהרע האָאר און איהרע באַקען געקושט? ער האָט געטראַכט אַז דעם ערשטען מאָל ווען זיי האָבען זיך געטראָפען ביים ראַנד פון גראַבען· דאָס וואָס זי האָט גע־טהאָן איז געווען העסליך, מיאוס, נאָכדעם ווי זי האָט איהם איהר וואָרט געגעבען.

אָבער ביסלעכווייז איז דער שמערץ פון זיין הארצען אַוועק און עס איז נור פערבליבען עפּעס א מין אומעדיגקייט. און איין מאָל, אין אַ געוויסען טאָג, איז ער ווידער אַוועק מיט'ן אַלטען וועג, וואָס האָט געפיהרט פאַרביי דעם הויף, וואו זי האָט געוואָהנט. פון וויטען האָט ער געזעהן דעם דאַך פון'ם הויז און אַ געדאַנק האָט איהם אין מח אַ זעץ געטהאָן: אַז דאָרט לעבט זי מיט דעם אַנדערען· די עפּעל־בוימער האָבען געבליהט, די העהנער האָבען געקרעהט אויפ'ן מיסט, דאָס גאַנצע הויז האָט אויסגעזעהן ווי פוסט, ווייל אַלע מענשען זיינען געווען אויפ'ן פעלד ביי דער ארבייט.

ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביים טויער און אריינגעקוקט אין הויף. דער הונד האָט געשלאָפען אין זיין ביידעל, דריי קעלבער האָבען זיך לאַנגזאַם געשלעפּט איינע נאָך דער אַנדערער צום טייך, אַ ענדיק האָט זיך אַרומגעדרעהט אַרום טהיר און זיך גע־בלאָזען פאַר זיינע ענדיטשקעס ווי אַ טענאָר אויף דער ביהנע.

בענאָיט האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַן פאַרקאַן און פּלוצים דער־פיהלט, אַז איהם ווילט זיך וויינען. אָבער מיט אַמאָל האָט ער דער־הערט אַ געשריי, אַ הויכען רוף פון הויז אַרוים. ער איז געבליבען שטעהן אַ צושראָקענער, אַנהאַלטענדיג זיך קראַמפּפהאַפט אַן דעם הילצערנעם צוים און זיך צוגעהערט.

אַ צווייטער געשריי, נאָך אַ לענגערער און הארצרייסענדער, האָט אָבגעקלונגען אין זיינע אויערען, אין דער נשמה, און ער האָט זיך אין גאַנצען אַ טרייסעל געטהאָן. זי האָט גערופען... זי. ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אַהין, איז איבערגעלאָפען איבער'ן

פעלד, אַ שטוים געטהאָן די טהיר און זי דערזעהן אַ בלייכע, מיט צומישטע אויגען זיך וואַלגערענדיג אויף דר'ערד אין געבורטס־וועהען.

ער איז געבליבען שטעהן, נאָך אַ בלייכערער און ציטערענ־דער מעהר פון איהר און געשטאַמעלט:

— אַט בין איך, אַט בין איך.

זי האָט געענטפערט געבראָכען:

— אַה, איך בעט אייך, געהט ניט אוועק, געהט ניט אוועק, בענאַיט.

ער האָט זי אָנגעקוקט און ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן, וואָס צו זאָגען, און זי האָט גענומען קרעכצען:

— אוי, אוי, עס צורייסט זיך, אוי, בענאַיט!

און זי האָט זיך געדרעהט פון יסורים.

פלוצים האָט בענאַיט דערפיהלט אַ שטאַרקע בעדערפעניש איהר צו העלפען, זי צו בערוהיגען, איהר שמערץ צו לינדערען. ער האָט זיך איינגעבויגען, זי גענומען אין זיינע אָרעמס, זי אויפ־געהויבען און אריינגעלעגט אין בעט. און בעת זי האָט נאָך אַלץ געקרעכצט, האָט ער זי אויסגעטהאָן, אראָבגענומען פון איהר די טוך, די ווייסט, דאָס קלייד. זי האָט זיך געביסען די פויסטען, אום ניט צו שרייען. דאַן האָט ער געטהאָן דאָס זעלבע, וואָס ער איז געוועזען געוואָהנט צו טהאָן ביי חיות, ביי די קיה, ביי די שאָף, ביי די קאָבילעס: ער האָט איהר ענטבונדען און באַלד האָט ער אין זיינע אָרעמס געהאַלטען אַ קרעפטיגע, שרייעדיגע עופה'לע.

ער האָט עס אָבגעווישט, איינגעוויקעלט אין אַ לאַפּען, וועל־כער האָט זיך געטריקענט אויפ'ן פענסטער, אַוועקגעלייגט עס אויף אַ באַרג וועש, וואָס האָט געזאָלט געפּרעסט ווערען און איז גע־לעגען אויפ'ן טיש. דאַן איז ער אוועק צוריק צו דער מוטער.

ער האָט זי ווידער ארונטערגעלאָזען אויף דער ערד, איבער־געביטען דאָס בעטגעוואַנד, און צוריק אין בעט געלייגט.

זי האָט געשטאַמעלט:

— איך דאנק דיר, בענאַיט, דו ביזט א וואוילער מענש, — און זי האָט גענומען וויינען, עפּעס ווי זי וואָלט זיך פּלוצים דער־פיהלט שולדיג געגען איהם.

ער האָט זי שוין מעהר נישט געליעבט, אָבער א האָר נישט מעהר, אַלעס איז געוועזן אוים. פארוואָס? פארוועזן? ער וואָלט עס ניט געקענט ערקלעהרען. וואָס דאָ איז איצט געשעהן האָט איהם אויסגעהיילט זיכערער ווי צעהן יאָהר צושיידונג.

זי האָט געפרעגט אָהן קרעפטען און ציטערענדיג:

— וואָס האָב איך געבאָרען?

ער האָט געענטפערט אין א רוהיגען טאָן:

— א געזונד מיידעל.

זיי האָבען ווידער געשוויגען. אין א פּאָאר מינוטען ארום האָט די מוטער געזאָגט מיט א שוואך קול:

— לאָז מיר עס זעהן, בענאַיט.

ער האָט געבראכט דאָס קינד און עס איהר געגעבען, ווי ער וואָלט דערלאַנגט א שטיק געוויהנטעס ברויט. דאָ האָט זיך גע־עפענט די טהיר און איזידאָר וואַללין איז אריין.

אין אנהויב האָט ער ניט פערשטאַנען וואָס דאָ טהוט זיך. באלד אָבער האָט ער זיך אָנגעשטויסען.

בענאַיט האָט געשטאַמעלט א צומישטער:

— איך בין פארבייגעגאַנגען... צופעליג פארבייגעגאַנגען... האָב איך דערהערט קולות... איך בין אריינגעקומען... דאָ איז דיין קינד, וואַללין.

מיט טרעהרען אין די אויגען האָט דער מאַן געמאַכט א טריט אין פאָראוים, גענומען דאָס צאַרטע עופ׳על, וועלכער דער צווייטער האָט איהם געהאַלטען אנטקעגען, עס געקושט, געבליעבען א פּאָאר אויגענבליקען אָהן ווערטער, דאַן האָט ער אוועקגעלעגט דאָס קינד אויפ׳ן בעט און אויסגעשטרעקט צו בענאַיט׳ן ביידע הענד:

— צום טייפעל, בענאַיט, איצט איז אַלעם צווישען אונז ווידער אין אָרדנונג. אויב דו ווילסט, ווערען מיר פריינד, אָבער אמת'ע גוטע פריינד.

און בענאַיט האָט געענטפערט:

— ביי מיר האָסטו גע'פּועל'ט. איך בין צופריעדען, ביי גאָט, איך בין צופריעדען...

ע נ ד ע.

# אנטאָן דער שיכור.



ויף צעהן מייל ארום האָט מען איהם געקענט, דעם אַלטען טאָני, דעם דיקען טאָני, דעם פיינעם טאָני, אנטאָן מאשעבלע, מיט דעם צונעמעניש ברולאט, דעם בעזיצער פונ'ם שענק טורנעווענט.

ער האָט בעריהמט געמאַכט דעם קליינעם פלאַץ, וועלכער איז געלעגען אין א טיעפען טהאָל און האָט זיך געצויגען ביז צום ים ארונטער. דאָס איז געוועזן אן ארימער דאָרף, וואָס איז בעשטאַנען פון צעהן נאָרמאַנישע הייזער און איז געוועזן ארומגערינגעלט מיט גריבער און בוימער.

די הייזער זיינען געלעגען צווישען גראָז, קריימיכצער און קאָלך גרובען. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי זיי וואָלטען דאָרט אין דעם דאָזיגען לאָך געזוכט שוץ, ווי די פויגעל, וועלכע בעהאלטען זיך אין שטורעמדיגע טעג אין די קנייטשען פון אַ צואקערט פעלד, אזוי האָבען יענע הייזלאַך געשיינט צו זוכען שוץ געגען דעם געוואלדיגען אוראגאן, וועלכער קומט פון ים, געגען דעם געזאלצענעם, שווערען ווינד, וועלכער פרעסט און ברענט ווי פייער, טריקענט אלעס אוים און פערניכטעט, ווי דער פראָסט אין ווינטער.

אָבער דער גאנצער קליינער נעסט האָט געשיינט אין גאַנצען צו געהערען צו טאָני מאשעלבע מיט דעם צונעמעניש ברולאט. מען האָט איהם גערופען אויך איינפאַך טאָני, אָדער דער פיינער טאָני, צוליעב א געוויסען אויסדרוק, וועלכען ער האָט שטענדיג געברויכט. ער פלעגט זאָגען:

— עפּעס אַזוינס, ווי מיין פּיינער איז אין גאַנץ פראַנקרייך נישטאָ.

זיין „פּיינער" איז געווען זיין קאָניאַק.

זייט צוואַנציג יאָהר, ווי ער האָט פּאַרטרונקען דאָס גאַנצע דאָרף מיט זיין פּיינעם און זיין ברולאָט; און יעדעס מאָל, ווען מען האָט איהם געפרעגט:

— געהט אייך גוט, פאָטער טאָני?

האָט ער געענטפערט:

— זעהר גוט שווינערזוהן, דו ווייסט דאָך, מיין ברולאָט קאָשערט דאָס מויל און רייניגט דעם קאָפּ. עטוואָס בעסער איז פאַר דעם עלענדען מענשען נישטאָ.

ער האָט זיך איינגעוואָהנט יעדען מענשען צו רופען „שוויי־גערזוהן", הגם ער האָט קיינמאָל ניט געהאָט קיין פערהייראַטע טאָכטער, אָדער אַזאַ וואָס ער זאָל קענען פערהייראַטען.

און מען האָט איהם גוט געקענט, דעם דאָזיגען טאָני ברולאָט, דעם גראָבען טרעמבע, ניט נור אין דער גאַנצער געגענד נור אין דער גאַנצער פּראָווינץ. זיין קליין הייזעל האָט ווירקליך גע־שיינט צו זיין צו קליין און צו ענג פאַר איהם. ווען מען האָט איהם געזעהן שטעהענדיג פאַר דער טיר, וואו ער איז געשטאַנען אַ גאַנצען טאָג, האָט מען זיך געשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי קען ער זיך דורכקוועטשען, אום אַריינצוגעהן אינווייניג. יעדעס מאָל, ווען אַ גאַסט איז געקומען, איז ער אַריינגעגאַנגען, ווייל דער פּיינער טאָני איז שטענדיג געווען איינגעלאַדען מיטצוטרינקען, ווען אימיצער האָט ביי איהם אין שענק עפּעס גענאָסען.

אויף דעם שילד פון זיין הויז איז געשטאַנען: „רענדע־וואו פון פריינד", און טאָני איז געווען בעפריינדעט מיט דער גאַנצער וועלט. פון פעקאָמפּ און מאָנטיווילערס זיינען מענשען געקומען איהם זעהן און פון איהם צו לאַכען, ווייל דער גראָבער חברה מאַן וואָלט אַפילו אַ שטיינערנע מצבה געקאָנט מאַכען צו לאַכען. ער האָט געהאַט אַ בעזונדערע אַרט די מענשען אָנצוציהען, אַזוי

אַז זיי זאָלען ניט ווערען אין כעס. און ווען ער האָט פאַרמאַכט איין אויגעל, אום צו געבען אַ אָנצוהערעניש אויף זאַכען, וועלכע ער האָט גאָרנישט געזאָגט און זיך אין אַ עקסטאַז פון פרעהליכקייט געשלאָגען אין פוס, האָט מען געמוזט לאַכען צי מען האָט גע־וואָלט צו ניט. און עס איז ווירקליך ווערט געווען צו צאָהלען פאַר בילעטען כדי צו זעהן, ווי דער יונג האָט אַריינגעגאָסען. ער האָט געגאָסען אין זיך אַלעס, וואָס מען האָט פאַר איהם אַוועק־געשטעלט און דאָס אַלעס מיט אַזאַ גליקשטראַהלענדען בליק, וועלכער האָט דייטליך געוויזען זיין דאָפּעלטען פערגעניגען אַי דערפון וואָס ער טרינקט, אַי פון דעם פּראָפּיט וואָס ער וועט האָבען פון דעם, וואָס ער האָט אַליין אויסגעטרונקען.

און דאַן האָט מען געמוזט כאָטש זיך צוהערען ווי ער האָט זיך געקריעגט מיט זיין ווייב. דאָס איז געווען אַ׳ן אמת׳ע קאָ־מעדיע. זיי זיינען שוין געווען פערהייראַט דרייסיג יאָהר און יעדען טאָג האָבען זיי זיך אַרומגעריסען. דער אונטערשיעד אין זיי ביידע איז נור געווען אין דעם, וואָס טאָני האָט געלאַכט, בעת זיין אַלטע איז געוואָרען גרין און געל פאַר כעס. זי איז געווען אַ הויכע פויערטע, וועלכע איז געגאַנגען מיט לאַנגע טריט ווי אויף שטאָלצען; אויף איהר מאָגערען, אויסגעטריקענטען ווי אַ שטעקען, קערפּער, איז געזעסען אַ קאָפּ פון אַ בייזער, צורייצטער קאַץ. זי האָט זיך בעשעפטיגט דערמיט, וואָס זי האָט געהאָדעוועט היהנער אין דעם קליינעם הויף הינטער׳ן שענק. און זי איז געווען בעריהמט מיט איהרע היהנער אין דער גאַנצער פּראָווינץ.

ווען איינער פון די רייכערע לייט אין פעקאַמפּ האָט גע־מאַכט אַ דינער, זיינען מוטער טאָני׳ס היהנער דאָרט געווען פון די הויפּט געריכטען.

אָבער זי איז פון איהר געבורט אָן געווען אַ בייזע און איהר גאַנץ לעבען איז זי געווען אונצופריעדען. זי האָט זיך געער־גערט איבער דער גאַנצער וועלט, אָבער פריהער פאַר אַלץ איבער

איהר מאַן. זי איז געווען אויסער זיך פון זיין פרעהליכקייט, פון זיין נאָמען, פון זיין אייזערנעם געזונד, פון זיין דיקקייט. זי האָט געקוקט אויף איהם, ווי אויף אַ אוניצליכען מענשען, ווייל ער האָט פערדיענט געלד גאַרנישט טהוענדיג, ווייל ער האָט גע־געסען און געטרונקען, ווי אַ פרעסער, ווייל ער האָט געפרעסען און געזויפען פאַר צעהן. און קיין איין טאָג איז ניט אריבער, אַז זי זאָל ניט שרייען אַ'ן אויפגערעגטע:

— אַזאַ גראָבער, אָבגעפרעסענער חזיר האָט געדאַרפט ליגען אין שטאָל מיט די חזרים! עס ווערט דאָך ניט גוט קוקענדיג ווי פעט דו ביזט!

זי האָט איהם געשריען אין פּנים אריין:

— וואַרט אויס, וואַרט אויס, דו וועסט זעהן, דו וועסט נאָך אַמאָל פּלאַצען ווי אַ זאַק האָבער.

טאָני האָט געלאַכט הויך אויף אַ קול, זיך געקלאַפּט אין בויך און געזאָגט:

— האָ! האָ! דו אַלטע פרעס־ברעט. דו זעה בעסער צו, אַז דיינע היהנער זאָלען ווערען אַזוי דיק ווי איך. זעה אדרבה, פּרוביר!

ער האָט פערקאַטשעט דעם אַרבעל אויף זיין ריעזיגען אָרעם און געשריען:

— אָט דאָס איז אַ אָרעם! אַ האַנד! מיט דעם קען מען געבען אַ געזונדען טרעבעניץ! טהו אָקאַרשט אַ קוק, וואָס זאָגסטו, האָ?

און די געסט האָבען געקלאַפּט מיט די פויסטען אויף דעם טיש, האָבען געקייכט פאַר געלעכטער, געטראַמפּעלט מיט די פיס אַן דער ערד און געשפּיענען פאַר גרויס בעגייסטערונג.

די צורייצטע אַלטע האָט ארויסגעזשיפּעט:

— וואַרט, וואַרט, דו וועסט זעהן, דו וועסט נאָך צופּלאַצט ווערען ווי אַ זאַק!

און אויסער זיך פאַר כעס איז זי אַנטלאָפען אונטער דעם געלעכטער פון די געסט.

און אין דער אמת'ן איז ווירקליך געווען מאָדנע צו קוקען אויף טאַני, אַזוי פעט און גראָב און רויט און אַדישליווע איז ער געוואָרען. ער איז געווען איינער פון יענע שטאַרקע בעשעפעניש־ען, איבער וועלכע דער טויט האָט, ווי עס שיינט, ליעב זיך לוסטיג צו מאַכען און זיין צושטערענדע ארבייט מאַכט ער אויף אַ זעהר קאָמישען אופן. אַנשטאָדט דעם וואָס אַנדערע מענשען ווערען מיט דער צייט וויים, מאָגער, צוקנייטשט און שוואַך, אַזוי, אַז קוקענדיג אויף זיי מוז מען אויסרופען: „מיין גאָט, ווי ער האָט זיך פערענדערט!" איז מיט טאַני'ן געווען פונקט פער־קעהרט, עפּעס אַזוי ווי דער טויט וואָלט געמאַכט שפּאַס, איהם צו לאָזען ווערען אַלץ דיקער און גרעבער, זיך פונאַנדערצואוואַקסען אין עפּעס אַ מין קאָמישער, משונה'דיגער בריאה, זיין פּנים אין רויט און בלוי אָבצופאַרבען און איהם אין גאַנצען צוגעבען דעם אויס־זעהן פון איבערמענשליכער קראַפט און געזונדקייט. אַלע די שטריכען מיט וועלכע די צייט פאַרענדערט אַזוי טרויעריג אַנדערע וועזענס איז ביי טאַני ארויסגעקומען אַזוי לעבערליך, אַ ז ו י קאָ־מיש, אַז מען האָט זיך געהאַלטען פאַר די זייטען קוקענדיג אויף איהם.

---

.2

דאַן האָט זיך געטראָפען אַז טאַני האָט געכאַפּט אַ'ן אַפּאָפּ־לעקסיע. מען האָט איהם אַוועקגעלעגט אינ'ם קליינעם צימערעל הינטער'ן שענק, כדי ער זאָל קענען הערען אַלעס, וואָס מען האָט דאָרט גערעדט און זאָל זיך קענען אונטערהאַלטען מיט זיינע פריינד; דען זיין קאָפּ איז געווען געזונד, בלויז זיין ריעזיגער לייב איז געווען געלעהמט, אַזוי אַז ער האָט איהם ניט געקענט בעוועגען, ניט ריהרען פון אָרט. אין אָנהויב האָט מען געהאָפט

אַז די פּיס זיינען וועלען אין גיכען ווידער זייער קראַפט בעקומען.

אָבער באַלד האָט מען די דאָזיגע האָפנונג געמוזט אויפגעבען. און דער „פיינער טאַני" האָט פערבראַכט טאָג און נאַכט אין בעט, וואָס איז נאָר איין מאָל אין וואָך געמאַכט געוואָרען מיט דער הילף פון פיער שכנים, וועלכע האָבען אויפגעהויבען דעם גראָבען גוף אין דער הויך, בעת מען האָט זיין סיעניק איבערגעקעהרט.

און דאָך איז ער געבליבען פרעהליך. איצט איז זיין פרעה־ליכקייט געווען אַביסעל אַ'ן אַנדערע, עטוואָס אַ שטילערע, אַ רוהיגערע, אין קינדישע מורא פאַר זיין פרוי, וועלכע האָט דעם גאַנצען טאָג געשריען:

— אַט ליעגט ער איצט, דער דיקער טויגעניכטס, דער גראָ־בער לומפּ, דער אַלטער שיכור! דאָס איז אַ פיינע שווייגעריי! אַ פיינע שווייגעריי!

ער האָט איהר מעהט ניט געענטפערט. הינטער'ן רוקען פון דער אַלטער האָט ער בלויז אַ וואונק געטהאָן מיט אַ'ן אויג, און זיך עטוואָס אַ קעהר געטהאָן אין בעט, די איינציגע בעוועגונג, וואָס ער האָט איצט געקענט מאַכען.

זיין גרעסטע צושטרייאונג איז איצט בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיך צוגעהערט צו דער אונטערהאַלטונג אין שענק און אריינגעוואָרפען אַ וואָרט פון זיין קעמערעל. ווען ער האָט געהערט פרעהליכע שטימען, האָט ער אויסגערופען:

— שווינערזוהן, ביזטו עס צעלעסטין?

און צעלעסטין מאַלאיסעל האָט געענטפערט:

— יאָ, איך בין עס, פאָטער טאָני. לויפסטו שוין ווידער ארום?

דער פיינער טאָני האָט געענטפערט:

— אין גאַלאָפּ לויפען קען איך נאָך ניט, אָבער איך בין ניט מאָגערער געוואָרען, מיינע אָרעמס זיינען נאָך אַלץ ווי קלעצער.

באַלד האָט ער זיינע נאָהנסטע פריינד פאַרבעטען צו זיך אין צימער אריין און זיי האָבען מיט איהם פערבראַכט, הגם

ער איז געווען אויסער זיך, וואָס מען האָט געטרונקען אָהן איהם. דאַן האָט ער געזאָגט:

— ווייסטו שוויגערזוהן, מיר פאַרדריסט נור, וואָס איך קען מעהר ניט טרינקען מיין פיינעם. צום טייפעל זאָל עס געהן! מיט דעם קאָפּ בראַנפען וואָס איך קריג ווען ניט ווען, שווענק איך מיר בלויז אויס דעם מויל. אָבער ריכטיג זויפען קען איך ניט מעהר און דאָס טהוט מיר וועה.

דער קאַטצען־קאָפּ פון דער מוטער טאָני האָט זיך בעוויזען אין פענסטער. זי האָט אויסגערופען:

— רייצט זיך אַביסעל מיט איהם, רייצט זיך מיט דעם גראָבען לומפּ, וועלכען מען מוז קאָרמענען און וואַשען, ווי אַ חזיר.

און ווען די אַלטע איז פערשוואונדען, איז פון צייט צו צייט צוגעשפּרונגען אַ האָהן מיט רויטע פעדערן אויפ׳ן פענסטער ברעט אַרויף, האָט אַריינגעקוקט אין צימער מיט זיינע רונדע, נייגעריגע אויגען און גענומען קרעהען הויך אויפ׳ן קול. דאַן זיינען אַ פּאָר היהנער אַריינגעפלויגען אינווענינג, זיך אָבגעשטעלט צופוסען פון בעט און אויפגעפּיקט ברעקלעך פון דער ערד.

באַלד האָבען טאָני׳ס פריינד אין גאַנצען אויפגעהערט צו געהן אין שענק, נור זיינען געקומען יעדען בייטאָג צו איהם. גלייך אין צימער אַריין, צוגעגאַנגען צו זיין בעט, מיט איהם פערבראַכט. כאָטש ער איז דאָרט געלעגען ווי אַ שטיק האָלץ, האָט דער אַלטער ליז, דער טאָני, זיך געוויצעלט און זיי פערשאַפט אַ סך שפּאַס. דריי פון זיי זיינען יעדען טאָג געקומען: דעלעסטין, מאַלאַיסעל, אַ הויכער מאָגערער מאַן, וועלכער האָט זיך געהאַלטען איינגעבויגען ווי אַן אַלטער שטאַם פון אַן עפּעלבוים, פּראָספּער האַרשאַסוויל, אַ קליינציגער אויסגעטריקענטער נפש מיט אַ קורץ נעזעל, אַ בייזער און אַ כיטרער ווי אַ פוקס, און דעזאַר פּאָמעל, וועלכער האָט וויינינג גערעדט דערפאַר אַ סך געלאַכט.

מען האָט אַריינגעבראַכט אַ ברעט פון הויף, בעפעסטיגט זי צו

די ראַנדען פון בעט און דאַן האָבען זיי דאָמינאָ געשפּיעלט כּסדר פון 2 ביז 6 אַזייגער.

מוטער טאַני האָט עס ניט געקענט פערטראָגען. זי האָט ניט געקענט ליידען אַז איהר טויגעניכטס, איהר מאַן פערברייננגט זיך די צייט אַזוי לוסטיג שפּיעלענדיג דאָמינע אין בעט. אַזוי שנעל ווי זי האָט דערזעהן אַז חברה האָט זיך גענומען צום שפּיע־לען, האָט זי אויפגעהויבען אַ געוואַלד, אַ וואָרף געטהאַן זיך צום בעט, אַרונטערגעשליידערט די ברעט, אַ כאַפּ געטהאַן די דאָמינע, און איז מיט איהר אַוועק. דערביי האָט זי תמיד געגעבען זיי צו פער־שטעהן, אַז דער ליידיג־געהער איהרער, דער אומזיסטער פרעסער, איז ניט קראַנק ניט צו שפּיעלען קיין דאָמינע בעת יעדער אַנשטאַנ־דיגער מאַן טהוט עפּעס אויף אויף דער וועלט.

דעלעסטין מאַלאַיסעל און דעזאר פּאָומעל פּלעגען אַרונטער־לאָזען די קעפּ און שווייגען. אָבער פּראספּער הארלאַסוויל פּלעגט תמיד נאָך אונטערגעבען היץ דער אַלטער: ער האָט הנאה גע־האַט אַז ער האָט געזעהען ווי זי היצט זיך.

און איינמאָל ווען זי איז געווען אין גאַנצען אויסער זיך פאַר כעס אויף איהר מאַן, האָט ער זיך אָנגערופען צו איהר:

— הערט נאַר אַלטע, איהר ווייסט וואָס איך וואָלט געטהאָן ווען איך וואָלט געווען איהר?

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט איהרע פּייגעל אויגען.

ער האָט ווייטער גערעדט:

— אייער אַלטער פאַליעט דאָך ווי אַן אויוועז און דאָס בעט פערלאָזט ער דאָך קיין מאָהל ניט. ווייסט איהר וואָס איך וואָלט געטהאָן, אַלטע? איך וואָלט איהם געלאָזט אייער אויסבריהען. יאָ, יאָ, אייער, ווי אַ הוהן.

— דאָס אַלטע האָט איהם אָנגעקוקט. זי האָט געמיינט אַז ער לאַכט פון איהר, און האָט איהם געוואָלט דערלאַנגען אַ גאָב, אָבער דער פויער האָט זי ניט געלאָזט ריידען, און גערעדט אַליין ווייטער:

— איך וואָלט איהם פינף אייער אונטער איין פּאַכווע אונ־טערגעלעגט, און פינף אונטער דער אַנדערער, אין דעם אייגענעם טאָג, ווען איך וואָלט די אייער אונטער דער הוהן אונטערגעלעגט. דאַן, וואָלטען אין דער זעלבער צייט די הינדעלעך אַרויסגעקומען. און ווען זיי וועלען אַרויסקומען, וואָלט איך דער הוהן געבראַכט דעם אַלטען׳ס קליינע ציפּליאַטקעלעך אַז זי זאָל זיי ערציהען. דעמאָלסט וואָלט ער עפּעס געבראַכט נוצען.

די אַלטע האָט אַ פרעג געטהאָן צושראָקען:

— קען דאָס געמאהלט זיין?

דער פויער האָט געענטפערט:

— געוויס. וואָרום זאָל דאָס ניט קענען געמאָהלט זיין? פונקט אַזוי גוט ווי די אייער בריהען זיך אויס אין דעם הייסען קאַסטען, קענען זיי זיך אויסבריהען אין אַ הייסען בעט.

דער געדאַנק האָט זי אין גאַנצען צוטומעלט און פערטראַכט און אונרוהיג איז זי פון שטוב אַרויס.

אין אַ וואָך אַרום, קומט זי איין מאָהל אַריין צו איהר מאַן אין צימער מיט אַ פולען שירץ מיט אייער, און זאָגט:

— איך האָב די געלע הוהן אַוועקגעזעצט אין קאַסטען אויף צעהן אייער. דאָ האָסטו פאַר דיר אויך צעהן, אָבער זעה אַז דו זאָלסט קיין איינע פון זיי ניט צוברעכען.

טאַני האָט זי אַנגעקוקט ווי אַ משוגענער:

— וואָס מיינסטו? וואָס זאָל איך טאָהן מיט דעם?

— דו זאָלסט זיי אויסבריהען. גענוג געפוילענצט, דו, אַלטער ליידיגגעהער.

לכתחילה האָט ער זיך צולאַכט, — אָבער ווען זי איז אויף דעם בעשטאַנען, איז ער געוואָרען אויפגערעגט, געליאַרעמט, גע־וואָרפען זיך: אונטער קיינע אומשטענדען וועט ער ניט האַלטען די אייער אונטער זיינע דיקע אָרעמס: ער וויל ניט קיינע אייער בריהען, זאָל זי ניט משוגע זיין, זאָל זי איהם צופריעדען לאָזען.

זי אָבער האָט איהם ערקלעהרט קורץ און שאַרף:

— ווען דו טהוסט עס ניט, קריגסטו אַ מכה צו פרעסען. דו וועסט שוין זעהן.

טאָני איז געוואָרען אונרוהיג און האָט געשוויגען.

אַרום מיטאָג צייט האָט ער אַ רוף געטהאָן:

— עי, אַלטע! איז שוין דער זופּ פאַרטיג?

די אַלטע האָט איהם געענטפערט פון דער קיך: — פאַרטיג אָבער דו קריגסט אַפילו ניט קיין לעק פון דעם.

ער האָט געמיינט אַז זי מאַכט שפּאַס, און געוואַרט.

דאַן האָט ער אָנגעפאַנגען צו בעטען, געקליאַנטשעט, זיך גע־זידעלט, זיך געדרעהט אויפ'ן בעט אהין און אהער, גענומען שרייען מיט אַלע כוחות, געקלאַפּט מיט'ן פוס אין וואַנד אַריין, אָבער צום סוף, האָט ער געמוזט נאָכגעבען: פינף אייער זיך געלאָזט אונטער־לעגען אונטער איין אָרעם און פינף אונטער'ן אַנדערען. דעמאָלט האָט ער בעקומען זיין זופּ.

אַז זיינע פריינד זיינען געקומען האָבען זיי געמיינט, אַז ער פיהלט זעהר שלעכט, אַזוי קאָמיש האָט ער אויסגעזעהן און זיך בענומען.

דאַן האָבען זיי ווידער אָנגעפאַנגען יעדען טאָג צו שפּיעלען דאָמינע. אָבער קיין פערגעניגען האָט עס שוין טאָני'ן, ווי עס האָט אויסגעזעהן, ניט פערשאַפט.

ער האָט זיך נעבעך געמוזט האַלטען זעהר פאָרזיכטיג. בע־זאָנדערס האָט ער זיינע פאַכוועס געהיט.

— וואָס איז דאָרטען דער מעהר מיט דיינע אָרעמס? וואָס זיינען זיי ביי דיר אַרומגעבונדען? האָט געפרעגט האַרלאַסוויל.

— עפּעס ברעכט מיר דאָרט.

פּלוצלים איז אימיצער אַריינגעקומען אין שיינק, און די שפּילער זיינען אַנשוויגען געוואָרען.

דאָס איז געווען דער אָרט־פאָרשטעהער מיט זיין שרייבער. זיי האָבען זיך בעשטעלט צוויי גלעזער פון דעם פיינעם און אַנ־

געפאַנגען צו שמועסען פון זייערע אַנגעלעגענהייטען. און אַזוי ווי זיי האָבען גערעדט שטיל האָט טאָני צוגעשפּאַרט דעם אויער צו דער וואַנד, אום אונטערצוהערען זיך. דערווייל האָט ער פערגעסען אַז די אייער און טראַד! ער איז געלעגען אויף אַ גאַנצע פיינקוכען.

אויף זיין געשריי איז אַריינגעלאָפען די אַלטע. זי האָט פערשטאַנען דעם אומגליק, און גלייך אַרונטערגעשלעפּט די דעקע פון בעט. צוערשט איז זי געשטאַנען צוטומעלט, דער לשון האָט איהר פּשוט אָבגענומען, ווען זי האָט דערזעהן דעם געלען פּלאַסטער אויף דעם לייב פון איהר מאַן.

דאַן האָט זי זיך אַ וואָרף געטהאַן אויסער זיך אויף איהר מאַן דעם קריפּעל, און איהם אָנגעהויבען צו בעאַרבייטען אַזוי ווי זי וואָלט וועש געפּרייניגט. מיט אַ דומפּפען ליאַרעם זיינען געפאַלען איהרע קלעפּ איינער נאָך'ן אַנדערען איבער זיין לייב.

די דריי פריינד האָבען אַזוי געלאַכט, אַז זיי זיינען שיער ניט דערשטיקט געוואָרען, האָבען געהוסט, געניסט, און געקוויטשעט. און דער דיקער, דערשראָקענער מאַן, האָט זיך געוועהרט קעגען די קלעפּ פון זיין פרוי, געהיט די פּאַכווע מיט די אַנדערע פינף אייער.

---

.3

טאָני איז בעזיגט געוואָרען. ער האָט געמוזט די אייער בריהען, געמוזט זיין דאָמינע שפּיעל אויפגעבען, האָט זיך געהיט אַ ריהר צו טהאָן, וואָרים די אַלטע האָט איהם יעדעס מאָל ווען ער האָט אַן איי צובראָכען, קיין עסען ניט געגעבען.

ער איז געלעגען אויפ'ן רוקען געקוקט איבער דער דעקע, די אָרעמס פערריסען ווי אַ פּאָר פליגעל און געוואַרעמט די אייער. אפילו ריידען האָט ער גערעדט שטיל. אַזוי ווי יעדער גערויש

וואָלט פונקט אַזוי געפעהרליך געווען, ווי יעדע בעוועגונג. און נאָכאַנאַנד האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף דער געלער הוהן, וואָס האָט אין הינערשטאַהל געטהאָן דאָס זעלבע ווי ער.

ער האָט זיין פרוי געפרעגט:

— האָט די געלע דאָרט שוין עסען בעקומען? און די אַלטע איז געלאָפען פון דער הוהן צו איהר מאַן און פון איהר מאַן צו דער הוהן. און איהר מח איז תמיד פערנומען געווען מיט געדאַנקען וועגען די צוקינפטיגע קליינע הינדעלעך, וואָס וועלען געבוירען ווערען דאָרט אין שטאַהל און דאָ אין בעט.

די שכנים, וואָס האָבען פון דער געשיכטע געהערט, זיינען געקומען כסדר נאָכפרעגען זיך, וואָס עס הערט זיך, וואָס מאַכט טאָני.

שטיל אויף די שפּיץ פינגער זיינען זיי אריינגעקומען ווי צו אַ קראַנקען, און נייגעריג זיך נאָכגעפרעגט:

— נו, וואָס הערט זיך, עפּעס שוין דאָ?

טאָני האָט געענטפערט:

עס פּיקעט שוין דאָרט, אָבער אַ היץ אוה! איך ווער אַזש פערברענט.

און איינמאָל אין דער פריה לויפט אריין זיין וויב אויפגערעגט, און זאָגט:

— די געלע האָט זיעבען הינדעלעך, צוויי אייער זיינען צו־פוילט.

טאָני האָט דערפיהלט ווי זיין האַרץ האָט גענומען קלאַפּען.

וויפיעל שטיק וועט ער אויסבריהען?

ער האָט געפרעגט ווי אַ פרוי, וואָס דאַרף מוטער ווערען.

— וועט עס ביי מיר ריכטיג געהן?

די אַלטע האָט איהם געענטפערט מיט כעס:

— איך האָף אַזוי.

זיי האָבען גענומען וואַרטען.

און איינמאָל האָט מען אַנגעזאָגט די שכנים אַז עס קומט. און זיי זיינען זיך אַלע צוזאַמענגעלאָפען.

אַזיינער דריי איז טאָני איינגעשלאָפען. איצטער האָט ער כסדר געשלאָפען. פּלוצים האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט דערפיהלט אַ גראָבלען אונטער דער רעכטער פּאַכווע, ער האָט דאָרט אָנגעטאַפּט מיט דער לינקער האַנד, און האָט אַרויסגע־שלעפּט פון דאָרט אַ הינדעלע מיט געלען פּוך בעדעקט וואָס האָט זיך צווישען זיינע פינגער געצאַפּעלט.

ער איז געוואָרען אַזוי געריהרט פון דעם, אַז ער האָט גענומען הויך האָוקען ווי אַ הונד, און איינגעלאָזען דאָס קליין הינדעלע, וואָס איז איהם אַרויסגעקראָכען אויף דער ברוסט. דער שיינק איז פול געוועזען מיט מענשען, די טרינקער זיינען צוגעלאָפען צום בעט און זיך אַרומגעשטעלט אַרום איהם, ווי אַרום אַ קונצען־מאַכער. און ווען די אַלטע איז אויך צוגעלאָפען, האָט זי פאָרזיכטיג אַוועקגענומען דאָס הינדעלע, וועלכע איז פערקראָכען אונטער איהר מאַן'ס באָרד.

קיין מענש האָט ניט אַרויסגערעדט אַ וואָרט. דאָס איז גע־וועזען אין אַ וואַרימען אַפּריל טאָג. דורך דאָס פענסטער האָט מען געהערט פון דרויסען דעם קוואַקטשען פון דער געלער הוהן, וועלכע האָט דאָרטען צוזאַמענגערופען איהרע ניי־געבוירענע הינדעלאַך.

טאָני, וועלכער האָט פאַר גרויס אויפרעגונג געשוויצט, האָט אַרויסגעפּליסטערט:

— מיר גראָבעלט נאָך איינס אונטער דער לינקער פּאַכווע.

די אַלטע האָט אויסגעשטרעקט איהר גרויע מאָגערע האַנד אונטער דער דעקע, און אַרויסגעשלעפּט אַ צווייטע הינדעלע פאָר־זיכטיג ווי אַ הייבאַמע.

די שכנים האָבען דאָס געוואָלט זעהן. פון האַנד צו האַנד האָט מען דאָס איבערגעגעבען און האָבען עס אויפמערקזאַם בע־טראַכט, ווי דעם גרעסטען וואונדער.

אין פערלויף פון צוואנציג מינוט האָט זיך מעהר קיין הינדעלעך ניט בעוויזען. דערנאָך זיינען ארוים פיער מיט איין מאָל. א טומעל האָט עס ארויסגערופען צווישען אַלע וואָס זיינען דערביי געווען. טאָני האָט געשמייכעלט שטאָלץ און גליקליך פון זיין ערפאָלג, פון זיין מערקווירדיגער פּאַטערשאַפט. עטוואָס אזוינס האָט נאָך קיין מענש ניט בעוויזען. טייפעל, עס איז דאָך א וואונדער.

ער האָט זיך אָנגערופען:

— איצט זיינען זיי זעקס, מען וועט זיי דאַרפען אַלעמען פאַר איין קלאַפּ צום גלח נעהמען טויפען.

און דער עולם ארום איהם, האָט גענומען זיך קאַטשען פאַר געלעכטער. נייע שכנים זיינען זיך אָנגעלאָפען, מען האָט געהערט קולות פון הינטער דער טהיר:

— וויפיעל האָט ער?

— זעקס, זעקס שטיק.

די אַלטע האָט געבראַכט די נייע פאַמיליע צו דער הוהן, און דיא הוהן האָט גענומען קוואַקטשען גאַנץ פערצווייפעלט, אויפגע־בלאָזען די פעדערען, געעפענט ברייט די פליגעל אום די צוגעקו־מענע בעגריסען.

טאָני האָט אויסגעשריען: איך האָב נאָך איינע געקראָגען!

ער האָט א טעות געהאָט. ניט איינע נור דריי. איצט איז שוין זיין גדולה געווען גאָר גרויס. דאָס לעצט האָט דורכגעפּיקט זיין שאָלעכץ אָרום זיעבען אוהר פאַרנאַכט. אַלע אייער זיינען געווען גוט. און טאָני איז געווען גליקליך, שטאָלץ, האָט געקושט די צאָרטע הינדעלעך אויפ'ן רוקען, און האָט דאָס שיעור, שיעור אין גאַנצען ניט דערשטיקט מיט די ליפּען פאַר ליעבע.

דאָס לעצטע האָט ער געוואָלט אין בעט פערהאַלטען אויף מאָרגען. עפּעס א מוטערליכע ליעבע האָט איהם אַרומגעכאַפּט צו דער דאָזיגער קליינער הינדעלע, וואָס ער האָט איהר דאָס לעבען געגעבען. אָבער די אַלטע האָט עס אַוועקגענומען פון איהם, פיעל ער האָט זיך ביי איהר ניט געבעטען.

דער עולם איז זיך צוגאַנגען שטאַרק בעפריעדיגט. זיי אַלע האָבען געשמועסט פון דער דאָזיגער אונגעוועהנליכער געשיכטע, און הארסלאוויל. דער לעצטער וועלכער איז געבליבען, האָט זיך אָנגערופען:

— טאָני, אָבער דו וועסט מיך איינלאַדען ווען דו וועסט די ערשטע אָפּקאָכען, ניט אמת?

ביי דעם געדאַנק וועגען עסען, איז טאָני'ס פנים אין גאַנצען בעלויכטען געוואָרען, און דער דיקער חברה־מאַן האָט געענטפערט:

— נו אודאי, אודאי, שוויגערזוהן.

**ע נ ד ע.**